# BIKHER UN SHRAYBER

Hayim Lieberman





## ביכער פון חיים ליבערמאַן

דיכטער און וועלטן.

ערנסט טאָלער.

ליטעראַרישע סילועטן.

יודשין אָניל.

ביכער און שרייבער.

די אידישע דערציאונג אין אַמעריקע.

די אידישע רעליגיע אין דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג.

צו באַקומען ביי:

I. BIDERMAN, 176 Second Ave., New York, N. Y.
MAX N. MAISEL, 424 Grand St., New York, N. Y.
JANKOVITZ BOOK STORE,
181 E. Broadway, New York, N. Y.

# משה לייב האַלפּערן

משה לייב: דער קאָפּ גרוי, דאָס פּנים צונטער רויט; אונטער אַ דעק פון שניי — אַ מענטש אין פלאַמען. פייער אונטער אייז. שרפה און פראָסט.

אַזוי דער מענטש, אַזוי זיין ווערק: פיבער און קיל־קייט. היץ און וויץ.

משה לייב: דער גוף מאַסיוו, שטים און האַלטונג מילד; אין אַ ראָם פון קראַפט — אַ בילד פון ווייכקייט. לייב און לאַם. בער און רו. קלוי און מאַניקיר.

אַזוי דער מענטש, אַזוי זיין ווערק: צאָרן און געבעט. גיפט און ליבע. קללה און האָפענונג.

א.

זינגט משה לייב:

בין איך נישט באַם קלאָרן זין,
ווייס איך מער נישט וואו איך בין.
דרייט זיך וועלט מיט פעלד און שטאָט
אין אַ פייער־רויטן ראָד.
וואַקסט אַרויס אַ טשאָלנט־טאָפּ,
קריכט פון דאָרט אַרויס אַ קאָפּ.
זעט ער אויס מיט באָרד און האָר,
עלטער שוין פון טויזנט יאָר.
וואַקסט אַ מויז פון דיל אַרויס,
ווערט זי ווי אַן עלפאַנט גרויס.
גריזשעט זי די באָרד פון קאָפּ,
און זי שלינגט די האָר אַראָפּ.
נעמט באַם האַנט מיך עמיץ אָן,
גיט צו טראָגן מיר אַ פאָן.
קוקט דער טאַטע פונם בוים,
זידט אַרום זיין מויל אַ שוים.
רופט ער מיט אַן אויג און ווינקט,
הער איך ווי אַ פושקע קלינגט.
ציט זיך אַ לויה־גאַנג,
איז ער טויזנט מיילן לאַנג.
קלינגען פושקע־קלאַנג און טריט,
טויזנט יאָריק אַלט און מיד.
דוכט זיך מיר, אַז עמיץ זיצט
אין אַ טלית, בלוט־באַשפריצט,
אין דער מיטה, און ער ברענט
מיט אַ תורה אין די הענט.
וויגט ער זיך אַהין, אַהער,
פרעג איך, ווער דאָס איז און ווער!
דוכט זיך מיר, אַז איך אַליין
זיץ אין מיטה און איך וויין.

ב.

משה ליב איז א דיכטער פון מאָדנע בילדער. עס איז ניט נויטיק צו גיין ווייט אין זיין ווערק כדי איינצוזען, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן אייגנאַרטיקער מענטאַליטעט. זיין אויג איז אַ גאַנץ ניט־געוויינלאַך פּאָעטיש אויג. מאָדנע זעאונגען, מאָדנע מענטשן, מאָדנע פייגל פילן אָן זיינע בלעטער: קאָמישע פּופּן, קרומע מאַסקעס, טראַגי־גראָטעסקע פיגורן. אין זיינע לידער וועט איר זען ווי עס „קומט צוגיין אַ פויגל מיט אַ קוליע אונטערן פליגל", ווי אַ מענטש האָט „חזיר־וואורשטלאַך צום פּנים זיינעם צוגעקלעפּט פאַר ליפּן", אָדער די זון ווערט גאָר פלוצלינג ניט מער ווי „גאָט'ס גאָל־דענער הינטן". און ווי עס זיינען מאָדנע און ביזאַר זיינע בילדער, אַזוי זיינען ביזאַר און מאָדנע די שייכות'ן צווישן זיי. אַ שטיקל ברויט און אַ שטיקל קעז נעמען זיך פאַר די הענט און טאַנצן און רעווען די מאַרסעליעזע, אָדער, דער שמע ישראל און דאָס חזיר־פליישׂ, איניינעם מיט דער שמונה עשרה, מאַכן אַ געוואַלט, מען זאָל אַ לייטער ברענגען". לידער — אמת'ע קאַמערן פון קוריאָזן, אַ טעאַטער, וואו מיר דערקענען נאָך קוים עפּעס פון אונזער באַקאַנטער וועלט. מען קען זיי רופן וואונדער־לידער, אַזוי ווי מען רעדט פון וואונדער־מעשיות. זיי שטאַמען פון אַן עקזאָטישן מיטאָס, וואָס איז, אַף זיין אופן, דער אייגענער מיטאָס, פון וועלכן קינדערשע צויבער־מעשיות זיינען געמאַכט. דאָס נאָענטסטע אין דער קונסט־וועלט צו אַזאַ מין פאַנ־טאַסטיק זיינען, אין אונזער צייט, די בילדער פון שאַגאַל און זיינע שכנישע שולן, און נאָך מער די קאָמישע קאַרטונס פון דעם פילם, די „משוגענע סימפאָניעס" מיט זייערע מאָדנע העלדן און געשעענישן. ווי אין די קינדערשע וואונדער־מעשיות און אין די פילם־קאַרטונס, אַזוי זיינען אויך אין משה ליב'ס לידער אַלע געזעצן פון דער נאַטור אָפּגעשאַפט. עס הערשט דאָ ניט קיין געזעץ פון גראַווי־טאַציע און קיין ווידערשטאַנד פון מאַטעריע. יעדער שכל איז

דאָ בטל און דער לאָגישער געדאַנק האָט דאָ קיין חלק ניט. משה לייב'ס לידער וואָלטן כמעט אַלע געווען גוטע טעמעס פאַר אַזעלכע פאַנטאַזיעס פון עקראַן.

און אַרום אָט דעם מאָמענט אַנטשיידט זיך דער הויפּט־ווערט פון משה לייב'ס דיכטונג. משה לייב איז ניט קיין געוויינלאַכער דיכטער, ער איז אַן אַ נ ד ע ר ע ר. ער איז אַ דיכטער פון אַנדערע עלעמענטן. זיין וועלט האָט איר אייגענע סטרוקטור און אייגענע עסטעטיק. פון דער געוויינלאַכער פּאָעטיק נעמט ער ניט קיין נאָרם, ניט קיין געזעץ. ער האָט זיין פאָרם אין זיך אַליין. און וועגן קיין אַנדער דיכטער אין אונזער גאַנצער ליטעראַטור איז דעריבער ניט מעגלאַך אַזוי ווי וועגן אים צו זאָגן, אַז ער איז אָדער אַ גאַנץ קנאַפּער דיכטער אָדער גאָר אַ גרויסער דיכטער.

משה לייב איז אַ קנאַפּער דיכטער פאַר אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן קיין כח ניט אַרויסצוטרעטן פון אויס־געטראָטענע קאָלייען, אָבער ער איז אַ גאָר גרויסער דיכטער פאַר יענע, וואָס האָבן דעם מוט נאָכצוגיין און נאָכצופליען אַן אָריגינעלע און געוואַגטע פאַנטאַזיע. און משה לייב'ס פאַנטאַזיע איז זייער אָריגינעל און זייער געוואַגט. עס איז אַ פאַנטאַזיע, וואָס לויפט אין זיגזאַגן, ספּיראַלן, קאַפּריזן, צוקן, ספּאַזמען. מען קען מיט משה לייבן קיינמאָל ניט קלוג זיין און וויסן אָדער אַנען וואוהין ער וועט אייך פאַר־פירן. ער ווייסט אַליין ניט, ווען ער הויבט אָן, וואו ער וועט ענדיקן. אַ היראָגליפישע פאַנטאַזיע. עס איז ניט קיין פאַנטאַזיע — עס איז אַ פאַנטאַסמאַגאָריע. זיין פאַנטאַזיע איז אַ באַשעפעניש מיט הונדערט פליגל און יעדער פליגל פליט אין אַן אַנדער זייט. ניטאָ פאַר זיין דיכטערישן אויג קיין אויבן און קיין אונטן, קיין פריער און קיין נאָכדעם, קיין נעכטן און קיין היינט. משה לייב איז אַ דיכטער פון נישט־געשטויגן, נישט געפלויגן, אַ מיסטיקער, וואָס פאָכעט אייביק מיט מאַסקן אַרום זיין געזיכט. פון דער שטרענגער מאַטעמאַטיק פון דער וועלט ווערן באַ אים ווילד־צעפלאָנ־

טערטע שפּילערייען, אַ ווילד געיעג פון פּאַראַדאָקסן. יעדער בילד, ווי נאָר עס צערייסט דאָס ערשטע שפּראַכלאַבע הייטל, האָט שוין זיין צווילינג, דעם אייגענעם היפּך, נעבן זיך, און זיי שפּרינגען אַלע אין אַ שרייאיקן פאַרביקן קאַראַהאָד. אָט זיינען זיינע לידער עפּעס אַזאַ פּראָצעסיע מיט ברייטע פאָנען, פול מיט מיסטישער, ראָמאַנטישער, כאַאָטישער קאָלאָריסטיק; אָט זיינען זיי אַ משוגענער גאַלאָפּ פון וויזיעס, צעפּוזשעטע פונקען פון אַ קאָוואַדלע, פליענדיקע שטערן פון צעשאָטענע ראַקעטן; און אָט זיינען זיי אַ וויסט שדים־געיעג, מיט אַ קנאַלן פון בייטשן, מיט אַ געקלאַפּערייי אָף טאַצן, גלייך ווי ניט־גוטע וואָלטן געגעבן קאָנצערט אָף בלעכענע כלים. אַלץ שלאָגט דאָ בלינד און ווילד, ביז די סטאַטישע וועלט צעוויגט זיך ווי פאַר אַ שכור'ן אויג, און יעדע מאַטעריע לייזט זיך אויף, אַלע פאָרמען פאַרשווינדן, און עס ווערט אַ וועלט אָן פּלאַן, אָן יסוד, אָן צוועק, אַ מיסט־באַרג פון כאַאָס, אַ פּוריע פון דעמאָנען.

עס איז אַ פאַנטאַסטיק ניט פון דעם אָרדנענדיקן גאָט. נאָר פון דעם צעשטערערישן טייוול. משה ליב איז אַ דיכ־טער פון טייוולס גענאָד.

נאָר גאָטס חסד איז אויך ניט אָפּגעטאָן פון אים. זיינע לידער זיינען אָפט נאָר אַ תוהו ובוהו פון בילדער: וואָס בינדט די בילדער צוזאַמען? וואָס צאַמט זיי צו איין ליד? וואָס קלעפּט זיי צונויף זיי זאָלן זיך ניט פאַנאַנדערשיטן אין אַלע זייטן ווי טרוקענע אַרבעס?

עס איז פאַראַן אַ געהיימער עפּעס, וואָס נעמט זיי אַרום, ווי רייפן אַ פאַס. לויט עפּעס אַ געהיימען געזעץ שטעלט זיך אויס בילד נאָך בילד, טייל פּאַסט זיך אַריין אין טייל און אַלץ אָרדנט זיך אין אַ גאַנצקייט. משה לייב'ס לידער ווערן געטראָגן פון אַ מין העכערער איינהייט. זיי פאַרמאָגן עפּעס אַן אויבערשטן זין. אָפטמאָל זיינען זיי אמת'ע אַוואַנטורעס פון געדאַנק, וואו יעדע שורה פאַרפּלאָנטערט

מער, און עס דוכט זיך, עס פעלט זיי אַ צענטער פון גראַ־וויטאַציע. אָבער מעג זייער פאַנטאַסטיק זיין ווי טונקל געפלאָכטן — עפּעס אַ ניכטערן אויג קוקט הינטער דעם אַלעם; מעג זיין ליד זיך טראָגן אין ווילדסטן ווירוואַר פון אוממעגלאַכקייטן — מען גלויבט אַלץ, וואָס דאָ געשעט. דאָס איז דער טיפסטער סוד אין משה לייב'ס דיכטונג און איר פּיקאַנטסטער טעם. און דאָס איז — גאָט'ס חלק אין איר.

מיט אַזאַ צעשרויפטער און צעשויבערטער פאַנטאַזיע, האָט משה לייב פאַרשאָטן דעם צוגאַנג צו זיך פאַר אַ סך'ן. ער איז אַ טונקעלער דיכטער, שווער צו עפענען. אָבער גראָד מיט דער דאָזיקער פאַנטאַזיע ברענגט ער די ערשטע געגאַד, וואָס אַן אמת'ער דיכטער דאַרף שענקען: אַן אַנדער וועלט, אַן אייגענע, אַ פון־קיינעם־נאָך־ניט געזעענע, אַ ביז־אים־נאָך־ניט געוועזענע. משה לייב איז אַן — איינמאָליקייט.

ג.

אָט די קאָמפּליצירטע פאַנטאַסטיק משה לייב'ס איז בײַ אים ניטאָ אין די ערשטע צייטן פון זיין דיכטן. כמעט דאָס גאַנצע ערשטע בוך זיינס, „אין ניו יאָרק", איז נאָך געשריבן אין גוטער, פּאָעטישער טראַדיציע. דאָ הייסט עס נאָך: „ווי אַ שיינער זומער־פויגל צווישן בלומען פרישע, רויטע, פלעגט אַרומשוועבן זיין נשמה צווישן ספרים־בלעטער טויטע". אַ גוטע, פרומע, ראָזענפעלדישע שורה. שפּעטער אָבער קומט דער שאַרפער איבערבראָך, און אין זיין צווייטן בוך, „די גאָלדענע פּאַווע", איז שוין זיין פאַנטאַסטיק צע־בליט ווי עפּעס אַן עקזאָטישער גאָרטן. ער טרעט אַריין אין אַזאַ מאָדנער וועלט, וואָס ער באַשרייבט ריכטיק, ווען ער זאָגט: „בין איך ניט באַם קלאָרן זין, ווייס איך מער ניט וואו איך בין".

די סיבה פון דעם איבערבראָך ליגט אין די לידער גופא.

פול מיט בלוטיקער טראַגיק איז משה לייב'ס געזאַנג פון אַנהויב אָן. נאָר ס'איז ניט די טראַגיק פון יונגע שמערצן, פון פריען טרויער, וואָס זיינען נאַטירלאַך פאַר אַן אויפ־גייענדיקן דיכטער־גייסט. עס איז ניט די טראַגיק, וואָס וואַקסט בכלל פון יונגן לייב און זעל אַרויס, נאָר אַזאַ וואָס איז פון דרויסן אַרויפגעלייגט געוואָרן אַף דער קינדערשער נשמה. משה לייב'ס ערשטע דיכטונג באַזינגט, אָדער ריכ־טיקער — באַוויינט די ליידן פון אָרעמקייט, די פרייד־לאָזיקייט, די ניט־געשטילטע בענקשאַפטן פון אַ אידישן קינד אין אַמאַליקן אידישן שטעטל, דאָס פיינלאַכע געפיל פון קריוודע קעגן דעם שגיון, וואָס האָט אַלץ, און דעם ברענענדיקן צער פאַר זיך, דעם אידישן אינגל, וואָס האָט גאָרנישט. אַזאַ געוויין איז ניט קיין נאָווינע פאַר אידישע דיכטער. נאָר עס זיינען פאַראַן אַלערליי געוויינען, אַזוי ווי עס זיינען דאָ אַלערליי שוואַרצן און אַלערליי ווייסן. עס איז פאַראַן דאָס ווייס פון חופה־שלייער און דאָס ווייס פון תכריכים; דאָס שוואַרץ פון יום־טוב און דאָס שוואַרץ פון טרויער. און עס איז דאָ דאָס געוויין פון רעגן אין פרילינג און דאָס געוויין פון רעגן אין האַרבסט, און דאָס שרעקלאַכסטע פון אַלע געוויינען — דאָס געוויין פון דער שטומער חיה. אין משה לייב'ס פריער דיכטונג וויינט דאָס געוויין פון דער חיה, וואָס גייט אויס, שטיל, אין צער. אַ צער'פולע שטיל־קייט ליגט אויסגעשפרייט אַרום זיינע לידער פון דעם קליינעם שטעטל, אַ שטילקייט שטילער נאָך ווי דאָס קליינע אַלטעגלאַכע לעבן אַליין. אונטער דער שטילקייט פון משה לייב'ס פריע לידער ליגט אַ געפיל פון פאַרשטויסנקייט, פאַר־דרענגונג, האָפנונגסלאָזיקייט און אַנטזאַגונג. אפילו פון מינדערווערטיקייט. אַ טיפער, מעלאַנכאָליש־רעזיגנירטער טרויער. אַן אַנדער טרויער און אַ טיפערער ווי בא אַנדערע אידישע דיכטער. דאָס איז מיט די לידער וואָס באַזינגען זיינע איבערלעבונגען אין דער אַלטער היים. דאָס אייגענע אויך מיט די לידער פון אויסוואַנדערונג אין דער נייער

וועלט. די אוראַלטע קלאָג פון דעם היימלאָזן הערט זיך אין די דאָזיקע לידער, אַ קלאָג און מאַכט, און הילף, און האָפנונג. זיי זיינען פול מיטן טראַגיזם פון אויסגעריסנקייט, אויס־געוואָרצלטקייט, לײדיקייט, מיט די גײסטיקע קאַטאַסטראָפן, וואָס קומען פון קלימאַט־וועקסל, מיטן שליים פון אָרעמקייט, וואָס פאַרפּאַפּט דאָס מויל און דערשטיקט. זיי זיינען אָנגע־טרונקען מיטן טאָן פון אַ גרוייזאַמען אונטערגאַנג. אַלע האָפנונגען אויסגעלאָשן, אַלע ליידנשאַפטן פאַרהאַלטן, איינ־געשראָקן ווי לעמער אין אַ שטורעם, און דעם מוט אפילו צו פאַרלאַנגען. אַ פּרימיטיווע עראָטישע גליקזעליקייט איז דער איינציקער אויסגאַנג וואו זיינע געצאַמטע ענערגיעס ברויזן זיך אויס. „ווען אַ לייב זאָל דאָ פאַרבלאָנדזשען — זינגט משה לייב אין יענער צייט — וואָלט ער וואַנזיניק געוואָרן. וואָלט ער זיך אליין צעריסן".

פון אַזאַ פּונקט וואוהין גייט דער וועג ווייטער?

באַ טויזנט דיכטער אין אַזעלכע אומשטענדן וואָלט דאָס פּראָבלעם געלייזט געוואָרן אַף טויזנטערליי אופנים. משה לייב האָט געפונען און אויסגאַנג אַף זיין אייגענעם שטייגער. געוועזן אין זיין האַרץ פון אָנהויב אַן אַ דינע, פאַרבאָרגענע, אונטערערדישע רינע. אפילו אין זיינע ערשטע לידער, אין די אַנמאַכטיק דערשלאָגענע, שפּירט זיך וואו ניט וואו אַן איראָניע, אַ קרענקלאַכער שמייכל, אַ צוק פון אַ גרימאַסע. שוין דעמאָלט קען ער זאָגן, אַז „ווייל אים דוכט זיך מען האָט דעם לעצטן האָן דערוואָרגן, צעקרייט ער זיך אליין און זאָגט צו זיך אליין גוט מאָרגן". און ווען עס איז געקומען די צייט פון עקסטער פאַרצווייפלונג, איז געשען דער איבערבראָך, די זעלן־איבערקערעניש אַזוי:

די גאַנצע געצאַמטע דיכטערישע ענערגיע האָט זיך אַריינגעגאָסן אין יענער אונטערערדישער רינע, און די רינע איז אויפגעשוואָלן אין אַ מעכטיקן שטראָם פון איראָניע, פון גאַליקער ביטערקייט. און די גאַל האָט פאַרגאָסן זיין מאָרך און פאַרפלייצט זיין פאַנטאַזיע און זי צעדרייט אין אַ קרומען

און ביטערן שפּיגל, וואו די וועלט האָט פאַרלוירן איר נאָר־
מאַלע געשטאַלט און איז פאַר אים געוואָרן אַף אייביק אַ
צעדרייטע און צעקרימטע מאַסקע.

אַ גרויסע ענדערונג קומט דאָ פאָר בא משה לייבן אין
זיין ליד. עס פאַרשווינדט די פריערדיקע שטילע שטים און
עס הויבט זיך אויף זיין אַגרעסיווער טאָן. די פריערדיקע
הילפלאָזיקייט גייט אַריבער אין שפאָט און די אַמאָליקע
געפאַלנקייט אין אַ גאוה. די נייגונג צו סאַרקאַזם און
גרימאַסע, וואָס זיינען פריער געווען נאָר בייגעווירצן פון זיין
ליד, ווערן איצט אירע הויפּט־אייגנשאַפטן: ער קען מיט
דער וועלט גאָרנישט מאַכן, אָבער ער קען פון איר חוזק
מאַכן. ער זוכט אַנטרינונג אין אַ דראַנג צו פאַרניכטונג.
זיין ליד ווערט מיט אַ צאָרן דורכגעאָטעמט, און אין פלוך־
לידער מיט שניידנדיקער ריטמיק שילט ער די וועלט, וואָס
האָט אים פאַרשאָלטן.

משה לייב טרעט אַריין אין אַ מין דיכטערישער
משוגעת, אַ זעלבסטשוץ פאַר זיך, אַ נקמה אין אַנדערע. זיין
כלי־זין ווערט — גיפטיקע פיילן פון אומגעריכטע און ביי־
סיקע איינפאַלן, שאַרפזיניקע פרעכקייטן, וואָס זיינען קלוג
מיט עפּעס אַזאַ מאָדנער צעדרייטער חכמה. מיט טייפלשן
סאַדיזם נעמט ער זיך צו צעקרימען דאָס געזיכט פון דער
וועלט, מיט ביטערן הומאָר דערנידעריקן זי און מיט בייסי־
קער איראָניע צו צעזעצן איר פּסיכאָלאָגיע. און זיין גרעס־
טער וואונטש ווערט, אַז „עקלען זאָל פון זיינע רייד ווי פון
אַ טויטער קאַץ אין מיסט, און וואו ער שטעלט אַ פוס אוועק,
זאָל יענער אָרט פאַרבלייבן וויסט". און אָט די ביטערקייט,
אָט דער רציחה'דיקער האַס מאַכן עס צום ערשטן מאָל זיין
גאַנצע אינערלאַכקייט, זיין אמת'ע קראַפט און מייסטער־
שאַפט אויפצוקלינגען. און אונטער אָט דעם האַס בליט זיך
עס פאַנאַנדער זיין אַנאַרכישע, ניהיליסטישע פאַנטאַסטיק,
מיט אַלע אירע ביזאַרע, אומהיימלאַכע, אָפּטמאָל אָפּשיילאַכע
פאָרמען.

## ד.

אויב משה לייב׳ס ליד האָט נאָך ביז דאַנען געשטרעבט צו אַ זינגעוודיקן ליריזם, פאַרלירט עס אים איצט און דעם פּלאַץ פאַרנעמט אַ האַרטע סאַטירע, אַ שווער־איראָנישער ערנסט. זיין גאַנצער געזאַנג ווערט איין גרויסע בייסיקע פּאַראָדיע אַף דעם מענטשן און אַף דער געזעלשאַפט, איין שטיק פּאַטעטישער חוזק. נאָר זיין חוזק־ליד איז אייגנאַרטיק. עס אַרבעט ניט ווי אַ חלף, נאָר ווי אַ כעמישער שטאָף. עס שניידט ניט, נאָר עס לאָזט אַרויס אַזאַ גיפטיקן אָטעם, וואָס דעקאָמפּאָנירט די פּסיכאָלאָגיע פון דער וועלט. אַ טויטלאַכע גאַז הויבט זיך אָפּ פון זיינע שורות, און לייזט אויף די מאַ־טעריע פון דער געזעלשאַפט. יעדער בילד זיינס איז אַ קאַפּ־סול, צונויפגעשטעלט פון אַביסעלע כשוף און אַביסעלע גיפט, און דער כשוף איז נאָך געפערלאַכער ווי דער גיפט. מיט זיין כח קען משה לייב נעמען אַ געזיכט, וואָס איז, דאַכט זיך, שיין און מאַכן דערפון טויזנט מיאוס׳ע געזיכטער.

דעם גאַזיק־גיפטיקן עפעקט פון זיין ליד דערגרייכט משה לייב דורך אַ געוויסער מאַניר, וואָס איז, אייגנטלאַך, אַ העלפט פון זיין סטיל. ווען איז סאַטירע שאַרף און גלאַנציק ווי אַ חלף? ווען דער קינסטלער גיט אונז נאָר דעם געענ־דיקטן פּראָדוקט, און וואַרפט אַרויס דעם פּראָצעס, דורך וועלכן ער דערגרייכט אים. אָבער משה לייב באַהאַלט גאָר־נישט און פאַרשטעלט גאָרנישט. דער יויר־פּראָצעס פון דער ליידנשאַפט קומט באַ אים פאָר ניט אויסער דעם ווערק, נאָר אין דעם ווערק גופא. משה לייב שילדערט ניט די איידעלע זאַמשענע הענטשקע, וואָס שמעקט אַף דער פאַר־פומירטער האַנט פון דער דאַמע, נאָר ער הויבט אָן מיטן שינדן די פעל פון דעם ציגעלע אין יאַטקע און פירט דורך דעם גאַנצן וועג דורך דער גאַרבעריי אַף די הינטער־הויפן. און צו דער הענטשקע מיט דעם דאַמען־האַנט דערגייט ער דאָס רוב אינגאַנצן ניט. דאָס אומריינע און טריבע פון

אונזער לעבן קאַכט משה לייב אין דער פּייערפּאַן פון זיין דיכטונג, און מיט אַזאַ סאַטאַנישער גרויזאַמקייט, אַז עס שמעקט אין זיינע לידער מיט ברענענדיקן מענטשן פלייש.

ה.

צו ווילן אין משה לייב'ס לידער איז, דעריבער, גלייך ווי צו וואוינען אין אַ הויז פון נאָדלען. אַ שורה — אַ שפּיז, אַ קער — אַ שטאָך. זיין שיינקייט איז ניט די גלאַטע שיינקייט, די גראַציעז־מאָדולירטע, די איידל־נואַנסירטע, נאָר די געבראָכענע, די קאַנטיקע, די עקיק־שפּיציקע. אַ שטע־כיקע פּלאַסטיק, וואָס גלעט ניט נאָר רייסט, באַרואיקט ניט, נאָר רייצט, שטילט ניט ווי אַ קילע האַנט איבער אַ פיבער־דיקן שטערן, נאָר שניידט ווי די רוט פון דערוויש, וואָס פּייניקט זיך אין היילקייט. עס איז די געבראָכענע שיינ־קייט פון קאַריקאַטור. משה לייב איז אין טיפסטן תוך ניט שיינזינגער, נאָר קאַריקאַטוריסט.

משה לייב באַזינגט ניט די וועלט, ער קאַריקירט זי. ער מאָלט ניט איר שיינקייט, נאָר איר מיאוס'קייט. אָבער ליב האָבן דאָס שיינע און פיינט האָבן דאָס מיאוס'ע איז די אייגענע זאַך. און משה לייב זינגט אויס זיין בענקשאַפט צום שיינעם דורך זיין שנאה צום מיאוס'ן. ער איז פּאָעט פון דער וועלט אַף דער לינקער זייט. ער איז פּאָעט פון דער קאַריקאַטור אין וואָרט.

און די קאַריקאַטור האָט אַן אייגענעם מיסטישן געזעץ. זי ווערט געבוירן פון דעם היפּך פון שיין, דאָך סוגעסטירט זי שטענדיק ניט איר היפּך — דאָס גראָדיק שיינע, נאָר דאָס גוטע. דאָס שיינע אין קונסט סוגעסטירט ניט דוקא דאָס גוטע, דאָס שיינע איז אַליין פאַר זיך גוטס, אָבער דאָס מיאוסע וועקט דאָס עטישע. עס צייכנט דער קאַרטוניסט אַ מענטשן אַ גראָב־בייכיקן, נאָר דער וואָס קוקט אַפן בילד טראַכט ניט וועגן דער שיינקייט פון דעם נאָרמאַלן בויך, נאָר וועגן גראָבקייט און מאַטעריאַליזם. אַזוי איז די נאַטור פון דער קאַריקאַטור.

און פון דאַנען נעמט זיך, וואָס משה לייב'ס דיכטונג האָט, איבער און אַרום איר עסטעטישן אָדער אַנטי־עסטעטישן עפעקט, אַן עטישע ווירקונג. ניט פון שיין און מיאוס טראַכט זיך דער'עיקר נאָך משה לייב'ס אַ ליד, נאָר פון גוט און שלעכט, פון איידל און פּראָסט, פון רעכט און אומרעכט. משה לייב ווערט אָנגערעגט צו דיכטונג ניט פון אַ דערשיינונג נאָר פון אַ מאָטיוו, ניט פון אָנשוילאַכקייט נאָר פון באַדייטונג. זיין גאַנצע וועלט איז האַלב געזען, האַלב אויסגעטראַכט, אויסגעטראַכט לויט אַן עטישן ווילן. און צו יענעם געהיימען עפּעס, וואָס האַלט די בילדער פון זיין צעשויבערטער פאַנטאַזיע צוזאַמען פון פאַנאַנדערפאַלן, געהער אָט דער עטישער ווילן, וואָס הויערט איבער זיי. אין דעם מאָראַלישן אונטערבאַוואוסטזיין פון דעם ליד ווערט דער־גרייכט דאָס צוזאַמענשליסן פון די צעוואָרפענע ליניעס.

און דאָ איז דער פּונקט, וואו עס לויפן זיך צוזאַמען צוויי שטראָמען אין משה לייב'ס דיכטונג: מענטשנהאַס און מענטשנליבע, ציניזם און פרומקייט, זינד און מאָראַל, דער דראַנג צו צעשטערן און די בענקשאַפט צו בויען, דער סאַטאַנישער און דער געטלאַכער פּרינציפּ. מיט זיין גאַנצן ביטערן סאַרקאַזם איז משה לייב אויך אַ בעל־רחמנות. מיט זיין גאַנצער טויטלאַכער גיפטיקייט איז ער דער'עיקר אויסן צו היילן די וועלט, זי לייטערן, זי רעוואָלוציאָניזירן צו יושר און גערעכטיקייט. אַמאָל נעמט איין פּרינציפּ די אויבערהאַנט, אַמאָל דער צווייטער, אָבער זעלטן באַפרייט ער זיך אינגאַנצן פון דעם אָדער פון דעם אַנדערן.

און אַזוי אַרום געפינען מיר משה לייבן, דעם גאָט־און מענטשן־האַסער, אויך צווישן די „בני־הנביאים", צווישן די עטיש־רעוואָלוציאָנערע דיכטער. נאָר דער דאָזיקער דואַליזם זיינער לייגט אַוועק אַ טיפן אונטערשייד צווישן משה לייבן און אַנדערע דיכטער פון דעם זשאַנר. יענע האָבן פיינט די אונטערדריקער, ער האָט פיינט די אונטערדריקטע אויך — פאַר זיין אונטערדריקט. יענע האָבן פיינט די געהויבענע,

ער האָט פיינט די געפאַלענע אויך — פאַר זייער געפאַלנ־קייט. ער ווייס: דער טיראַן מאַכט דעם שקלאַף, נאָר דער שקלאַף מאַכט אויך דעם טיראַן. און דעריבער האַסט ער אַלץ איניינעם — יאָך, אונטעריאָכער און אונטעריאָכטן. „קנעכטישע בלוטן!" — שרייט ער אַף דער מענטשן־האָרדע וואָס לאָזט זיך אויספּרעסן פון מאַשין און שטיין — „טויט דיר צווישן שטיין און אייזן! — בלויז אַף דיר אַ שפּיי צו טאָן זאָל דער נביא זיך באַווייזן". ער וויל אַ נביא, נאָר דער נביא זאָל שפּייען. און שפּייען ווילט זיך אים אויך אַפן כאַם, וואָס „פאַרקויפט דעם פאַן אַ טאָג מיט פּראַצע אַפן פעלד, דאָס ביסל געלט פאַרזשלאָקעט ער אין שענק, און ווייל מ'האָט אים ניט געלאָזט גנב'ענען אַ ברויט, איז ער אַוועק אַהיים און האָט דאָס ווייב געשלאָגן". דאָ איז פאַראַן אי מיטלייד אי רוגזה. מיטלייד מיטן אָרעמען פויער וואָס ער מוז נעבאַך פאַרקויפן זיין פּראַצע דעם אויסבייטער, און רוגזה אַף אים וואָס ער איז — אַ כאַם. אונטער דעם עטישן אידעאַל ליגט דאָ אויך פאַראַכטונג צום מענטשן. און אויב ער ווייטיקט אַזוי איבער די ליידן פון די מענטשן, איז עס ניט דערפאַר וואָס ער האָט אַזוי ליב דעם אונטערדריקטן, ווי דערפאַר וואָס ער האָט נאָך פיינטער דעם אונטערדריקער. אַזאַ טאָן איז זעלטן אין דער געראַכטיקייט־און־פרייהייט־פּאָעזיע. משה לייב שטעלט פאַר מיט זיך דעם זעלטענעם עקזעמפּלאַר פון אַ דיכטער, וואָס איז עטיש אָן מענטשנ־ליבע. ער האָט דעם מענטשן ליב מיט עפּעס אַ ליבלאָזיקייט אין זיין ליבע. עס וועט זיין ריכטיקער צו זאָגן, אַז ער האָט ליב די מענטשהייט, אָבער ער האָט פיינט די מענטשן. אין תוך, הייסט עס, איז משה לייב מיזאַנטראָפּיש. אויסער די פּאָר פרויען־פּנים'ער אין זיינע ליבע־לידער מאָלט ער אין ערגעץ ניט דאָס מענטשלאַכע געזיכט שיין און ליב. עס קען ניט שיין און ליב זיין דער מענטש — דער, וואָס לאָזט זיך צעקרימען פון אַ קרומער סיסטעם. הויקערדיק און לאָם, קליין און ווידערוויליק, נאַריש און אומליב איז די מענטש־

לאכע געשטאַלט בא משה לייבן. ער נעמט ניט אָן גאָטס ענלאכקייט פון דעם מענטשן. פאַר אים איז „דער מענטש, — די אָף". ניטאָ בא אים קיין צאַרטקייט, קיין סענטימענ־טאַליטעט, קיין גוטסקייט צום מענטשן, קיין צוגעלאָזנקייט און צוגעטאָנענקייט. אין זיינע וואַרימסטע מאָמענטן איז דאָ עפּעס אַ ווייטער, אַוועקשטויסנדיקער שטאָלץ וואָס פאַר־טראָגט ניט קיין נאָענטקייט. אפילו אין זיינע שטאַרקסטע אויסגעזאָגנגען נאָך יושר און גערעכטיקייט איז ניטאָ דער טעם פון עכטער ליבע. קיינמאָל האָט אַ דיכטער מיט אַזוי ווייניק מענטשנליבע אַזוי געוואַלטיק פאַר דעם מענטשן געזונגען. און זיין בענקשאַפט און געשריי נאָך אַן עטישער וועלט שטאַמט בא אים מער פון אַן עסטעטישער באַדער־פעניש, פון אַ בענקשאַפט נאָך גלייכגעוויכט און רו פון לעבן, איידער פון דעם פאַטאָס פון מענטשלאכע ליידן.

זיין ליבלאָזיקייט און עטישקייט פלעכטן זיך אָפט צוזאַמען אין דעם זעלבן ליד, אין דער זעלבער שורה. פאַנ־טאַזירנדיק ווי אַזוי זיין זונעלע וועט פאַר יעדן פויער אָפּ־גראַבלען אַ שטיקל פון דער זון און אים ליכטיק מאַכן, טרייסט ער, אַז דעמאָלט „וועט שוין קיינער ניט דאַרפן שלאָפן באַנאַכט אין שטיבלאַך אָף ריגלען פאַרמאַכט, ווייל די גוי'אימלאַך וועלן פאַר זיך אַליין זיך שרעקן שוין אָף רויב צו גיין". דאָס איז משה לייב'ס עטיק און דאָס איז דער טעם פון זיין מענטשנליבע: זאָל יעדערער קריגן אַ שטיקל זון, כדי ער זאָל אויפהערן אַ רויבער צו זיין. דער מענטש, הייסט עס, איז אַ מיאוסע בריאה; זאָל דערפאַר אומבאַדינגט די אָרדענונג גערעכט געמאַכט ווערן. משה לייב איז רעוואָלוציאָנער אויס מענטשן־פאַראַכטונג. דער־פאַר איז זיין מענטשלאַכע סימפּאַטיע ניט היים. דורך זיין רחמנות ווייעט אַ קילקייט. דאָס האַרץ ליגט בא אים אין קאָפּ. ער באַנעמט מענטשלאַכע ליידן מער מיט דעם געדאַנק ווי מיטן געפיל. משה לייב איז אַ דיכטער ניט פון מידת הרחמים נאָר פון מידת הדין.

דערהאבענער פון אַלץ קלינגט משה לייב׳ס ליד דאָרטן וואו זיין האַס רייניקט זיך פון זיין געמיינערן אינהאַלט און גייט אַריבער אין נאָבעלן צאָרן. אַ ליד פון אומגעלייטערטן האַס איז אַ ליד ווי „מיין זיידע״ אָדער „ווי אַזוי מען מאַרטשעט באַנונץ אין אַמעריקע״. פּראָסטער האַס איז אַ שלעכטער קאָנסערוויר מיטל. ווי פריש די דאָזיקע לידער זיינען ניט געווען ווען זיי זיינען געשריבן געוואָרן, — היינט שמעקן זיי ווי אַ צימער, אין וועלכן מ׳האָט שוין לאַנג ניט געוואוינט. זיי זיינען צוגעבונדן צו צייט און צוגע־קניפּט צו אָרט. לידער פון דעם אַנדערן מין, פון געלייטערטן טאָן, זיינען לידער ווי „די זונה, אונזער פירערשאַפט״, „איד, מיין ברודער״ אָדער דאָס העכסטע פון זיי אַלע „איך, דיין גאָט״. דאָס זיינען לידער, וואָס דאַרפן פאַרשריבן ווערן אויף פאַרמעט. אין זיי איז דאָ דער טעמפּעראַמענט פון שטורם אין די בערג. די שורות שניידן זיך אַריין אין האַרצן ווי געגנאַפּלטע בליצן אין אַ בוים. אין זיי זעט מען, אַז משה לייב האָט געוואַשן די פיס פון די נביאים. עס ברענט אין זיי אַ צאָרניקע ליבע צו וועלט און מענטש. ס׳איז דאָ אין זיי וויזיאָנערע קראַפט און הויכער, איידעלער ווילן. כאָטש פול מיט רציחה, איז אין זיי פאַראַן הבטחה, אַ גלויביקע און וועלט־אָפענע מענטשלאַכקייט, אַ ווייטקייט און פול־קייט, וואָס הויבט זיי אַרויס פון אָרט און צייט.

און איבער אַלץ שרייט דאָ אַ געוואַלטיקע שנאה צום שקר, שקר אין געדאַנק, שקר אין געפיל, שקר אין רייד, שקר אין מעשים. אפילו אין גוטע מעשים. וואָרום מ׳קען אויך טאָן גוטס מיט ליגן. דעריבער: מערער ווי ער וויל דער מענטש זאָל ט אָ ן גוטס וויל ער דער מענטש זאָל ז י י ן גוט. עכטקייט, עכטע מענטשהייט, דאָס איז זיין העכסטער געבאָט.

אָט די לידער זיינען רעוואָלוציאָנערע לידער פון איידלסטן סאָרט. אָבער משה לייב איז אַ רעוואָלוציאָנער פון וואָרט, ניט רעוואָלוציאָנער פון אַקציע. זיין ליד וויל

די וועלט שענער מאַכן, בעסער מאַכן, איבערמאַכן, אָבער הייסט ניט עס טאָן דורך נעמען די האַק און גיין ברעכן זי און שפּרייטן טויט אין איר: טעראָר און טויט — דאָ ציטערן זיין האַנט און פּעדער. ווערן אַ רעוואָלווער־פּאָעט — דאָס האָט ער ניט געוואָלט אפילו פון קאָמוניזם וועגן, ער וואָס איז געווען רעוואָלוציאָנער און קאָמוניסט פאַר עקסעלאַנס. דאָ, באַ דעם דאָזיקן פונקט, האָבן רעוואָלוציאָנערישקייט און עטישקייט שלום געמאַכט. דער בערדישער קלוי — מאַניקירט. די לאַם און דער וואָלף צוזאַמענגעלעבט. ער פאַרשטייט, אַז עס „איז קיין וואונדער ניט, פאַרוואָס דער גוי קען צעשפּאַלטן דעם קאָפּ דעם פריץ", און אפילו דעם קאָפּ פון דעם פריצ׳ס קינד. אָבער „ווען דער שונא איז שוין באַ דיר אין די הענט", — זינגט ער אין איין אָרט, — זאָל דיין שווערד פון אים ווערן אָפּגעווענדט". און ווייטער: „נאָר דיין ברודער, וואָס ווענדט זיך פון דיר אָפּ, ווען דעם שונא׳ס שווערד הענגט איבער דיין קאָפּ..." וואָס זאָל צו אים געטאָן ווערן? אַ שווערד אין האַרצן? ניין. משה ליב ענטפערט: „אים זאָלן וועלף צערייסן..."

די וועלף, אָבער ניט דו. אין זיין שטורעמדיקסטן האָט און אין זיין באַגייסטערטסטער רעוואָלוציאָנערישקייט בלייבט ער פאַר איין זאַך שטיין מיט יראת הכבוד: פאַר — לעבן.

אין משה לייבן האָט אייביק געלעבט אַ סואווערענע רעספּעקטלאָזיקייט צו טראַדיציעס. ער איז גרויזאַם צו הייליקייטן און האָט הנאה צו דערנידעריקן די שיינקייטן פון אַלטן עבר. ער האָט אַלע כבוד׳ן פאַר׳מיאוסט, אַלע ערפּאָרכטן פאַרלוירן, אַלע, חוץ איינער:

די ערפאָרכט פאַרן לעבן.

ו.

אין זיין פאַראַכטונג צום מענטשן האָט משה לייב אויך פאַראַכט דאָס מענטשלאַכסטע: דעם גייסט. אין זיינע פריע לידער באַזינגט ער נאָך דעם זיידן און בענקט

נאָך יענעמס פּשוט'ן, אָבער דורכגעגייסטיקטן לעבן, מיט זיין טובל'ען זיך פאַרן דאַווענען, מיט זיין אויפשטיין צו חצות, מיט זיין טיילן אַלץ מיטן אָרעמאַן. ער זינגט אויך פון דער טראַגעדיע פון היימישן למדן, וואָס איז פאַרוואָרפן געוואָרן אין דער נייער וועלט, „וואו די פּרעס פון שווערן אייזן האָט געוואָרט, ער זאָל די חכמה פון זיין תורה איר באַווייזן". שפּעטער אָבער הויבט ער אָן צו שימפן אױף תורה און שפּאָטן פון חכמה. די ביבל — „ווען ער טראַכט פון דעם, ווערט אים איבל", און „די חכמים וואָס, ווי בלינדע בערן פאַררייסן זייערע קעפּ, די פּאַסקודנע", „האָבן פאַר'משכונ'ט דאָס לעבן". „דער גאָט־פאַרשאָלטענער אינטעליגענט האָט צוויי פּאַסקודנע הענט, וואָס ווילן ניט אַרבעטן, און ער דרייט מיט זיי דאָס אייביקע פינגער־געדריי". און אַ גאַנץ ליד, „וואָס עס קען זיך פאַרלויפן", ווידמעט אונזער פּאָעט אַ חכם און אַ באָק צו באַווייזן, וויפיל קליגער עס איז דער באָק פון דעם חכם. אין אַ סך אַנדערע ערטער באַ'חוזקט משה לייב דעם פילאָזאָף.

אָט די אָפענע שנאה צו גייסט, חכמה, פילאָזאָפיע איז נאָר דער אָביעקטיוויזירטער אויסדרוק פון אַן אינערער אייגנ־שאַפט באַ משה לייבן. דעם פילאָזאָפישן מענטשן פילט ער ווי דעם גרעסטן שונא, ווייל ער איז אַליין ניט פילאָזאָפיש. ער איז סאָציאַל־פילאָזאָפיש, אָבער ניט דיכטעריש־מעטאַ־פיזיש. און דערין ליגט אַ גרויסע באַשרענקטקייט פון משה לייב'ס דיכטונג. דריי זאַכן זיינען פאַראַן אױף דער וועלט: דאָס פאַראַנענע, דער „פאַרוואָס?" און דער „צו וואָס?" די אַלע דריי זאַכן איינינעם מאַכן דעם אַלזייטיקן דיכטער. משה לייב אָבער בלייבט נאָר שטיין באַם פאַראַנענעם. און פון דעם פאַראַנענעם האָט ער זיך אויך באַגרעניצט נאָר אַפּן ריין און אומבאַדינגט מענטשלאַכן. עס איז מערקווירדיק, אַז אַפילו די נאַטור איז באַ אים לחלוטין ניטאָ. ער זינגט ניט פון פעלד, וואַלד, לופט. הימל און ערד זיינען אין אים ניט אויפגעגאַנגען. ער זויגט ניט פון דער לאַנדשאַפט,

שעפּט ניט פון ים, אָטעמט ניט פון דעם הימל. קיין איינ־ציקער קלאַנג פון דער נאַטור איז באַ אים ניטאָ. מען קען אין זיינע לידער אויסגיין נאָך אַ טרונק וואַסער. ער קען קיין אַנדער שיקזאַל ניט ווי נאָר דעם סאָציאַלן. ער איז ניט מקבל די וועלט פון גאָטס הענט, נאָר פון מענטשלאַכע, דאָס רוב דעם שונא׳ס. און אויב די גרויסע נאַטור־וועלט באַשעפּטיקט אים ניט פיזיש, באַשעפּטיקט זי אים נאָך ווייניקער מעטאַפיזיש. ער זעט ניט און זוכט ניט קיין אידייע אין איר. די וועלט איז פאַר אים ניט געשפּאָלטן אין סוביעקט און אָביעקט. ער שוידערט ניט אויף באַם געדאַנק וואָס עס הייסט מענטש צו זיין, און די יסורים פון צעריסנקייט צווישן גלויבן און אומגלויבן זיינען אים אומבאַקאַנט. בלויז דער טאָג אין זיין אַלטעגלאַכקייט פילט אָן זיינע פערזן. פאַרוואָס די פייגל זינגען גייט אים ניט אָן. ניטאָ באַ אים קיין אומבאַגרייפלאַכקייט פון וועלט און די גייסטיקע געהיימנישן פון לעבן קלינגען אין אים ניט אָפּ. ער זעט נאָר די ווירקלאַכקייט, וואָס שטייט אין פאָדערגרונט. אַוועקשטעלן אַ פוס אַריבער די גרעניצן פון דעם רעאַלן האָט ער מורא. כאָטש אין תוך אַ מיסטיקער, מיט בילדער, וואָס וויקלען איין זיינע לידער אין אַ מין מאַגישן נעפּל, גיט ער זיך דאָך דעם חלום קיינמאָל איננאַנצן ניט אָפּ. רייך אין וויזיאָנערער קראַפט, מיט אַ הונדערטפאַכיק פאַרצווייגטער פאַנטאַזיע, קען ער זען דעם גייסטיקן אמת נאָר דורך פיזישן פאַקט. אין זיין ווייטסטן אויפשוואונג רייסט זיך אַריין אַ פיינלאַך ראַציאָנאַליסטישער מאָמענט. ער איז אַ פּאָעטישער רעאַליסט. ער פילט ניט קיין אידייען ווי לעבעדיקע זאַכן און שפּירט ניט קיין גייסט, ניט ווי אַ סובסטענציעלע מאַכט, ניט ווי אַ ווייזנדיקע, פירנדיקע, סימבאָלישע פונקציע. נאָך מער: ער האָט אפילו מורא פאַר גייסט ווי פאַר עפּעס פאַרעטערישעס. ער איז עקסטרעם אַנטי־פילאָזאָפיש.

און אַזוי האָט משה לייב פיינט דעם פּראָסטאַק פאַר זיין פּראָסטקייט און דעם חכם פאַר זיין חכמה. וואָס בלייבט אים צו וועלן?

ער ווײל דאָס פּשוט׳ע אין דעם מענטשן, דאָס נאַטיר־לאַכע, דאָס אוראַלט־גרינטלאַכע. „דאָס האַרץ איז אונזער גאָט; וואָס ווײל דאָס האַרץ?" „אַ שוואַרץ שטיק ערד און ברויט פון אײגענער האַנט באַשערט". אַזוי זינגט ער אין אײן אָרט. די עמפּירישע מענטשלאַכע פאַרלאַנגען — דאָס איז זײן פילאָזאָפיע. די גרונט־אימפּולסן, די אינסטינקטן. משה לײב איז דיכטער פון אינסטינקטיוויזם. דערפאַר זוכט ער ניט צו פאַרטיפן און פאַרפײנערן די געפילן, וואָס די נאַטור האָט אונז געגעבן רוי. דערפאַר פאַרטראָגט ער ניט די דין־נערוויקע סענסיביליטעט פון דעם אינטעליגענט, זײנע פײנע פינגער־שפּיץ־געפילן, זײן צעשפּליטערטע גדאַנקלאַכ־קײט. דאָס אַלץ געהער, נאָך אים, דער קראַנקײט פון דער וועלט, וואָס דאַרף אויסגעראָט ווערן. אַלץ, וואָס עס האָט זיך אָנגעקליבן אָנגעשריבנס אױף דעם מענטשלאַכן טאָוול זאָל אָפּגעווישט ווערן מיט אַ טיכטיקער, נאַסער שמאַטע, און די שמאַטע אַליין זאָל אויך אַרויסגעשלײדערט ווערן אױפן מיסט. אַ מין פּויערשע פאָלקסטימלאַכקײט — דאָס איז זײן אידעאַל. ברויט, קאַמער, בעט און ערלאַכקײט — דאָס איז אַלץ וואָס משה לײב׳ס מענטש באַדאַרף.

דאָס זײנען פּאָר אים די אײביקע רעכט פון לעבן. „נאָכצולויפן אַ וואָגן מיט ציבעלעס און אוגערקעס און פלוימען" איז אַ סך אַ העכערע זאַך ווי „זיך נאָכשלעפּן אַ טויטנוואָגן", העכער, הײסט עס, פון אַלע הײליקײטן אפילו פון דער הײליקײט פון טויט. הײליקער פון אַלץ איז דאָס לעבן און הײליק איז פּשוט ברויט, וואָס דערהאַלט דאָס לעבן.

און אַזוי לערנט משה לײב׳ס פּשוט׳ע, אַל־צו־פּשוט׳ע פילאָזאָפיע: לעבן איז ברויט, ברויט איז לעבן, לעבן זאָל ברויט...

ז.

זיצן אין משה לײבם ליד צוויי דיכטער: דער מילד־געבאָרענער און דער ווילד־געוואָרענער. און עס ראַנגלען

זיך אין אים שטענדיק צוויי צילן: קינסטלעריש — דער שיינזינגער און דער קאַריקאַטוריסט; עטיש — דער ליבנ־דיקער און דער האַסער. קינסטלעריש איז דער איבערבראָך גאַנצער געהיילט געוואָרן אין אים ווי עטיש. פון דער ריינער שיינזינגעריי איז משה לייב אַוועק אַן פיל בענק־שאַפט. צו דער אַלטער מענטשלאַכקייט אָבער ציט ער זיך, נאָר קען צו איר ניט אינגאַנצן צוריקקומען. אין לידער פון ליבשאַפט רייסט זיך אַריין דער האַס, אין לידער פון האַס — די ליבשאַפט. און אַזוי איז ער געבליבן אַף שטענדיק נע־ונד: נע־ונד צווישן האַרץ און מאַרך, צווישן מאַטעריע און גייסט, צווישן קאָנטעמפּלאַציע און טאַט, און — צווישן זיך און מענטש.

ח.

די ערשטע אייגנאַרטיקייט פון משה לייב׳ס סטיל איז זיין סימבאָליזם. נאָר זיין סימבאָליזם איז ניט ווי דער פראַנצויזישער, וואָס האָט געזוכט צו וועקן מוזיקאַלישע שטימונג דורך מוזיק פון שפּראַך, אָדער ווי דער רוסישער, וואָס האָט אין דער רעאַלער וועלט געזען די סימבאָלן פון אַן אַנדערער, פון אַ מיסטישער וועלט. משה לייב׳ס סימבאָ־ליזם איז דער רעאַליסטישער סימבאָליזם, דער וואָס זאָגט איין זאַך מיט דער הילף פון אַן אַנדערער, האַלב פאַר־שלייערט. נאָר דער שלייער איז ניט אַלעמאָל דורכזיכטיק. דאָס גיט זיין ליד עטלאַכע פּנים׳ער, מאַכט זיין דיכטונג טאָפּלזיניק, מיט איבערטענער, מיט וואונקען און אָנצוהערע־נישן, וואָס ניט אַלע מאָל ווערן זיי אויפגעקלערט און פאַר־שטענדלאַך. דערפאַר בלייבט דער לייענער אָפט אין דרויסן פון משה לייב׳ס ליד. משה לייב איז ווי אַ פרעמדע שטאָט, וואָס נעמט אויף קאַלט און לאָזט לאַנג שטיין אין דרויסן ביז זי פאַרבעט אינעווייניק אין איר וואַרעמקייט.

זיינע סימבאָלן זיינען מער דערציילעריש ווי מאַלעריש. אַזוי זיינען אין אַלגעמיין זיינע בילדער: עפּיזאָדיש. ער

זאָגט: „אפֿן ווינטמיל־פֿליגל, אין אָוונט־גאָלד, זיצט אַ שד און ווײנט פֿאַר פֿאַרדראָס”. דאָס איז דער שטייגער פֿון אַ מעשה. און ניט נאָר דאָס אײנצלנע בילד, נאָר זײן ליד בכלל איז דערציילעריש. משה לייב זינגט ניט קיין ליד, ער דערציילט אַ ליד. ניט לירישע קאָנטעמפּלאַציע, נאָר דראַמאַטישע געשעעניש איז זיין זשאַנר. עס איז אַ זשאַנר, וואָס שטייט ערגעץ מיטנוועג צווישן דער ליריק און דער געריימטער דערציילונג, נאָר נענטער צו דער דערציילונג ווי צו דער ליריק. דערפֿאַר רופֿט ער אַזוי פֿיל פֿון זיינע לידער — באַלאַדע. אייניקע פֿון זיינע באַלאַדן זיינען אַ לאַנגער ציקל קלענערע לידער, וואָס זיינען נאָר זייער גרינג פֿאַרבונדן צווישן זיך. זיין לענגסטער ציקל איז „זרחי”. אין זרחי'ן האָט משה לייב געוואָלט זיך אַליין צוזאַמענגעמען און אָפּ־מאָלן, און אין זיך אַליין סימבאָליזירן דעם אויסגעוואָרצלטן, צעשטויסענעם און פֿאַרלוירענעם אידישן דור זיינעם. די בעסטע לידער אין דעם ציקל זיינען איידעלע עלעגיזמען אין אַ מאַסקע פֿון איראָניע. אָבער דאָס ליד איז ניט צונויפֿ־געשמידט אין אַ גאַנצער זאַך. עס איז געבליבן נאָר ברוכ־שטיקער פֿון אַ גרויסער פּאָעטישער כונה.

משה לייב'ס שפּראַך. כאָטש זיינע בילדער און סימבאָלן זיינען ביזאַר, אָפֿט מיסטיש, פֿאַרבלייבט פֿונדעסטוועגן די שפּראַך אַליין ניכטער. די ווערטער ווערן באַנוצט מיט זייער פּשוטן לאָגישן תּוכן, אין זייער לעבעדיקן, טעגלאַכן געברויך, אָן שום „ליטעראַרישקייט”. זיי שטייען באַ אים מוטער־נאַקעט, אָן צירונג, אָן שום פּאָעטישן שמינק. עס איז אַ שפּראַך, וואָס ליגט ערגעץ צווישן פּאָעזיע און פּראָזע. פֿאַר פּאָעזיע איז זי צו נאַקעט פֿון דעקאָראַציע, פֿאַר פּראָזע — צו געבונדן און אָנגעלאָדן. און עס פֿעלט איר זינגעוודיקע קוואַליטעט. זי איז, אייגנטלאַך, ניט קיין פּאָעטישער גע־זאַנג, נאָר פּאָעטישע זאָגעריי. דאָס זינגעוודיקע וואָרט — ניט משה לייב האָט עס געזוכט, ניט עס וואָלט אים געפּאַסט. פֿאַר זיין געזאַנג פֿון צעשטערונג, צעשטערונג פֿון אַלעם

אַלטן, דערונטער די אַלטע פּאָעטישע עסטעטיק, האָט ער געבראַכט דאָס באַפרייטע וואָרט, דאָס חוצפּה'דיקע, דאָס אומפּאַרשעמטע. און אַזוי איז זיין שפּראַך געגליכן צו אַ בלום, וואָס צייכנט זיך ניט אויס מיט איר שיינקייט, אָבער שמעקט מיט אַ רייכן ערדישן רוח. עס איז אַ געזונטע יאָדערדיקע, זאַפטע שפּראַך. די צונג פּילט זיך ווייך אין איר ווי די פינגער אין פעטן קינדערלייב. זי בויגט זיך אונטער זיינע געפילן ווי רויך אונטער ווינט. ער געפינט שטענדיק דעם געגליקטן, אומפּאַרמיידלאַכן אויסדרוק. זיין שפּראַך האָט נאָר דעם חסרון: זי איז צו באַריידעוודיק. משה לייב ווייסט ניט דעם סוד פון דעם ניט אויסגערעדטן וואָרט, דעם סוד פון ווייניקער, וואָס איז מער.

זיין לידער פאָרם איז לייכט און פריי. זי קומט אים ספּאָנטאַן ווי דער אָטעם באַם ריידן. זיינע לידער אַלס גאַנצע זיינען ווי געפליקטע שטיקער, אָן אָפּגערונדקייט, העפטיק אָפּגעבראָכן באַ די ברעגן, אַרויסגעריסן פון דער נשמה ווי שטיקער ברויט פון אַ לאַבן. זיין גאַנצע מאַניר האָט דעם טעם פון וואויל־יונגערישער נאַכלעסיקייט, כמעט באַהעמישקייט, ווי אַ שיין מיידל, וואָס קימערט זיך ניט צופיל וועגן איר טואַלעט, וויל איר כלומר'שטע צע־שויבערטקייט פּאַסט איר נאָך שענער. משה לייב'ס גאַנצע דיכטונג גיט דעם איינדרוק פון אַ laissez faire געמיט, אַזוי ווי ער וואָלט ניט געהאַלטן פאַר כדאי צו מאַכן צופיל וועזן פון גאַנצן ענין פּאָעזיע. דאָס איז אַ טייל פון זיין גאַנצער האַלב־איראָנישער האַלב־צינישער נאַטור, וואָס האָט אַף אַלץ, און מער ווי אַף אַלץ אַף זיך אַליין, אַזוי ווי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. טראָגט ער אַ ליד אַף זיך אַזוי גרינג־שפּילעריש, ווי אַ שפּאַניערין אַ שאַל, און בינדט אויס אַ גראַם לייכט געשיקט, נאָר קאָרעקט, ווי אַ יאַפּאַנערין אַ קימאָנאָ־שלייף.

* * *

משה לייב איז אַ מענלאַכער דיכטער, אַ דעמבענער, אַ

האמער־הארטער פּאָעט. זיין פּאָעזיע איז שווערע מאַטעריע מיט אַ געזונטער האַנט געפורעמט. אונטער זיין פעדער קרעכצט דאָס פּאַפּיר. אונטער זיינע פינגער קנאַקט די טעמע ווי אַ ביין באַ אַ הונט אין די ציין. זיינע לידער לייענען זיך ניט: זיי באַפאַלן און כאַפּן באַם האַלז. ער איז אַ פּאָעט אַ באַרגשטייגער, וואָס האָט ליב צו קלעטערן צו ווייטע שווינדלדיקע רוימען, קלעטערן אַף שורות, לאַנגע ווי סקים. און עס טרייבט אים אַהין אַ פאַנטאַזיע פון געוואַלטיקן מוט און רייכער אויסטראַכטעריי, אַ פאַנטאַזיע, וואָס פּראָקלאַמירט נאָכאַמאָל דעם באַרוף פון דיכטער אַלס אומ־באַגרעניצטן שעפער, פאַנטאַסט, כשוף׳מאַכער. נאָר אַ בייזער צעשטערער איז ער, אַ געוואַלט־מענטש, אַ פּי, וואָס שרייבט מיט הערנער דער וועלט אין בויך אריין. זיין שיינ־קייט איז די שיינקייט פון קלוגער וואולגאַריטעט. אַ קלוגער מענטש, אַ ביטערער מענטש, וואָס מוז די מיאוס׳קייטן פון זיין לעבן און פון זיין צייט באַשפּייען מיט פּאַראַדאָקסן, פּאַראַדאָקסן־קאַפּריזן פון אַ גלענצנדן אויסטראַכטער, מיט אַ ברייטער סקאַלאַ פון סאַטירישן, איראָנישן, גייסטרייכן, מיט שפּיצן, אָפּט אַזוי דין, אַז זיי ברעכן זיך אַזש אָפּ. זיינע פּאַראַדאָקסאַלע בילדער זעען אַמאָל אויס בלויז אַ מאַסקאַ־ראַד פון באָהעמישקייט און מאַכן אַפילו אָפּט זיין ליד ווי אַ פילקע, וואָס שפּרינגט פון דער ערד אַרויף און אַראָפּ, אָן אַ שווערפּונקט אינעווייניק. ווען משה לייב׳ס אַ ליד איז אַמאָל אַזוי, דעמאָלט איז ער אַ מייסטער פון פּאָעטישער פּלוידעריי, וואָס זיין גלייכן איז באַ אונז ניטאָ. די קונסט פון אוממעגלאַכע מעגלאַכקייטן, פון בייסיקע חכמות, פון קלוגשאַפטן וואָס זיינען כלומר׳שטע נאַרישקייטן — די קונסט אויסצודריקן דאָס גרויס טראַגישע דורך דעם נאַיוור־טאַמעוואַטן — דאָס קען ער ווי קיינער ניט באַ אונז.

משה לייב׳ס דיכטונג איז אַ באַזונדער פּירשטנטום אין דער אידישער פּאָעזיע, מיט אומהיימלאַכע פּאַלאַצן און שלעסער, פון וועלכע עס טראָגן זיך מאָדנע קולות באַ דער

נאכט, אמאָל טייוולאָנישע, אמאָל הימלישע, און מיט מאָדנע געהיימניספולע ליכטער אין די פענצטער, וואָס שרעקן און רופן, טרייבן און ציען, נאָר דער צוטריט איז שווער, ווייל טיפע גראָבנס און שטעכיקע פאַרקאַנעם רינגלען אַרום דאָס מאָדנע קעניגרייך.

נאָר ווען דאָס קעניגרייך פאַרבלייבט אַפילו ניט־צוטריטלאַך, איז עס פון ווייטן פאַרכאַפּנדיק שיין: ווען משה לייב׳ס בוך איז שווער, ניין, אפילו ווען עס ליגט פאַר־מאַכט, איז עס אַלץ זיבן מייל אַף זיבן מייל אַרום פּאָעזיע.

מיט זיין עקזאָטישקייט און מיט זיין צעשטערערישער הפקרות, איז משה לייב קיינמאָל ניט געווען אַזוי צייטלאַך ווי היינט. די צייט איז אים אַנטקעגנגעקומען און האָט באַרעכטיקט זיין ליד. ער איז אַ פּאָעט פון דעם דור, אַ פּאָעט פון אַן אומהיימלאַכער און טראַגישער עפּאָכע פון אויפלייזונג. אַמאָל איז ער געווען ווי אַ פרעמדער אין דער אידישער פּאָעזיע און איז געשטאַנען אַליין הינטער זיינע קאָלעגן. היינט האָבן זיך די פּאָזיציעס געביטן. יענע זיינען געבליבן קינדער פון דער אַלטער וועלט, ער — מאַז פון דער נייער. ווי אין יענער גריכישער מעשה׳לע, וואו דער המון האָט געלאַכט פון דעם הינטערשטעליקן העלד אין דעם וועט־געיעג, ניט ווויסנדיק אַז דאָס לויפט ער אַזוי נאָענט הינטער די איבעריקע, ווייל ער איז געלאָפן אַזוי ווייט פאָרויס פון זיי.

* * *

איצט איז משה לייב טויט, פריצייטיק טויט. מיט צוויי זאַכן וועט ער בלייבן אומפאַרגעסלאַך אין דער אידישער ליטעראַטור: מיטן אָרט וואָס ער האָט אין איר פאַר־נומען, און מיטן אָרט וואָס ער האָט אין איר ליידיק געלאָזט...

# מאני לייב

איך האָב אָפּט, אַרום מאַני לייבן, געטראַכט: וואו איז נאָך אַזאַ רייכער דיכטער און מיט אַזוי ווייניק פּאָעזיע, אַזאַ דינער טרוימער און מיט אַזאַ פּשוט'ן חלום; אַזאַ איידעלער ליריקער און אַזוי קאַרג אין געפיל, אַזאַ צאַרטער זינגער און אַזוי מאַנגלדיק אין זיין געזאַנג?

וואָרום קיינער וועט ניט פאַרקענען דעם דיכטער אין מאַני לייבן, דעם אמת'ן, עכטן פּאָעט. ווער עס רירט זיך צו צו זיינס אַ ליד קריגט אָפּט אַ ציטער אין די פינגער און ווער עס הערט זיין וואָרט דערפילט אַ הונגער אין אויער. זיין געפיל איז ריין ווי פייער, זיין שפּראַך קלאָר ווי פלאַם.

נאָר דעם הונגער קען מען באַ אים ניט זעטיקן און באַ זיין פייער קען מען זיך ניט אָנוואַרעמען, און באַ זיין פלאַם די וועלט און איר שיקזאַל צו לייענען איז אויך ניט מעגלאַך. און פון אַן אמת'ן דיכטער ווילן מיר ניט ווייניקער ווי דאָס.

און דאָך איז מאַני לייב אַן אמת'ער דיכטער.

ווי זשע איז צו דערקלערן די דערשיינונג מאַני לייב?

א.

די דערקלערונג ליגט אין זיין לעבן. און די געשיכטע פון זיין לעבן איז זייער קורץ און איינפאַך. מאַני לייב אַליין דערציילט זי מיט טויזנט חנ'ען אין זיין „וואונדער איבער וואונדער". געבוירן איז ער אין אַ קליין אוקראַיניש שטעטל. צו עלף יאָר איז ער שוין געוואָרן אַ לער־אינגל באַ אַ קאַמאַשן־שטעפּער. מיט עטלאַכע יאָר שפּעטער איז ער שוין פאַרוואָרפן געוואָרן קיין אַמעריקע און דאָ האָט ער זיך אַוועקגעזעצט באַ פונקט אַזאַ מאַשין ווי אין דער היים און ווידער אָנגעהויבן שטעפּן קאַמאַשן. און ווען ער האָט נאָר

געהאַט אַ ביסל פרייע צייט, — דערציילט מאַני לייב — האָט ער געשריבן לידער, אויסגעלייגט אין גראַמען. און אַזוי ביז היינטיקן טאָג.

פון עלף יאָר אָן קאַמאַשן ... און ביז היינטיקן טאָג קאַמאַשן ... אַ וועלט מיט קאַמאַשן ... וויפיל קאַמאַשן האָט שוין מאַני לייב אויפגעשטעפּט אין זיין לעבן?

זיינען קאַמאַשן ניט קיין אומגליק. פאַראַן דיכטער וואָס קענען זיצן אין אַ וועלטל ווי אַ שוך די גרוים און זיין גרויסע דיכטער. אָבער אַנדערע דיכטער דאַרפן די גרויסע, ברייטע וועלט מיט אירע גרויסע אָקעאַנען פון לעבן כדי צו געדייען און גרוים צו זיין. און מאַני לייב געהער צו די לעצטע.

דער רוים פון אַ שוך איז גענוג פאַר יענעם דיכטער וואָס האָט דעם שוך און זיין וועלטעלע ליב, אָדער נעמט זיי אָן פאַר ליב און גוט. אָבער מאַני לייב האָט דעם שוך ניט ליב געהאַט. דאָס איז שוין קלאָר דערפון וואָס אין זיין גאַנצן דיכטערישן ווערק ווערט ניט איין מאָל פון דעם שוך געדיכטעט אָדער געאַנט. פון זיינע לידער אַליין וואָלט זיך קיינער ניט געקענט אָנשטויסן, אַז מענטשן טראָגן בכלל שיך אױף דער וועלט. סיידן אפשר אָן די איידעלע שורות זיינע וואָס זיינען דין ווי שטעך, דריבנע ווי שטעפּ. מאַני לייב האָט פיינט געהאַט דעם שוך, אָבער זיך אַרויסצורייסן פון אים אין די ברייטע רוימען פון דער וועלט האָט ער קיין כח ניט געהאַט. און אַזוי איז ער זיין גאַנץ לעבן געזעסן און האָט דעם באַרג שיך אייביק העכער און שווערער געמאַכט איבער זיין קאָפּ, ביז ער איז האַלב דערשטיקט געוואָרן און נאָר אַן עכאָ פון זיין דיכטונג האָט זיך געקענט אַרויסרייסן פון אונטער דעם באַרג צו די וואָלקנס אַרויף.

בלויז אַן עכאָ, אָבער דער עכאָ פון אַן אמת'ן דיכטער. דערויף זאָל עדות זאָגן אַ פערז ווי:

פלאַנצט מיין שוועסטערל אַ גאָרטן
האַי, האַי, האַי, האַי,
בליען שיינע בלומען דאָרטן
האַי, האַי,
אַז ווען מיר וועט ביטער ווערן
אין מיין לעבן אין מיין שווערן
האַי, האַי, האַי, האַי,
זאָל איך אין דעם גאָרטן קומען
רועז באַ די שיינע בלומען
האַי.

* * *

נייט מיין שוועסטערל אַ קישן
האַי, האַי, האַי, האַי,
פוך פון ווייסע גענז געריסן
האַי, האַי,
אַז ווען מיר וועט ביטער ווערן
אין מיין לעבן אין מיין שווערן
האַי, האַי, האַי, האַי,
זאָל איך אַפן קישן ליגן
ביז דער טויט וועט מיך פאַרוויגן
האַי!

דאָס דאַזיקע קליין לידעלע איז עכטע ליריק, געבוירענע מעלאָדיע. עס איז אָפּן האַרץ, ריינע ליכט, אַ געבענטשטע רגע...

אָבער אַזעלכע רגע'ס האָט מאַני לייב בלויז נאָך אַ האַלבן טוץ. זיין איבעריק ווערק איז —
וואַגלעניש צווישן טרוים און טומל...

## ב.

אין דעם דאָזיקן ליד און אין די עטלאַכע ענלאַכע לידער, איז מאַני לייב אַ מייסטער פון צויבעריי. אין די פּשוט'סטע ווערטער אין דריי קורצע פערזן האָט ער אַריינגעשטראָמט אַן אָפּגרונט מיט טראַגיק. אָבער אין זיינע מערסטע לידער איז ער אָפּט נאָר אַ ליידיקער וואָרט־מוזיקאַנט.

עס איז ממש אַ חידוש ווי אַזוי דער דיכטער פון אַזאַ מעלאָדיק, פון אַזאַ ריטמיק, פון אַזאַ קלאָרן סטיל, פון אַזאַ זיסן פליסן פון שפּראַך ווי ער אַנטפּלעקט אין דעם ציטירטן ליד, זאָל קענען באַשאַפן אַ שורה ווי:
מיט אויסגעדאַרטע, נעגלדיקע לאַפּעס־הענט...

אָדער:

מיד וועלן מענטשן באַטראַכטן מיט נייגעריק־קאַלטע און ווילד־פרעמדע אויגן.

א לאַנגע, ליידיקע שורה ווי אַ לאַנגער, פּוסטער קאָרידאָר...

און לידער — פּוסטע צימערן, לידער — פענצטער מיט אויסגעבראָכענע שויבן — דאָס איז מאַני לייב׳ס באַלד גאַנצער דיכטערישער קעניגרייך.

פענצטער מיט אויסגעבראָכענע שויבן...

ג.

זיין ערשטע שוואַכקייט ליגט אין דעם וואָרט.

דעם דיכטער׳ס מאַטעריע איז קודם־כל דאָס וואָרט. דאָס איז זיין צייג און געצייג. דאָ איז זיין ערשטער כח. און וואָס עס זאָל ניט זיין זיין טבע, — צי ער איז ליריקער אָדער עפּיקער, טרוימער אָדער שטירמער, פרילינג אָדער ווינטער — שטענדיק דאַרף זיין וואָרט זיין עפּעס, אַ יש, אַ זאַך מיט כאַראַקטער. אַ פּערל אָדער אַ פעלז, אַ סטרונע אָדער אַ תליה־שטריק, אַ לאַסקע אָדער אַ שפּיז, אַ נר־תמיד אָדער אַ שרפה: איינס אָדער דאָס אַנדערע — וועדליק דעם דיכטער׳ס געמיט; אָבער פאַרביק, פּלאַסטיש, מיט אויסדרוק, מיט — פערזענלאַכקייט.

אָבער מאַני לייב — באַ אים איז דאָס וואָרט אינגאַנצן אָן כח און אָן געשטאַלט. ער האָט ניט, ניט קיין ווערטער מיט פליגל און ניט קיין ווערטער מיט קראַלן, ניט קיין ווערטער פון היץ און ניט פון פראָסט, ניט פון חושך און ניט פון רעגנבויגן. שטענדיק קילע, מידע, גרויע ווערטער, וואָס גיבן קאַלטע, מידע, בלאַסע בילדער.

אָט זיינען זיי: „אַ נעבל דין און קיל“, „דער ים איז אָפן, ברייט און טיף“, „דער לבנה׳ס כשופ׳דיקע שטראַלן“,

„גרויע, דאַרע צווייגן", „סעקונדן קלינגען וויסט און איינזאַם, מאַנאָטאָן", „שטילע, לײדיקע אַלייען", „געציטערט האָט דאָס קינד אין גאַנצן ווי אַ בלאַט", „געשאַרט זיך ווי אַ שאָטן באַ די ווענט", „דער הימל איז בלוי, נאָר אַ דאָרט איז ער רויט"...

און אַזוי ווייטער. עס גיט באַ אים קיינמאָל ניט אַ בליאַסק אַ שורה ווי, (נאָך אַ רעגן)

הענגט אַף אַ צווייג
אַ גילדענע זון אין אַ טראָפּן געפאַנגען.

אָדער ווי:

— אַ שטראַל וואָס טונקט
זיך אין אַ טײַך און ווערט צעפונקט
פון ווינט אַף הונדערט קלײנע זונען...

ביידע שורות פון יהואש. אומזיסט וועט מען באַ מאַני לייבן זוכן אַזעלכע וואָרט־בילדער. אדרבא, זאָל עמיצער פּרואוון געפינען: אַ רענדל אַ בילד!...

יעדער אמת'ער דיכטער פירט צו נייע זאַכן דורך נייע וועגן; יעדער אמת'ער דיכטער אַנטדעקט פאַר אונז הימל און ערד אַף דאָס ניי. וואו איז מאַני לייב'ס נייער הימל, זיין נייע ערד, אַ ניי בילד, אַ ניי וואָרט וועגן בוים און הונט און מענטש? ער האָט עס ניט.

זיין וואָרט, זיין באַשרייבעריש וואָרט, איז מאַט, מאַט ווי —

אויסגעוועפּטער פּאַרפום.

ד.

זיין ערשטע שוואַכקייט ליגט אין דעם וואָרט, זיין צווייטע — אין דער שורה. נאָכן וואָרט איז דעם דיכטער'ס צווייטער פּרוּוושטיין — די שורה, די פראַזע, דער זאַץ. דאָס איז די ערשטע איינהייט פון קאָמפּאָזיציע. דאָ הויבט זיך אָן זיין ערשטע מייסטערשאַפט. און ווען דאָס

וואָרט איז שטאַרק און גאָלדיק און די שורה איז געפלעגט און געטאָקט קומט דאָס גאַנצע ליד אַרויס גאַנץ און פולקאָם. אָבער מאַני לייב — אין דעם איינצלנעם וואָרט האָט ער ניט קיין כח און אין דער באַזונדערער שורה פאַרמאָגט ער ניט קיין קראַפט.

און דאָס איז נויטיק גוט צו פאַרשטיין.

עס זאָגט אַ גרויסער דיכטער:

Sermons in stones
Books in running brooks.
(Shakespeare).

און אין דריי־פיר ווערטער ליגט אַ וועלט. איינער קען איבערלייענען די ערשטע דריי ווערטער און פאַרמאַכן דאָס בוך און דערנאָך אַרומגיין דאָס גאַנצע לעבן און קלוג זיין מיט זיי.

אָדער עס זאָגט אַן אַנדער דיכטער, אַ קלענערער און אַ היינטיקער, פראַנץ ווערפעל:

Ich trage viel in mir
Vergangenheit frueherer Leben
Verschuettete Gegenden
Mit leichten Spuren von Sternenstrahlen

און דאָס גיט אויך דעם טעם פון גרויסער דיכטונג. יעדע שורה איז אַ כלי פול מיט דער ברכה פון הימל.

אָבער באַ מאַני לייבן וועט מען אין ערגעץ ניט גע־פינען קיין פּאָר ווערטער, קיין פראַזע, קיין אויסדרוק, קיין שורה וואָס זאָל קענען שטיין אַליין און האָבן אַן אייגענעם ווערט, אַליין ווי אַ מוסטער פון ריינער פאָרם, פון געפאַנגע־נער שיינקייט, פון טיפן געפיל אָדער הויכער חכמה און ווייטער וויזיע. כדי צו מאַכן אַן איינדרוק, צו באַשאַפן אַ לוינע, אַרויסצורופן אַ שטימונג מוז ער אָנקומען צו ניט ווייניקער ווי אַ גאַנץ ליד.

וואָס, למשל, איז פאַראַן אין דער שורה:

פאַרוואָרפן ליגט די וועלט אַרום אין שנייען?

אָדער אין דער שורה:

דער פראָסט האָט צוגעשמידט מיין שווערע טיר?

אָדער אין דער שורה:

מיין ווייטער פריינט פון מיינע ווינטער־ווייען?

באַזונדער זיינען די אַלע שורות כמעט גאָר קיין פּאָע־טישע שורות ניט. ערשט ווען זיי ווערן אַלע צוזאַמענגע־צויגן אין איין קאָמפּאָזיציע באַקומט זיך אַן איינדרוק, ווען מיר לייענען:

פאַרוואָרפן ליגט די וועלט אַרום אין שנייען
דער פראָסט האָט צוגעשמידט מיין שווערע טיר.
קיין פייער צינד איך איצט ניט אָן. עס גייען
פאַרטראַכטע שטילע שאָטנס אַרום מיר.
איך בין אַליין. איך וואַרט און טראַכט פון דיר
מיין ווייטער פריינט פון מיינע ווינטער־ווייען.

ניט מיט געדאַנק און ניט מיט בילד ווירקט דאָס ליד. נאָר מיטן סוד פון מאַני לייב׳ס מוזיקאַלישקייט זינגט זי זיך אַריין אין האַרצן. און מער ווי אַ לייכטע מעלאָדיע טראָגט זי אָהין ניט אַריין.

כדי גובר צו זיין דעם שוואַכן פּאַטאָס פון זיין פאַנ־טאַסטיק, העלפט זיך מאַני לייב מיט קינסטלאַכע מיטלען. ער מאַכט אָפט גענוצט פון דעם דימינוטיוו, ווי „בלימע־לאַך", „קרענצעלאַך", און אַ שטענדיקע מאַניע בײַ אים איז די איבער׳חזר׳ונג: „גאַסן, נאַכט, אַ נעבל האָט געוויט, געוויט"; „האָט פון זיין ווייטן, ווייטן, לאַנד, פאַר־בענקטערהייט געערדט"; „האָט ער דריי שטילע, שטילע מאָל אַ קוש געטאָן מיין קאַלטע האַנט"; „רוויכער איך, רוויכער איך"; „דעם קאָפּ צו דעם הימל פאַררײַסן וועט ער זיך צעוואָיען, צעוואָיען"; „מיין האַרץ, מיין האַרץ, ניט שפּאַס!"; „פון טריט, פון טריט געאיילטע ערגעץ וואו"; „דער טאָג פאַרגייט, דער טאָג פאַרגייט, ער מוז פאַרגיין"; „דער ווינט האָט באַם פענצטער געוויינט און דערציילט, און דערציילט"; „און וויינט ווי אַ קינד, ווי אַ קינד"; „און אויב דיר ווילט זיך וויינען, וויינען, וויינען — וויין";

„און מיינע קינדער וויינען, וויינען מיינע קינדער״; און אזוי אָן אַ שיעור.

מיט די דאָזיקע ווידערהאָלונגען שטרעבט מאַני לייב צו פאַרטיפן זיין פּאַטאָס, לויטן כּלל: אין צווייען איז שטאַרקער. נאָר אַ באַנאַל וואָרט איבערגעזאָגט צוויי מאָל האָט אַ מאָדנע טבע: עס איז צוויי מאָל באַנאַל...

מאַני לייב איז שוואַך גראָד אין דעם, אין וואָס עס באַשטייט דעם דיכטער׳ס אמת׳ע קראַפט: אין דעם חוש פון בילדלאַכקייט. איר גייט דורך זיין גאַנץ ווערק און געפינט ניט קיין בילד, קיין פאָרשטעלונג, קיין אילוזיע, קיין געשטאַלט. ער האָט ניט קיין אָפּטישע פאַנטאַזיע, קיין עמפינדלאַכקייט צו פיזישער וועלט. ער זעט ניט די וועלט. ער פילט ניט קיין זאַכן. ער לעבט ניט איבער קיין שטאָף. זיין גרעסטער פאַרמעגן איז אַ ליריזירנ־דיקע שפּראַך, נאָר אָן זינלאַכקייט, אַ צאַרטע און טיפע מוזיקאַלישקייט, נאָר אָן בילדקראַפט. איז זיין פּאָעזיע אַ פּאָעזיע אָן געמעל, אָן לאַנדשאַפט, ניט אָנגעבונדן אָן אָביעקטן, נאָר — עפּעס ווי נעבל אין וואַסער־פאַרב, ווי אַ פעלד אָן אַ בוים, ווי אַן אָפּגעפליקטער פליגל. און באַ אַן אָפּגעפליקטן פליגל איז שווער צו אונטערשיידן פון ראָב ביז טויב.

און אָן דער וואָג פון רייכער געפילפולקייט און אָן דער באַלאָדונג פון פאַנטאַסטישער בילדלאַכקייט וואָס איז מאַני לייב׳ס פּאָעזיע? בלויז —

פּודרע פון פּאָעזיע: ס׳איז ראָזע, שמעקעדיק, סאַמעטן, נאָר —

אַ בלאָז און ס׳איז ניטאָ...

ה.

מאַני לייב׳ס פּאָעזיע איז אָן שפּראַך־בילד, זי איז אויך אָן וועלט־בילד. וואָס איז די וועלט אין וועלכער ער לעבט

און וואָס איז די וועלט וועלכע ער האָט אויסגעבויט אין זיין פאַנטאַזיע? אַף ביידע פראַגן איז ניטאָ וואָס צו ענטפערן. פאַראַן דיכטער נאָכשאַפער פון דער נאַטור, פאַראַן דיכטער מיטשאַפער מיט דער נאַטור, פאַראַן דיכטער אירע שטאָלצע קעגנשעפער. די גרעסטע דיכטער זיינען — ווייטערשעפער פון דעם באַשאַף. אין וועלכער קאַטעגאָריע זאָל מאַני לייב געשטעלט ווערן? אפילו ניט אין דער ערשטער, מיט די נאָכשאַפער. מאַני לייב'ס וועלט איז גאָר — אַ חלל. אַ חלל מיט פאַרשוואומענע גרעניצן, ליידיק פון מענטש, ליידיק פון גאָט און ליידיק פון טייוול. און אין דעם דאָזיקן חלל דרייט זיך מאַני לייב אַרום אַ פאַרלאָרענער און שרייט און ווייס ניט וואָס אים טוט וויי, און בענקט און ווייס ניט וואָס ער זוכט. זינגט ער אין איין ליד:

און דאָרט ווייט און דאָרט ווייט, וואו די פינצטערניש גרויט,
וואו די נאַכט האָט איר קעניגרייך בלינדן געבויט,
אין אַ שלייער פון נעבלען פאַרשלייערט
עמיץ שטייט דאָרט אַ בייזער און לויערט.

אין דעם דאָזיקן פערז איז פאָרמולירט דער גאַנצער מאַני לייב. דאָ איז זיין גאַנצע וועלט און וועלט־שטעלונג: אַ טונקעלער באַגריף פון אַן „עפּעס" אין נעבלען און אַן „עמיצן" אַ בייזן, וואָס לויערט. דעם דאָזיקן מאָטיוו האָט מאַני לייב געזונגען און איבערגעזונגען אין צענדליקער לידער, אָבער אין ערגעץ איז ער ניט געוואָרן קלערער און אין קיין ליד האָט ער זיך ניט דערגרונטעוועט טיפער.

אָט איז נאָך אַ וואַריאַנט פון דער דאָזיקער וועלט:

פון די נעבלען אין די נעכט
עמיץ וויינט און עפּעס מאַנט.

אָדער:

וועמען לאָזט עס די הערבסט־נאַכט ניט שלאָפן?
עמיץ איז פון דעם פענצטער אַנטלאָפן.

אָדער:

ווער איז דער וועלכער היט אונז און גייט מיט אונז אויך?

אָדער:

וויינט ער און טאַפּט אין דער פינצטער אַ בלינדער.

„עמיץ", שלייערן, נעבלען, פאַרהאַנגענע פענצטער, אַ בלינדער, אַ הויקער, „ער אַף אַ ווייסן פערד", קראָען, אַ „פריינט אין גרויען" — אָט דאָס זיינען די עלעמענטן פון דער וועלט, אין וועלכער מאַני לייב לעבט אין מיסטישן פיין. אָבער וואָס פאַרא מיסטיק איז עס? דאָס איז נאָר די מיסטיק פון קינדערשן שרעק, ניט די מיסטיק פון דיכטער און דענקער. עס איז ניט יענע מיסטיק וואָס גרונטעוועט אין די יסודות פון דער וועלט, וואָס וויל אַריינוועבן דעם מענטשן אין דער פאַנטאַזיע פון גאָטהייט און אייביקייט. יענע מיסטיק וואָס שטראָמט אַרויס פון דער שרעקלאַכער רעטעניש פון מאַטעריע און גייסט. עס איז נאָר אַ מיסטיק אַף — איינצושרעקן קינדער שלאָפן גיין.

ניט די קאָנקרעטע וועלט מאָלט מאַני לייב אויס, ניט קיין דיכטערישע צויבערט ער פאַר אונז אויף. און ווען ער מאַכט אונז ניט קלאָר זיין וועלט רירן אונז ניט זיינע ליידן אין איר. און ער מאַכט אונז זיינע ליידן אויך ניט קלאָר. ער איז ווי אַ קינד וואָס וויינט און קען ניט זאָגן פאַרוואָס. און מאַני לייב וויינט רק. ער גיסט אייביק מיט טרערן. ער איז באַ אונז — די וויינענדיקע ווערבע. יעדער צווייט ליד האָט באַ אים געוויין. אָבער וואָס וויינט ער? איבער וואָס פייניקט ער זיך אַזוי? וואָס מאַטערט אים? דאָס זאָגט ער ניט. ער לויפט נאָר אַרום איבער זיינע לידער און ברעכט זיך די הענט, וויינט און שרייט: מיר איז שלעכט, מיר איז שלעכט! אָבער וואָס טוט אים ווי? וואָס זוכט ער? זוכט ער גאָט? זוכט ער וואָס איז גאָט? וויל ער אַליין זיין גאָט, ווי דיכטער האָבן עס שוין אָפט געוואָלט? וויינט ער איבער דער פאַרגענגלאַכקייט פון לעבן? אונזער לעבן, זיין לעבן?

אַף די אַלע פראַגן גיבן זיינע לידער קיין ענטפער ניט. ניטאָ אין זיי ניט נאָר קיין פּאָעטיש־פילאָזאָפישע וויזיע,

נאָר אַפילו ניט קיין פּאָעטיש־פילאָזאָפישער פּונק. און פּאָעזיע איז — זינגעדיקע פילאָזאָפיע. מאַני לייב ליידט און ווייס ניט וואָס, ער האָט מורא און ווייס ניט פאַר וועמען, ער דינט און ווייס ניט וועלכן גאָט.

אין אַזעלכע שורות ווי:

איך בין געלעגן —
איינגעדעקט אין זומער נאַכט,
האָבן גראָזן אונטער מיר
און צווייגן אין דער הויך
גערעדט צו מיר
און עמיצער אין מיר האָט זיי געענטפערט
און איך האָב צוגעהערט זיי ביידן
און ניט פאַרשטאַנען.

(יהואש)

איז פאַראַן מער מיסטיק ווי אין אַלע מאַני לייב'ס פאַר־שלייערטע „עמיצנס", און געהיימניספולע בלינדע, און הויקערס, און שלאָפנדיקע לאַנדישן.

און די אַלע ריידערייען וועגן יענע געהיימניספולע „עמיצנס", און בלינדע, און הויקערדיקע, קלינגען דערצו ווי אַן אומגעשמאַקער נאָכקלאַנג פון יענער צייט ווען מעטער־לינק און אַנדרייעוו האָבן באַהערשט די מוחות מיט „עמיצן אין גרויען" און „טאַנטאַזשיל" און „דער בלינדער". מאַני לייב'ס עלטערע לידער געהערן טאַקע צו יענער צייט. אָבער ווען זיי וואָלטן נאָר געהאַט מעטערלינק'ס פאַנטאַסטיק און אַנדרייעוו'ס פייערדיקן פּאַטאָס!

אָן דעם פייער וואָס זאָל אָנצינדן מיט זיין פיין און אָן דער פאַנטאַסטיק וואָס זאָל אונז פאַרוועבן אין דער נעץ פון זיינע ליידן בלייבט מאַני לייב'ס גאַנצע פאַרצווייפלונג נאָר —

פּאַפּירענע פאַרצווייפלונג.

ו.

אַ פּאָעזיע אָן וועלט־באַזעלטקייט, אָן אַ גאָט־אָנשויאונג, אָן שוואונג אין דער הויך און אָן אַ גרונטעווען אין דער

נידער, איז מאַני לייב׳ס פּאָעזיע געבליבן איינגעשרויפּט אין אַ קליינעם שטח. אומעטום איין מאָטיוו, איין טאָן, איין געפיל. מאַני לייב האָט אין אמת׳ן זיין גאַנץ לעבן נאָר איין ליד אָנגעשריבן. און ער דערמאָנט אָן אַ קינד אַף אַ וועגעלע אין קינדער־צימער: אָט איז עס אָפּגעפאָרן פון דער וואַנט און אָט פאָרט עס שוין צוריק צו דער וואַנט...

צו דעם וואָס גאָט האָט ניט דערגעבן און צו דעם וואָס דער שיקזאַל האָט צוגענומען האָט נאָך מאַני לייב איין קוואַל פון דיכטונג מיט די אייגענע הענט פאַרשטאָפּט, מיט דער אַזוי גערופענער טעאָריע פון די „יונגע". אין דער דאָזיקער טעאָריע ווערט דער דיכטער געשטעלט איבער צייט און סביבה. דער דיכטער פון די „יונגע" דאַרף גיין דורכן לעבן מיט אויפגעהויבענע אויגן און פאַרשטאָפּטע אויערן, כדי זיך ניט צוצוקוקן און צוהערן צו די מעשים און רייד פון מענטשן. ער זינגט ווי דער פויגל וואָס איז אין זיין געזאַנג גלייכגילטיק צו אַלץ אַרום אים. דער „יונגער" דיכטער איז אַן אָפּגעשלאָסענע איינהייט, און איז זיין אייגענער אָנהויב און זיין אייגענער סוף. גראַדע ווי גאָט אַליין.

און דערפאַר קען מען עס פון מאַני לייב׳ס לידער גאָר ניט וויסן אַז עס זיינען דאָ שיך אַף דער וועלט, כאָטש אונטער שיך איז זיין לעבן פאַרשאָטן געוואָרן; און דערפאַר קען מען עס אין זיין דיכטונג ניט פאַרנעמען דעם נעכטן און דעם היינט, ניט אין בילד און ניט אין אידייע — קיין עכאָ פון דער צייט, קיין אָפּקלאַנג פון דער עפּאָכע. פרעגט די פייגל — ווייסן זיי אַז ס׳איז געווען אַ וועלט־מלחמה? ניין. אַזוי ווייס עס אויך ניט מאַני לייב. דער פּאָעט פון די „יונגע" איז דער פּאָעט נאָר פון זיין אינערלאַכער וועלט.

אָבער די אינערלאַכע וועלט פון מאַני לייבן איז נאָר דאָס שטיקל וועלט וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון יענער זייט ים: אַ ביסל אוקראַאינישע סענטימענטאַליטעט און אַ

בינטל זכרונות פון קינדערשע יאָרן. וואָס ער האָט געפונען שפּעטער און דאָ, אין דער נייער וועלט, דאָס האָט ער ניט צוגעלאָזט צו זיין נשמה און זיין געזאַנג.

און אין אַ וועלט פון בבל־טורעמס האָט זיך מאַני לייב אויפגעשטעלט אַן אוקראַיניש שטיבעלע פון ליים, און אין דעם לאַנד פון וואָלט וויטמאַן, הערמאַן מעלוויל און נויאָרק, האָט ער זיך געזעצט שפּילן אַפן פייפל פון אַן אוקראַינישן פּאַסטוך. און אַזוי האָט ער געשאַפן זיין ווערטפּולסטעם: דעם ציקל „אידישע און סלאַווישע מאָטיוון". די עטלאַכע לידער וואָס קענען זיך שוועסטערן מיט זיין געבענטשט ליד „צו מיין שוועסטערל" געפינען זיך אין דעם דאָזיקן ציקל. שטילע מאָטיוון, איינפאַכע געפילן אָבער אייביק מענטש־לאַכע, אַזעלכע וואָס נעמען ניט אַרויף קיין פלעק און זשאַווערן ניט. דערין ליגט זייער ווערט.

גוט זיינען אים צונוץ געקומען זיינע קינדער־זכרונות, די ברעקלאַך קינדערשע פרייד וואָס ער האָט געגאָסן אין זיין היימישן שטעטל און די אידיש־קינדערשע מעשיות וואָס ער האָט זיך דאָרט אָנגעהערט. דער גרעסטער טייל פון זיינע לידער, די באַלאַדן, שטאַמען פון דאַנען. אַ גוטן רבי'ן האָט זיך מאַני לייב געגומען פאַר דעם דאָזיקן זשאַנר, — פּושקינ'ס פאָלקס־מעשה'לאַך. און אַ גוטער תלמיד איז מאַני לייב געווען. די עפּישע פאָרם האָט זיך אים איינגע־געבן. אָבער די פאָרם מער ווי דער אינהאַלט. פון יענער קינדער־צייט איז ער שוין אַזוי ווייט אָפּגערוקט, אַז נאָר מיט קראַמפּיקער אָנשטרענגונג געלינגט אים נאָך אַרויפצו־באַשווערן דעם קינדערשן געמיט. דערצו — אַזוי ווי עס גייט אים אָפּ בילדלאַכע פאַנטאַסטיק אַזוי קלעקט אים אויך ניט קיין דערציילערישע דערפינדערישקייט. עפּעס פעלט שטענדיק אין זיינע באַלאַדן, אַזעלכעס וואָס זאָל זיי מאַכן פעסט, פאַרפלעקלט. עס איז באַ אים אין די באַלאַדן עפּעס אַזוי ווי באַ אַ שניידער וואָס האָט פאַרגעסן מאַכן אַ קניפּל. אין דעם גאַנצן ציקל באַלאַדן איז „אינגל־צינגל־כוואַט" דאָס

בעסטע. „אינגל־צינגל־כוואַט״ איז בכלל אפשר דער שענס־טער טאַנץ פון זיין פּאָעטישער קראַפט.

דאָס ביסל אוקראַיִנישע און דאָס ביסל קינדישקייט — דאָס איז מאַני לייב׳ס שטאַרקייט און דאָס איז אויך זיין שוואַכקייט. זיין שטאַרקייט — ווייל דאָס איז זיין פאַר־מעגן; זיין שוואַכקייט — ווייל מער פאַרמאָגט ער ניט. זיין גאַנץ ווייטערדיק לעבן איז ניט אַריין אין זיין דיכטונג. פון גאָט׳ס גאַנצן ליבן טאָג האָט ער זיך גענומען נאָר דעם זונענאויפגאַנג. פאַרן איבעריקן האָט ער זיך פאַרשלאָסן. זיך פאַרשלאָסן און פון אַ קליין אוקראַיִניש פענצטערל באַטראַכט די גרויסע, ברייטע וועלט. אַזוי האָט ער זי געזען און אַזוי באַזונגען. ווי יענער שוסטער וואָס קוקט אייביק אַרויף פון זיין אַרבעטס־קעלער און קען אַלע מענטשן נאָר לויט זייערע שיך...

אָבער אַ פּאָעזיע וואָס שפּיגלט ניט אָפּ די צייט איז ווי אַ שטראָם וואָס שלאָגט ניט אָפּ זיינע ברעגן. בלויז אַ פלאַכער שטראָם און אַ מוטנער, שפּיגלט ניט אָפּ זיין וועג.

נאָר אַזוי האָט געלערנט די שולע פון די „יונגע״. און געלערנט האָט מען עס און געפּריידיקט מיט אַ סך פּאָמפּע און מיט אַ סך פאַראַכטונג צו אַנדערש־זעענדיקע. די „יונגע״ האָבן אַנדערש אייגנטלאַך ניט געוואוסט. דער פראָש וואָס לעבט אין ברונען, וואָס וויים ער פון גרויסן אָקעאַן?

די שולע פון די „יונגע״ האָט מיט איר תורה דער אידי־שער פּאָעזיע ניט ווייניק שאָדן געבראַכט. אפשר דער ערגסטער —

די שווינדזוכט אין מאַני לייב׳ס דיכטונג.

ז.

מאַני לייב׳ס שיקזאַל איז אַ טראַגישער דיכטער־שיקזאַל באַ אונז, אַ שיקזאַל וואָס מיר אַלע טראָגן, ווער מער, ווער

ווייניקער. עס איז דער שיקזאַל פון אונזער פאָלקס־אָרעמ־קייט און דער דחקות פון דער אידישער ליטעראַטור. גע־בוירן געוואָרן איז מאַני לייב אַ צאַרטער דיכטער מיט אַ סך מוזיק אין זיין וועזן. לייגט מען אַוועק די אויג אַף אַ וואָרט אין זיין ליד, זינגט עס ווי אַ סטרונע אונטער אַ פינגער. ווער קען פאַרבייגיין אָן אַנטציקונג אַזעלכע פערזן ווי:

שטילע ליכט און שטילע אויגן,
ליפּן פרומע, שטילע,
פאַר די שטילע ליכט געבויגן
שעפּטשעט זי אַ תפילה.
שטילע תפילה'דיקע ווערטער,
קוים די ליכט נאָר הערן:
— גאָט, איז ער ניט מיין באַשערטער —
וועסט מיר אים באַשערן.

ער וועט זיצן לערנען תורה
שמ'ען וועט זיין נאָמען;
וועסט באַשערן, גוטער בורא?
וועסט באַשערן — אָמן.

אין דעם דאָזיקן ליד זעט זיך גוט באַ דער זייט פון אַנדערע אייגנשאַפטן, אויך מאַני לייב'ס מאַניר פון אַליטי־ראַציע און גראַם. אפשר שוין אַ צו אָפטע מאַניר באַ אים, אָבער שיין און גראַציעז, ווי אַ שיין אויסגעצאַצקעט דאַמען־שיכל.

נאָר ער איז געבוירן געוואָרן ווי יענע איידעלע בלום וואָס האָט מורא פאַרן טאָג און פאַרוויקלט זיך באַ באַרירונג פון וועלט. מאַני לייב'ס גאַנצער איך איז ווייכע, זעלישע לופט, אָן עקספּאַנסיווער קראַפט, אָן כח זיך צו שטעלן קעגן דער וואולגאַריטעט פון דער ווירקלאַכקייט. און ער האָט זיך איר אונטערגעגעבן און געלעבט זיין גאַנץ לעבן אין פּאַסיווער אַגאָניע. שטאַרקע דיכטער־נאַטורן שטעלן זיך קעגן און ווערן געהויבן פון ליידן און געשטאַרקט. אָבער מאַני לייב האָט אומענדלאַכע ליידן דערטראָגן אָן געווינס. ער איז אַריין אין קלעם פון לעבן אָן ווידערשטאַנד און האָט, ווי אַ פויגל, מיטגענומען זיין געזאַנג אין שטייגל. איז זיין

געזאַנג איינגעצויגן, איינגעשרומפּן געוואָרן, האָט פּאַרלוירן די וויזיע פון ברייטער וועלט, די קראַפט פון אויפריכטיקער לעבנס־נאָענטקייט, און איז געבליבן נאָר — אַ ביסל האַרץ, אַ ביסל מוזיק, אַ דינע שטים אָן געשטאַלט, אָן עלעגישע האַלטונג, אָן האַרטער, ברויזנדיקער, מענלאַכער געוואַלט און אָן מענלאַכן טרויער. אַ גרויזאַמע סביבה האָט אַן איידעלן דיכטער פאַרצערט און געבליבן איז פון אים נאָר אַן עכאָ פון אים.

געקומען איז מאַני לייב מיט גאָט׳ס ברכה אויף די ליפּן, נאָר די וועלט האָט אים געקרייציקט, געקרייציקט אויף אַ הויכן באַרג, אַ באַרג פון — שיך...

און איצט שטייען מאַני לייב׳ס לידער —

שיינע טירן צו אַ ליידיקן הויז...

# יוסף ראָלניק

פון דער גאַנצער וועלט האָט זיך ראָלניק אויסגעקליבן איין שטאָט, אין דער שטאָט איין גאַס, אין דער גאַס איין הויז, אין דעם הויז איין צימער, און אין דעם צימער איין גרוי ווינקל. און דאָ, אין דעם גרויען ווינקעלע, הינטער אָראָפּגעלאָזטע שטאָרן, האָט ער, ווי אַ באַזעסענער, אַ וועלט־פאַרפרעמדטער, אָפּגעשפּאַנט אַ לעבן לאַנג אויף און אָפּ, אויף און אָפּ, ברומענדיק אייביק איין ניגון, מורמלענדיק איין מאָטיוו, זינגענדיק איין ליד, אַ ליד פון איינזאַמקייט און לייד.

און ער איז געוואָרן אונזער דיכטער פון איינזאַמע ליידן.

## א.

ראָלניק׳ס איינזאַמקייט איז אַ דריי־פאַכע: אַן אָרגאַנישע, אַ שיקזאַלדיקע און אַ פּראַגראַמאַטישע.

אַן אָרגאַנישע — אַזוי איז ער געבוירן. געבוירן פול מיט אַליינקייט. עפּעס דוכט זיך אַזוי ווי ראָלניק איז שוין באַם קומען אַף דער וועלט געווען אַליין: אַזוי ווי באַ זיין געבורט וואָלט ניט געווען קיין באָבע אים אויפצונעמען, און אַזוי ווי זיין מאַמע אויך וואָלט אים געבוירן, זיך אויפגעהויבן און אַוועק, און אים איבערגעלאָזט אַליין. קיינער קען ניט פאַרשפּירן דאָס דאָזיקע געפיל פון אַליינקייט אין ראָלניקן. ער גייט אין גאַס — גייט ער ווי מיט אַ פאַרקאַן אַרומגע־צאַמט. ער זיצט האַרט אַנטקעגן אייך, אָבער עפּעס זעט ער זיך ווייט, ווייט, ווי דורך דער לינקער זייט פון אַן אָפּערע־גלאָז. זיין ליבסטער פּלאַץ אין געזעלשאַפט איז באַם וואַנט, און כאָטש די וואַנט איז גלאַט, זעט ער דאָך אויס ווי ער וואָלט זיך פאַרטייעט אין אַ נישע אין איר.

און פון דאַנען, פון זיין נישע, שיסט ער קלוגע, שאַרפע, ביטערע באַמערקונגען, וואָס שפּרייטן כמאַרע אַרום אים. אַ סאָווע וואָס באַשאָפט איר אייגענע נאַכט אַרום זיך.

אַף דער דאָזיקער בלוט־איינזאַמקייט האָט דער שיקזאַל אַרויפגעלייגט די איינזאַמקייט פון קראַנקייט. אין זיינע אינגערע יאָרן האָט ראַלניק ליידער געליטן פון אַן אָנגריף פון שווינדזוכט. דאָס איז געווען אין יענע יאָרן ווען די שווינדזוכט איז נאָך געווען די שרעקלאַכע „ווייסע פּעסט" און אַ שווינדזיכטיקער האָט געמוזט לעבן אין זיין סביבה ווי הינטער גראַטעס. געזונטע האָבן זיך געשייט פאַרן קראַנקן, דער קראַנקער האָט מיט איינזעעניש אויסגעמיטן די געזונטע. און די דאָזיקע קראַנקייט האָט ראַלניקן אַ סך יאָרן געהאַלטן, פּסיכאָלאָגיש נאָך מער ווי פיזיש, אין אַ מין אַסקעטישער אָפּגעזונדערטקייט.

די דריטע, די פּראַגראַמאַטישע איינזאַמקייט איז געווען די טעאָריע פון דער שול פון די „יונגע" מיט וועלכע ראַלניק האָט זיך פריי אידענטיפיצירט און פון וועלכער ער איז, נאָך מאַני לייבן, געבליבן איינער פון די וויכטיקסטע רעפּרע־זענטאַנטן. די „יונגע" האָבן קיינמאָל ניט פאַרמאָגט דעם כח צו פאַרטיפן זייער ריכטונג ביז אַ פילאָזאָפיע. זי איז באַ זיי פאַרבליבן ניט מער ווי אַן אויבערפלעכלאַכע פּראָ־גראַם, וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן אין אַן איינציקער דאָגמע. די דאָגמע איז געווען, אַז פּאָעזיע הויבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס מיטן דיכטער, און דער דיכטער הויבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס מיט זיך אַליין. אַרויסגייענדיק פון דער ריכטיקער הנחה אַז פּאָעזיע איז איבער צייט און סביבה, האָבן זיי געמאַכט דעם טעות און געלערנט אַז פּאָעזיע איז אויסער צייט און סביבה. די „יונגע" זיינען באַ זיך אין די אויגן געווען ווי נאַרצים אין דער גריכישער לעגענדע, יענער אינגל וואָס האָט זיך פאַרליבט אין זיין אייגענער געשטאַלט אין וואַסער־שפּיגל און איז אויסגע־גאַנגען פון בענקשאַפט צו זיך אַליין. זיי האָבן געגלויבט,

להיפך יעדן פילאזאפישן און וויסנשאפטלאכן באגריף פון דער צייט, אז דער פאעט טראגט אין זיך אן אפריארישע וויזיע פון דער וועלט. און אזוי האבן די „יונגע", אליין ניט ווילנדיק, געפרעדיקט אף א נאיוון אופן די נאיווע סאקראטישע „דערינערונג־טעאריע", די טעאריע אז די מענטשלאכע נשמה, איידער זי איז געקומען אף דער וועלט, האט געלעבט אף יענער וועלט און פון דארטן האט זי מיט־געבראכט אלע באגריפן פון שיין און מיאוס, גוט און שלעכט, אמת און שקר. זיי האבן ניט פארשטאנען אז פאעזיע מיינט עקספאנסיע פון דעם איך, און אז די פאעזיע שטרעבט אייביק זיך אויסצוגלייכן מיט דער וועלט. זיי האבן אויך ניט דערקענט אז אלץ וואס דער פאעט ברענגט מיט זיך פון געבורט איז זיין באגאבטקייט, און באגאבטקייט איז נאר אן עמער וואס מוז זיך אנשעפן מיט רוים און צייט און אלץ וואס אין זיי. די „יונגע" האבן אלץ געבויט אף זיך אליין, אויסערהאלב סביבה, אויסערהאלב רוים און צייט, און אנשטאט צו שטרעבן אריינצונעמען אין זייער פאעזיע וואס גרעסערע רוימען און וואס רייכערע צייט, האבן זיי באוואוסטזיניק געזוכט זיך איינצוגראבן וואס טיפער אין אייגענעם איך. אבער נאר גאט פארמאגט אלץ פון זיך אליין צו שפינען.

די דאזיקע דריי־פאכע איינזאמקייט פון כאראקטער, שיקזאל און פראגראם זיינען דריי תפיסות, א תפיסה אין א תפיסה, אין וועלכע ראלניק האט געלעבט. און אויב פאעזיע איז רחבות, וואו האט ראלניק, אין דעם דאזיקן געפענקעניש אף געפענקעניש אף געפענקעניש, געקענט נעמען די דערפארונגען אף אנצופילן די כלי פון זיין טאלאנט? דא האט ער ניט געקענט האבן קיין רייכן אינערן פארקער מיט דער וועלט. הינטער זיינע זיבן שלעסער האט ער ניט געזען קיין גרויסע זאכן, ניט געהאט קיין טיפע צוזאמענשטויסן, ניט געוואוסט קיין רייכע צעריסנקייטן, קיין גרויסע שפאנונגען פון געפיל, און עס איז

געשען וואָס עס האָט געמוזט געשען און וואָס עס איז געשען מיט אַלע „יונגע": ראַלניק איז געבליבן אַ מענטש אַן לאַנדשאַפט, אַ פּאָעט כמעט אָן שטאָף. און ראַלניק כאַראַקטעריזירט זיך אַליין זייער ריכטיק ווען ער זאָגט, זינגנדיק וועגן דער אָרעמער „ליטע":

ווערט מיר פּוסט אין הארצן — האָב איך
גאַרניט וואָס זיך צו דערמאָנען.

ב.

איינזאַמקייט קען זיין רייך. איינזאַמקייט איז דאָס איידעלע גליק פון דעם דענקער. צו איינזאַמקייט ציט דעם מיסטיקער ווען ער בענקט צו ווידערפאַראייניקונג מיט דעם אַל. אין איינזאַמקייט גייט דער איבער־געוויינטלאַכער מענטש, דער אָלימפּיער, דער גרויסער זעער. איינזאַמקייט איז דאָס מזל פון דעם אינאָוואַטאָר, דעם קעמפער פאַר העכסטע צילן. איינזאַמקייט איז דער סוד פון מדבר. איינזאַמקייט איז דער כישוף פון דער לבנה אין די נעכט. איינזאַם איז אַלץ וואָס איז גרויס. איינזאַם איז דער לייב. איינזאַם איז דער אָדלער. איינזאַם און אַליין איז גאָט.

אָט די טיפסטע איינזאַמקייט איז ניט געווען ראַלניק'ס, די איינזאַמקייט איז פאַר אים ניט געווען קיין רייכער קאָמ־פּליצירטער גייסטיקער צושטאַנד. ער האָט די איינזאַמקייט ניט באַנומען, ער האָט זי אפילו פיינט געהאַט און געשאָלטן. ער האָט זיך געריסן פון איר כאָטש באַפרייען זיך פון איר האָט ער קיין כח ניט געהאַט. און דעריבער איז דער שמערץ פון איינזאַמקייט פאַר אים ניט געוואָרן קיין פּרוכטבאַרער שמערץ.

אין אַנדערע ווערטער: כאָטש ראַלניק איז אייביק געבליבן איינזאַם, דאָך האָט אים געפעלט די גאָב פון איינ־זאַמקייט. און אַנשטאָט אים צו באַפרוכפּערן האָט זי פאַר־הונגערט זיינע קערנער. אין דער צוואַנג־יאַקע פון אַן ענגן,

איינזאַמען איך האָט ער פֿאַר זיינע געפֿילן ניט געהאַט קיין שפּיל־רוים און זיי זיינען איינגעדריקט און איינגעדאַרט געוואָרן. זיינע ליידנשאַפֿטן, זיינע באַדערפֿענישן, זיינע וויזיעס און צילן זיינען איינגעשרומפּן געוואָרן. אַ פּרעסטל האָט אים אַ סמאַליע געטאָן און פֿאַרפּרוירן זיינע זאַפֿטן. ראָלניק דריקט אויס זיין טיפֿסטן וועזן ווען ער זאָגט: „מיין פֿאַרלאַנג און מיין באַגער איז לויטער קליינִיקייטן; ווען אַ וואָרט און ווען אַ בליק, אַ שמייכל פֿון דערווייטן". די דאָזיקע ווערטער זינגען אַרויס פֿון אַ פּאַראַליזירטן לעבנס־ווילן. אָנשטאָט בענקשאַפֿט און געוואַלט — אַ טויטע פּאַסיווקייט. און די פּאָעזיע זוכט די אינטענזיטעטן פֿון לעבן, ניט סטאַגנאַציע. דער אמת'ער פּאָעט גייט אין דער ליניע פֿון גרעסטן ווידערשטאַנד; ניין, ווער עס וואַגט צו גיין קעגן גרעסטן ווידערשטאַנד יענער איז פּאָעט. אָבער ראָלניק גייט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ אין דער ריכטונג פֿון קלענסטן ווידערשטאַנד. ער איז אַ דיכטער פֿון מאַכטלאָזע געפֿילן, אַ דיכטער אָן דינאַמיק, אָן עקספּלאָדיר־שטאָף. ער קען ניט ברענען און קען ניט אָנצינדן. די האַרץ־מוסקולן פֿון זיין דיכטונג זיינען שלאַבעריק, אירע ביינער ווייך, אירע פֿינגער אָן נעגל. מען קען באַ אים אפֿילו ניט רעדן פֿון פּאָעטישער פּאַסיווקייט און רעזיגנאַציע, וואָרים רעזיגנאַציע און פּאַסיווקייט קענען זיין גרויסע דיכטונג, ווען זיי דער־גרייכן אַזאַ גראַד פֿון פּאָעטישער היץ, אַז די פּאַסיווקייט אַליין ווערט אינטענסיוו און די רעזיגנאַציע — אָנשטריינ־גונג. אָבער ניט באַ ראָלניקן. באַ אים איז ניט פּאַסיווקייט, נאָר מאַכטלאָזיקייט. זיינע ליידנשאַפֿטן זיינען דערפֿרוירענע ליידנשאַפֿטן. ניטאָ באַ אים ניט קיין ליידנשאַפֿט, ניט דאָס דענקען פֿון ליידנשאַפֿט. זיינע געפֿילן זיינען אויבנאויפֿיק און שיטער, אַלט און מיד, ווי אַן אַלט פּנים איז אַלט, ווי אַ בלאַט אין הערבסט איז מיד. „לאָז מיך רוען, רוען, רוען"; „וועל איך נעמען וואָס מיר איז באַשערט"; „אַליין אין פֿעלד וועל איך פֿאַרדאַרן און פֿאַרדאַרבן" — דאָס זיינען

טיפישע ראַלניקשע שורות, אַן כח און אַן שוואונג. ער קען אין ערגעץ ניט דערגרייכן ניט קיין צאָרן, ניט קיין עקסטאַז. אפילו ניט אין זיין ליבע. „אויב דיין האַרץ איז שוין צוגעבן, — זינגט ראַלניק צו זיין געליבטער, און וואָס מיינט איר וועט ער טאָן? זיך שלאָגן פּאַר איר, טויטן זי און זיך, אויפרייסן די וועלט, איינרייסן די הימלען? ניין, ער גיט צו — שענק אַ חבר־אָרעם מיר". פּאַר אים איז גענוג ווען די געליבטע וועט אים לאָזן אָנרירן איר אַרבל. דערפאַר אַליין וועט ער זי בענטשן מיט דער ברכה פון אַן אָרעמאַן, אַז זי זאָל האָבן שפע — אין ליבע מיט אַנדערע. אין אַן אַנדער ליד, „אין חודש מערץ", עצה'ט ער מען זאָל ניט גיין צו גאַסט אין יענעם חודש, ווייל מען קען זיך פאַרזיצן, די הויזגעזינט וועט בעטן נעכטיקן, און אַ גאַנצע נאַכט וועסטו ניט קענען שלאָפן וואַכנדיק נאָך „טאַליעם און צעלאָזטע צעפּ" און אַף מאָרגן וועסטו מיט איינגעפאַלענע אויגן „זיך שלעפּן אַהיים מיטן קאַלטן וועג"... אַז מען קען באַנאַכט געפינען די בעט מיט די דינע טאַליעם און צעלאָזטע צעפּ — דאָס קומט אים ניט אין געדאַנק, ניט אין בלוט.

דאָס איז ראַלניקשע ליבע. ליבע אין אַ נאַכט־העמד... אַ מין פּלאַטאָנישע עראָטיק. אַן עראָס וואָס האָט מורא אַ מיידל נאַקעט אָנצוזען...

ראַלניק'ס אויסגעבלייכטע ליבע דערמאָנט אָן דער ליבע פון די אַלטע מינעזינגער, און פון דעם פאַרגלייך קען מען, אגב, זען דעם חילוק צווישן פּאַסיוון און געפּרווירענעם געפיל. די אַלטע דיכטער האָבן אויך געזונגען פּאַסיווע ליבע, מיט אַן אידעאַל פון אַ געליבטער קיינמאָל ניט צו דערגרייכן, אַ געליבטע וואָס האָט געקענט באַוואונדערט ווערן נאָר פון דער ווייטן און קיינמאָל ניט באַרירט ווערן. דאָס איז אויך געווען געצאַמטע, סובלימירטע ליידנשאַפט, אָבער די צאַמונג אַליין — צו וואָס פּאַר אַ ליידנשאַפט זיי האָבן זי דערהויבן! וואָרים דאָס איז דאָס געזעץ פון דער דיכטונג: אפילו אין צאַרטקייט דאַרף זיין כח, אין דעם לירישן — אַ

פעסט הארץ. די אינטעגזיטעטן פון לעבן, ניט די סטאַג־נאַציעס פון טויט איז קונסט. אָבער באַ ראַלניקן שיקט זיך ניט צו רעדן פון זיין געצאַמטקייט און אַנטזאָגונג ווי פון אינטענזיטעטן, ווי פון ליידנשאַפטן. עס איז האַלב־פאַראַליזירטע קראַפט, אַנטמאַנטער גייסט, אַ הארץ אין וועלכן אַ פינגער קען אַריין ווי אין פּוטער. זיינען זיינע לידער ניט אַזוי ליריק ווי סענטימענטאַלע אויסגוסן, ניט קיין ליידנשאַפטן, נאָר קליינע עמפינדלאַכקייטן. אָפּט נאָר קליינע קרענקלאַכקייטן.

און ווי מיט דער ליבע אַזוי איז באַ אים מיט אַנדערע געפילן און פאַרלאַנגען: אומעטום — מאַטקייט, איינגע־צווינגנקייט. אַז מען לייענט פּאָעזיע דאַרף מען ווערן מער, באַ ראַלניקן ווערט מען עפּעס ווייניקער. און געטאָן האָט עס אים די איינזאַמקייט וואָס איז אים געגעבן געוואָרן און וואָס ער האָט אַליין אָפּ זיך גענומען.

ג.

און פּונקט ווי עס האָט ראַלניקן געפעלט די גאָב פון איינזאַמקייט, אַזוי האָט אים אויך געפעלט די גאָב פון לייד. ראַלניק נעמט ניט אָן זיין לייד מיט נאָבלקייט, מיט גרויסן מענטשלאַכן כבוד אָדער גרויסן מענטשלאַכן פּראָ־טעסט. עס טרעט באַ אים ניט אַרויס דאָס ליידן ווי מענטש־לאַכער שיקזאַל. עס איז באַ אים לייבלאַכע, ניט זעלישע נויט. זיין באַליבטער מאַטעפאָר ווען זיך איז „אָרעמאַן" אָדער „בעטלער". ער רעדט נאָר פון וואָס ער האָט און וואָס ער האָט ניט. אָפּט איז ער אומגליקלאַך נאָר דערפאַר וואָס עס דוכט זיך אַז אַנדערע זיינען גליקלאַך. און ער דריקט ווידער אויס זיין טיפסטן איך ווען ער טענה'ט צו גאָט, אַז „אַף מיין מתנה קוקט ער ניט, און הבל'ס פעטס געפעלט אים בעסער, איז מיר דעריבער אַזוי שווער". אַזאַ שורה קען קומען נאָר פון אַן ענגן בליק און אַן ענגן הארצן. אַן ענגן בליק — וואָרים וואו זיינען זיי עס די גליקלאַכע

הבל'ס אַף דער וועלט? און פון ענגהאַרציקייט — ווייל פאַרוואָס זאָל ראַלניקן אַזוי שווער זיין ווען עמיצן אַנדערש איז דאָס מזל גרינגער? דאָס זעלבע געפיל טויכט אַרויס פון אַזאַ ליד ווי:

און וואו נאָר איך גיי איז אַ שמחה, אַ פרייד
און וואו נאָר איך טרעט — אַ חתונה קלייד,
און וואו נאָר אַז אויג איך באַגעגן — עס שטראַלט,
מיין אייגענעם בליק נאָר איז טרויעריק און קאַלט.

וואָס גייען מיר חתונות פרעמדע דען אָן?
וואָס האָב איך מיט לייטישע שמחות צו טאָן?
איך בין ניט געלאַדן, מיך דאַרף מען דאָרט ניט,
נו שלעפּ איך זיך ווייטער מיט וואַקלענדע טריט.

וואו אייגנטלאַך האָט עס ראַלניק געזען אַזאַ גליקלאַכע וועלט אַרום זיך, אַ וועלט פון אייביקע שמחה און פרייד? עס זאָגט דאָס ווערטל: דער זאַטער גלויבט ניט דעם הונגעריקן. אַף ראַלניקן דאַרף מען איבערקערן דאָס ווערטל און זאָגן: דער הונגעריקער גלויבט ניט דעם זאַטן, אַז אין דער זאַטקייט קען מען אויך אומגליקלאַך זיין. ראַלניק איז שטענדיק אַ באַליידיקטער, שטענדיק אַ געקריוודעטער. און זיין קריוודע איז קעגן מענטשן. אַזוי ווי מענטשן האָבן הילף, אַזוי ווי זיי זיינען ניט אַליין אומגליקלאַך. אים האָט זיך אייביק אויסגעדוכט אַז אַנדערע האָבן אויסגעכאַפּט די סעודה און אים צום טיש ניט צוגעלאָזט. לייענט מען ראַלניק'ס לידער, קען מען מיינען אַז ער האָט געלעבט אין אַ וואַלד צווישן גזלנים און רוצחים. „איך לאָז זיך איבער מערק און גאַסן, — זינגט ער אין איין ליד, — איבער אָפּגעצאַמטע הויפן, אינגלאַך ווארפן שאַרפע שטיינער, בייזע הינט אַנטקעגן לויפן". וואָס זיינען עס פאַראַ שרעקלאַכע אינגלאַך אַף דער וועלט און וואו זיינען דאָ בייזע הינט אין נויאָרק? אויסגעטראַכטע אינגלאַך, אויסגעטראַכטע הינט! און צוליב אָט די אויס־געטראַכטע רשעים איז ראַלניק בייז און פאַרגינט ניט אַנדערע דאָס לעבן. „עס וועלן אַנדערע מאָרגן פרי, — זינגט ער, — דעם וואַלד פאַרקלינגען מיט געזאַנג; דאָך

איך זינג היינט די לעצטע נאַכט דאָס ליד פון נאַכט און אונטערגאַנג": אייביק די זעלבע טענה — ער גייט אונטער און אַנדערע וועלן נאָך בלייבן און זינגען. אַדער דאָס ליד:

איך מוז און וועל אַוועקגיין
צי פריער אַדער שפּעטער;
שוין שמידן זיך די רידלען
שוין זעגן זיך די ברעטער.

די שמידן און די זעגער,
זיי לאַכן ברייט און ריידן
פון שניט צייט און פון תבואות,
פון חתונות און פריידן.

איך וועל אַוועק פון דאַנען
אָן טענות און אָן פרידן;
עס וועלן לאַנג נאָך לאַכן
די זעגער און די שמידן.

אַלץ דער זעלבער מאָטיוו: אַנדערע איז זיס, אים איז ביטער; ער וועט שטאַרבן, אַנדערע וועלן בלייבן. עס איז געוויס פאַראַן אַ סך אמת'ער טראַגיזם אין דעם ליד, שיין אויסגעדריקט אין דעם קאָנטראַסט־צווישן לעבן און טויט. אָבער דאָס ליד איז אָרעם אין זיין פילאָזאָפישער, און קליינלאַך אין זיין מאָראַלישער באַדייטונג. וואָרים האָט ראַלניק טאַקע געזען גליקלאַכע קברות־לייט און ארון־מייסטער? צי איז ניט דיכטערישער צו זען, אַז דער קבֿרן איז שוין געשטאָרבן טויזנט טויטן, דעם טויט פון יעדן מת וואָס ער האָט באַגראָבן, און אַז ער איז נאָר אַ לעבעדיקער מת וואָס באַגראָבט טויטע מתים? און די ברעטער וואָס ווערן געזעגן פאַר ראַלניקן, צי זיינען זיי אַמאָל ניט געווען אַ בליענדיקער בוים? און צי וואָלטן זיי בעסער ניט געוואָלט זיין אַ שטאָלצער מאַסט אויף אַ שטאָלצער שיף? און צי וואָלט דאָס זאַמד וואָס וועט ליגן אונטער ראַלניק'ס שוואַרצן אָרון אין גרוב ניט געוואָלט בעסער ליגן אויבן, אונטער דער זון, און טראָגן אַ ווייסע ליליע אויף זיך?

דאָס לעבן אינגאַנצן און אין יעדן קלענסטן ברוכצאָל זיינעם איז אַלציינס טראַגיש.

נאָר פּאַר ראַלניקן איז די דאָזיקע ווייזע פאַרשלאָסן געווען.

אָט אין דעם זין האָט עס ראַלניקן געפעלט די גאָב פון לייד. אים איז באַקאַנט געווען די פיזיקע פון ליידן אָבער ניט די מעטאַפיזיקע, דער רויער שמערץ, אָבער ניט די חכמה פון שמערץ. איינער האָט אַמאָל געזאָגט: „די סומע פון מענלאַכע ליידן פאַר יעדער זעל איז אין פּראָפּאָרציע צום גראַד פון איר פאָלקאָמענקייט". דאָס איז נאָר אַן אַנדער נוסח פון „יוסיף דעת, יוסיף מכאוב". וואָס רייכער אַ נשמה איז, אַלץ רייכער און פאַרשיידנאַרטיקער זיינען אירע ליידן. וואָרים דער חכם ווייסט, אַז „דער מענטש איז געבוירן זיך צו מיען ווי די פונקען אין דער הויך צו פליען". די חכמה פון ליידן ווייס, אַז „הבל הבלים, הכל הבל", אפילו דאָס גוטע און דאָס בארוטע. קלוג און איידל האָבן געפילט פיין יענע, וואָס האָבן געדרונגען: ווען ס'איז דאָ פיין אַף דער וועלט, קען קיין גאָט אַף דער וועלט ניט זיין, און אויך יענע וואָס האָבן געדרונגען פאַרקערט: אַן פיין — קיין גאָט. גרויס און טיף זיינען געווען די וואָס האָבן פון שמערץ געשליידערט די וועלט גאָט אין פּנים אריין, און אויך די וואָס האַלטן עס פאַר אַ זינד צו אַנטלויפן פון שמערץ וואָס גאָט האָט געוואָלט אַף דער וועלט. און קליגער און טיפער פון אַלעמען זיינען אפשר די געווען, וואָס האָבן געלערנט אַז גאָט אַליין רוט אויך אין צער.

דאָס איז די חכמה פון ליידן.

און די גרויסע חכמה פון ליידן האָט אויך געבוירן אַן איידעלע קונסט פון ליידן. צו דער קונסט פון ליידן געהער דער זאָג: גם זו לטובה און — גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט צוגענומען, געבענטשט זאָל זיין גאָט'ס נאָמען.

אָט די איידעלע גאָב פון לייד פעלט ראַלניקן. ראַלניק איז אַן אומעטיקער דיכטער. דער טאָג פון זיינע לידער־

הויבט זיך אָן פאַרנאַכט. יעדער ליד זיינס טראָגט אַ קריעה־צייכן אין לאַץ. נאָך זיינע לידער שלעפּט זיך נאָך ווי אַ ברייטע שלעפּע דער טרויער. אָבער וואָס פאַרא שמערצן און וואָס פאַרא טרויער זיינען זיינע? שמערצן אָן פאַר־שיידנאַרטיקייט, טרויער אָן טיפקייט. ניט טויזנט שמערצן פאַרמאָגט ראָלניק, נאָר איין שמערץ אָף טויזנט פּיצלאָך צעשטויסן. און זיין טרויער איז ניט אַ טרויער וואָס קומט פון אַ פּאָעטישער בענקשאַפט צו דער אומענדלאַכקייט, פון טיפערע פילאָזאָפישע דערקענטעניש, נאָר דער קליינער טרויער פון קליינע זאַכן. אַ טרויער און אַ ליידן וואָס קענען אויסגעקויפט ווערן מיט דריי גראָשן. ניט דעם זין פון ליידן, ניט דעם טעם פון ליידן גיט ער אונז, נאָר העכסטנס אַ באַריכט פון זיינע קליינע ליידן.

דעריבער זיינען זיינע לידער שטענדיק זיינע, קיינמאָל ניט אייערע. און דעריבער איז ראָלניק אין תוך ניט קיין טראַגישער מענטש, נאָר אַ צעדריקטער, ניט קיין פּעסימיסט, נאָר אַ קבצן. וואָרים וואָס איז דען אמת'ער פּעסימיזם? דער באַוואוסטזיין אַז אפילו גליק איז אין תוך ליידיק. אָבער צו אַזאַ הויך דערהויבט זיך ראָלניק'ס ליד קיינמאָל ניט. ער זעט ניט דאָס לייד ווי אַ קאָנפליקט פון דעם מענטשן מיט אַ בלינדן און קאַפּריזנעם אומבאַוואוסטן, אָדער אַן אויסשטראַלונג פון אַ שלעכטן אָדער גערעכטן גאָט. ער זעט אויך ניט דאָס לייד ווי אַן אויסדרוק פון סאָציאַלער אָרדנונג. דאָס וואָרט אָדער דער באַגריף סאָציאַל איז אים פאַרבאָטן געוועזן דורך זיין פּראָגראַם. זעט ער נאָר זיין אייגן, אינטים ליידן און ער זעט עס דאָס רוב ווי אַן אומ־פאַרדינטע שטראָף וואָס בייזע מענטשן פאַרשאַפן אים. עס איז אַ מין אָרעמאַנסקער פּעסימיזם. אָדער אפילו נאָך ווייניקער ווי דאָס. עס איז איבערהויפּט ניט קיין מאָדער־נער געפיל פון פּעסימיזם. דער אָרעמאַן ווייס היינט פון וואַנען זיין אָרעמקייט קומט און ער קלאָגט ניט אָף זיין מזל און איז ניט מתפלל, ווי ראָלניק, צו גאָט אָף פּרנסה.

די פּסיכאָלאָגיע פון ראָלניק׳ס ליד פון ליידן איז אַן אָרע־מאַנסקע פּסיכאָלאָגיע, אָבער פון אַן אַמאָליקן טיפּ אָרעמאַן, וואָס איז שוין היינט כמעט גאָרניט בנמצא.

די שול פון די „יונגע" האָט אנשטאָט דעם סאָציאַלן יחיד געוואָלט שטעלן דעם פּאָעטישן אויסנאַם־מענטשן, און אַפן אָרט פון סאָציאַלן מיטליד געבן דאָס אינדיווידועלע ליד. אָבער ראָלניק האָט נאָר דערגרייכט דאָס, וואָס אָנשטאָט סאָציאַלן מיטליד וועקן זיינע לידער מיטליד צו אים אַליין, און אָנשטאָט אינדיווידועלע לייד גיט ער עגאָ־איסטישע לייד. זיין ליד איז נאָר אַ שפּיגל אין וועלכן עס קוקט ראָלניק׳ס פּנים ווי ער באַדויערט זיך אַליין: אַך, ווי אומגליקלאַך איך בין, אַך, ווי אומגליקלאַך איך בין! ניט אינדיווידואַליזם, נאָר עגאָאיזם. און אפילו נאָך ווייני־קער ווי דאָס. בכלל קען מען אין ראָלניקן אונטערשיידן פאָלגנדע סטאַדיעס: פון עגאָיזם צו עגאָצענטרישקייט, און פון עגאָצענטרישקייט צו מיזאַנטראָפּיע. יע, דירעקטע מיזאַנטראָפּיע, דירעקטע שנאה צו מענטשן. אין דעם דאָזיקן פּרט איז ראָלניק אפשר דער איינציקער אין דער אידישער פּאָעזיע. אין אַ פּאָעזיע וואָס איז פון אָנהויב ביזן סוף הומאַניטאַר איז ראָלניק אַפן מענטשנפיינטלאַך. מיר האָבן שוין פריער געזען, אַז אין ראָלניק׳ס גאַנצער דיכטונג גייט דורך אַ שטראָם פון אַנטיפּאַטיע צו מענטשן. אָבער די דאָזיקע אַנטיפּאַטיע וואָלט געקענט אויסקויפן זיך אַליין און זיך דערהייבן צו דיכטונג, ווען זי וואָלט געווען אַ גרויס־זעעריש, און אַ גערעכטע. באַ אים אָבער שטאַמט זי פון ענגע און קליינע מאָטיוון, פון דער איינרערעניש, אַז מענטשן האָבן אים שלעכטס געטאָן. זיי האָבן דאָס גאַנצע גוטס פון דער וועלט אויסגעכאַפּט פאַר זיך און אים גאָרניט איבער־געלאָזט. און אַזוי פאַרביטערט איז ער, אַז אָפטמאָל גייט באַ אים די אַנטיפּאַטיע אַריבער אין אָפענעם האס און ער בייסט זיך אַריין אין מענטשן מיט גיפטיקע ציין. אַזוי זינגט ער צום ביישפּיל:

גוטע פריינט דא און דארט;
גוטע פריינט אומעטום,
א פארטיליק זיי, גאט,
דא און דארט, אומעטום!

אדער דאס ליד:

איך וויל, אז פאלן זאל מיין ליד
ווי האגל אף די פעלדער;
זיך אויסגיסן אף אלט און יונג
און ניט אף פוסטע וועלדער.
איך וויל מיין ליד זאל יעדן גליק
אין יעדן הארץ פארדארבן;
אז יעדע פרייד און יעדע לוסט
זאל יונגערהייט דארט שטארבן.

אז אמת'ע תוכחה, נאר, פארשטייט זיך, אן דער גרויסער פאעטישער קראפט פון דער תוכחה. און פארוואס שילט ער אזוי די מענטשן, פריינט און פרעמדע? דערפאר ווייל אים דוכט זיך אז:

די לאנגע גאס האט טויזנט טירן,
עס שרייט אף איר א יעדער טיר,
און צען מאל מער די גאס האט פענצטער,
און יעדער פענצטער שפאט פון מיר.

אויסגעטראכטע קריוודעס, ווי אויסגעטראכט עס איז, אז עס זיינען

פאר אייך די גרויסע חדרים,
מיט לען־שטולן און טישן גרייט,
פאר מיר — א לעבן, לייט'ס געלעכטער,
פאר מיר — א הינטער־פארקאן־טויט.

פאר אזעלכע אויסגעטראכטע גליקן בא אנדערע און קריוודעס קעגן זיך, האט ער די מענטשן געשאלטן און זיי ניט פארגונען דאס ביסל נחת וואס זיי האבן. ער האט זיך אפילו ניט געשעמט ניט צו פארגינען דעם הונט און האט געשריבן:

ווי אפט האב איך דעם הונט, די חיה, ניט פארגינען,
זי האט איר ביין, איר שטאל, איר בעל הבית געפונען.

און ווען ער גייט בעטן בא גאט, קומט ער אויך מיט ארעמאנסקע בקשות. ראלניק'ס עטלאכע גאט־לידער געהערן

צו זיינע בעסטע לידער. אָבער קיין רעליגיעזע לידער אָדער גאָט־לידער אין אמת'ן זין פון וואָרט זיינען זיי ניט. פאַר גאָט דאַרף מען קומען מיט אַ גרויס האַרץ, אָדער מיט אַ ריין האַרץ. אָבער ריין איז ראַלניק'ס האַרץ ניט אין זיינע רעליגיעזע לידער. אַזוי ווי זיינע קלאָג־לידער ווערן איינגעשרומפּן ווייל ער קלאָגט קיינמאָל ניט פאַר מענטש־הייט נאָר פאַר זיך, אַזוי זיינען זיינע גאָט־לידער קליין, ווייל ער בעט ניט פאַר קיינעם, ער בעט נאָר פאַר זיך. בשעת ער שטייט פאַר גאָט און איז מתפּלל פאַר זיך, שעמט ער זיך ניט איינצו'מסר'ן אַנדערע בעטער. „אין כאָר פון שרייענ־דיקע מאַנער, — זינגט ער, — מיין קרעכץ ניט לאָז פאַר־לוירן גיין". ער, הייסט עס, איז דער עניוות'דיקער קרעכ־צער, זיי — חוצפּה'דיקע מאַנער. און ער וויל ניט גאָט זאָל אים הערן איניינעם מיט קהל: „אין אויגנבליק, — זאָגט ער, — אַז איינציקן, נאָר הער אויס, גאָט, דיין קנעכט אַליין". ווען עס דאַרף קומען קריג איבערן לאַנד און די וועגן וועלן פול ווערן מיט מלחמה־קאַראַוואַנען, און ווייבער וועלן זייערע מענער און זין „פון שטאָט אַרויסבאַגלייטן און וויינען וועלן זיי ווי ווען מען טראָגט אַוועק אַ טויטן" — פאַר אָט אַזאַ צייט פאַרפאַסט זיך ראַלניק אַ תפילה און זאָגט:

באַשיץ כאָטש גאָט מיין אייגן שטוב,<br>
דיין צאָרן זאָל איר מיידן...

מיין שטוב, הייסט עס, איז אַן אַ זייט... און די אַנדערע מעג דער טייוול נעמען.

אָבער די אמת'ע פרומקייט הייסט אפילו פאַרן שונא בעטן, און „איוב" איז אַזוי גרויס דערפאַר, וואָס באַלד נאָכדעם ווי ער שרייט „יאבד יום אולד בו", זאָגט ער: למה יתן לעמל אור"...

און אַזוי ווי ראַלניק'ס האַרץ איז ניט ריין, אַזוי איז עס אויך ניט גרויס פאַר גאָט. גאָט איז פאַר אים ניט דאָס

גרויסע געהיימנים, דער סוד און יסוד פון אַלץ, די וואָרצל פון אַלע שיינקייטן און אומשיינקייטן, די קוואַל פון אַלע האַרמאָניעס און אַלע סתירות, פון אַלע גבורות און שוואַכ־קייטן, די רעטעניש פון אַלע רעטענישן, דער וואונדער פון אַלע וואונדער. דערפון זינגט ער קיינמאָל ניט. גאָט איז פאַר אים עפּעס — נאָר צו בעטלען בקשות. ראַלניק ווענדט זיך צו גאָט מיט אַן אָרעמען באַגער: ברויט מיט פּוטער באַטאָג, און אַ געטרייע בעט באַנאַכט. געוויס זייער עניוות־דיק, נאָר ער אַנטשולדיקט זיך פאַר גאָט פאַרוואָס ער בעט אַזוי ווייניק. פאַרוואָס ער בעט בלויז און ניט קיין גאָלד. „ווייל פאַר דיר, דאָך, האָר פון אַלע אוצרות, האָט בלויז און גאָלד דעמזעלבן קלונג". בלויז ווער עס האָט אַ צוגע־טראַכטן גאָט־געפיל, קען בעטן מחילה באַם אויבערשטן פאַר פאַרלאַנגען ווייניק און ניט קיין סך. „ווייל וואָס פאַרלאַנגט דען גאָט פון דיר? — פרעגט דער נביא — זאָלסט גיין באַשיידן מיט אים"... ראַלניק'ס מאָדנער געבעט אַף בלויז ניט גאָלד, דערמאָנט אַן יענעם רב וואָס האָט געוואָלט מען זאָל וויסן אַז צווישן אַנדערע מעלות זיינע איז ער אויך אַ גרויסער עניו... אָדער אפשר האָט עס ראַלניק גאָר געמיינט ווי איראָניע? תפילה מיט איראָניע...

ראַלניק'ס גאָט־לידער האָבן אַלע מעלות פון זיינע אַנדערע לידער און אַלע זייערע חסרונות. אַזוי ווי די אַנדערע לידער זיינען קליין און שוואַך ווייל זיי פעלט אַנטייל אין אוניווערזאַלער עמאָציע, אַזוי זיינען זיינע גאָט־לידער שוואַך און בלייך, ווייל זיי האָבן ניט קיין אמת'ן חלק אין דער גאָטהייט. סיי דאָ, סיי דאָרט איז זיין ליד איינגעשרומפּן, קליין און מאַט, אָן הויכע ליכטער און אָן ווייטע שאָטנס. און ווען די און יענע קען מען זאָגן דאָס אייגענע: ווען אונזער ליטעראַטור וואָלט געהאַט אַ נאָרמאַל לעבן און וואָלט אָנגעפילט אַליין אַ לאַנד אָדער כאָטש אַ שטאָט, וואָלטן די בעטלער ראַלניק'ס לידער אויפגענומען —

ניט קיין קליינע זכיה ! — און וואַלטן אומגעגאַנגען מיט זיי איבער די הייזער. ווייל גראַשנדיקע נדבות קען מען נאָך מיט זיי אויסבעטן, סיי בּאַ גאָט און סיי בּאַ לייט, אָבער קיין גרויסע זאַכן בּאַ קיינעם ניט.

ד.

די ערשטע אָרעמקייט ווי די ערשטע רייכקייט פון אַ פּאָעט קומט אַנטקעגן פון זיינע בילדער, אין זיין וויזיע, אין זיין געמעל פון דער וועלט, אין זיין פאַנטאַסטיש אויג, אין זיין אייגנאַרטיקן צונויפבינדן און אָפּקניפּן שייכות׳ן פון זאַכן אין דעם אוניווערזום. פּאָעזיע איז די לירישע איבערגעשטאַלטונג פון דער וועלט און פאַרב און פּלאַסטיק זיינען אירע יסודות. דיכטונג איז — דאָס פליגעלע פון אַ שמעטערלינג. אַ ליד איז — דער עק פון אַ פּאַווע. די האַלז פון אַ טויב. דער קאָפּ פון אַ לייב. און עס בלייבט אַ חידוש פון חידושים ווי אַזוי ראַלניק באַווייזט דורכצוטראָגן זיין ביסל פּאָעטישן האָב מיט אַזאַ אָרעמקייט פון פאַרב און בילד, מיט אַזאַ אָרעמקייט פון זעערישער רעטאָריק. זיין שפּראַך איז כמעט אָן אַדיעקטיוון, ליידיק פון יעדן פערזענלאַך־מעטאַ־פאָרישן. ער האָט ניט די גאָב פון פּלאַסטישער אַנשוילאַכ־קייט, און האָט ניט קיין כח פאַר קאָנסטרוקציע. ער פאַר־מאָגט ניט קיין בילדער ניט פון דער אָפענער וועלט, ניט פון זיין אייגענעם איך אַרויס. קיין שאַרפע פאַרבן, קיין פעסטע קאָנטורן. ווי געשריפטס אַף פּלעקפּאַפּיר. ווי געמעלן פון טעפּיכער אַף דער לינקער זייט. ווי טריט אין זאַמד. ווי געזיכטער אונטער וואַלן. ווי רעפלעקסיעס פון זאַכן איז וואַסער. ווי בלייך אַף בלאָס. ווי שאָטן אַף געדיכטערן שאָטן.

דער גרויער טונקל פון זיינע לידער ווערט נאָר דאָ און דאָרט דורך אַ האַלב־בליץ פון סאַטירע אויפגעלויכטן. און סאַטירע איז געדאַנקלאַכקייט. און ס׳איז מאָדנע : צווישן די „יונגע״ וואָס האָבן געקעמפט קעגן געדאַנקלאַכקייט,

האָט געווירקט ראָלניק באַ ווען די פאַנטאַזיע איז געגאַנגען הינטערן מוח. ער איז זינגער מער פון געדאַנקלאַכן געמיט ווי פון בילד. ער דערציילט אָנשטאָט מאָלן. זיין פּאָרטאַ איז אַ געדאַנקלאַכער איינפאַל, אַ קלוגע המצאה, אַ שאַרפע חכמה'לע, אַ וויץ אפילו. אַלאַ היינע. ווי צום ביישפּיל דאָס ליד וואָס זינגט, אַז ווען ער גייט צו זיין געליבטער איז זיין האַרץ דער וועלט־זייגער; ער גייט צוריק — דאָס איז דער זייגער אויסגעגאַנגען. אָדער, אַז ער פאַרזעצט זיין נשמה באַ גאָט יעדע נאַכט און גאָט גיט זי אים צוריק, אָבער באַ דער געליבטער וואָלט ער געוואָלט פאַר'משכונ'ען די נשמה און זי זאָל באַ איר פאַרפאַלן ווערן. אַזעלכע חכמה'דיקע לידער האָט ראָלניק אַ סך. עס איז זין קעגן זינלאַכקייט, דאָס אינטעלעקטועלע קעגן דאָס סענזיטיווע. חלום מיט אָרדנונג. שכל'דיקע, דיסציפּלינירטע שורות, דורך וועלכע עס פליסט קיל בלוט. אָבער דער גרויס־אַרטיקער אַדיעקטיוו, דאָס וואונדערבאַרע וואָרט, דער פלאַמיקער זאַג, דער בלענדיקער פיר מיטן פּינזל — דאָס ווערט מען אומזיסט באַ ראָלניקן זוכן.

די קליינע געפילן און די קליינע טאָג־טעגלאַכע דראַמען וואָס זיינען דער אינהאַלט פון ראָלניק'ס דיכטונג האָבן אויך באַשטימט איר פאָרם. עס איז קליינע, ניט טיפע פאָרם. עס איז ניט קיין פאָרם פון לייכטע, שוועבנדיקע, אַטמאָספערישע עפעקטן, און ניט קיין פאָרם פון מאַסע, אַרכיטעקטור, דעקאָראַציע. פיזישער פּלאַן און גייסטיקער פּלאַן פון אַ ליד, זייער האַרמאָניע אָדער זייערע דיסאָנאַנסן — די דאָזיקע פּאָעטישע ווערטן באַשעפטיקן ניט ראָלניק'ן און שפּילן קיין שום ראָלע ניט אין זיין דיכטערישער אַרבעט. ראָלניק, אַזוי ווי אַזוי פיל אידישע דיכטער, שטייט איז אמת'ן נאָך זייער נאָענט צו דער פאָלקס־דיכטונג. און עס איז קיין חידוש ניט. זיי קומען מערסטנס דירעקט פון די פאָלקסמאַסן, און זייער לעבן, גייסטיק און מאַטעריעל, איז זעלטן רייכער ווי דאָס לעבן וואָס די פאָלקסמאַסן פירן. די

אייגענע דערפאַרונגען, די אייגענע האָריזאָנטן. ראָלניק איז אין דעם פּרט ניט קיין אויסנאַם. ער האָט דעריבער זייער פיל בשותפות מיטן פאָלקס־ליד: די אַלטע קאַדענצן, די איינפאַכע פאַקטורע און דעם איינפאַכן דירעקטן טאָן פון דעם פאָלקסליד. נאָר, פאַרשטייט זיך, מיט פיינערע רייצן, מיט אַ דינערער נערוון־וויבראַציע. זיין שפּראַך איז אויך אַ נאַקעט־פאָלקסטימלאַכע. ער האָט אַ גאַנץ אַקוראַטנעם אויער פאַר ווערטער, אָבער די ווערטער אַליין זיינען נייטראַלע, נייטראַלע אין מוזיקאַלישער הינזיכט, אין בילד־לאַכער און אין גייסטיקער. ער איז ניט אַזאַ דיכטער וואָס דעקט אויף נייע שאַטירונגען, נייע שפּיגלונגען, נייע פּייאַי־קייטן פון ווערטער. ראָלניק קען ניט אַריינקוקן אין דער נשמה פון ווערטער, הינטער די סודות פון שפּראַך. ראָלניק גייט דעם גראַדן וועג פון דער שפּראַך. ער באַנוצט שפּראַך ווי שפּראַך, ניט ווי אַ קינסטלערישן ווערט. זי איז באַ אים מער מיטטיילונג ווי אויסדרוק. ער גיט קיינמאָל ניט זיין וואָרט אַן אייגענעם בויג, אַן אומגעריכטן קנייטש, ניט די קלענסטע פאַרפיינערונג, ניט די קלענסטע אָפּווייכונג פון דעם נאָרמאַלן. ער נוצט ווערטער ריין פּאַקטיש. ווי מטבעות: אַזוי פיל און אַזוי פיל איז די מטבע ווערט אין מאַרק, און פאַר אַזוי פיל נעמט ער זי.

אָבער מטבעות האָבן אַנדערע ווערטן אויך: קינסט־לערישע, היסטאָרישע, סענטימענטאַלע.

נייטראַל זיינען ראָלניק׳ס ווערטער אויך אין פּרט פון מוזיקאַלישקייט. קיין קלאַנג־פאַנטאַזיע פאַרמאָגן זיי גאָר־ניט. זיינע ווערטער זיינען אָרעם אין איבערטענער און אונטערטענער. זיי פאַרלירן באַ אים זייער קלאַנג אַזוי ווי זיי וואָלטן אַריין אין אונזערע אויערן דורך וואַטע. זיי בלייבן ניט נאָכקלינגען, ניט אין געמיט, ניט אין גייסט. זיי זיינען אָן עכאָס.

און אויב ראָלניק גיט גאָרניט צו צו ווערטער, נעמט ער אָבער אָפּט עפּעס אַוועק פון זיי. ער באַהאַנדלט זיי

אמאָל ווי אַ שטיפּמאַמע. אין זעלבן ליד קען ער זאָגן „דאָס לעצטע ליד" און „מיין טיפּע ליד" („נענטער צו דיר"). קענען איין גראַמאַטישער קאַטעגאָריע זינדיקט ער שטענדיק: קענען דער געשלעכט־פאָרם אין דעם דאַטיוו און אַקוזאַטיוו. ער קען שרייבן: אין יעדן לאַנד פלעגט ער צו איינציק חודש זאַמען; אָדער: „אין אַ פינצטער נאַכט, אַף אַ זייטיק וועג". די באַשרענקטקייט פון זיין שפּראַך פילט זיך אַם שטאַרקסטן ווען מען לייענט די לידער לאַנג נאָכאַנאַנד. עס הויבט זיך אָן מיט אַ ווייכער, מידער זיסקייט פון שפּראַך און עס ענדיקט זיך מיט יענער איינשלעפערנדיקער אָרעמקייט פון ווערטער וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר שרייבער אָן סטיל.

אַ טעכניקער איז ראָלניק אין גאַנצן אָן מייסטערשאַפט. די מאָרפאָלאָגיע און די פיזיאָלאָגיע פון זיינע פערזן זיינען אַזוי אומקאָמפּליצירט ווי אין פאָלקס־געזאַנגען, אַזוי אומ־מיסטיש ווי פענצטער־שויבן. זיין ריטם איז ניט קיין מוזי־קאַלישער, נאָר אַן אַריפמעטישער. די מעלאָדיע פון זיינע מעטערן באַקומט זיך פון דער מעכאַנישער אויסשטעלונג פון די אַקצענטן און פון גראַם, ניט פון אינערלאַכער מוזיקאַ־לישקייט. מוזיק און בילד גיסן זיך באַ אים ניט צונויף אין איין לאָגיק. ער זינגט אַ שריפה מיטן ריטם פון אַ וויגליד („אַ נייער טאָג"), אַ יאַריד — מיטן טאָן פון אַ מעדיטאַציע („אַ מאַרק"). די ווערטער ליגן איינס לעבן אַנדערן ווי אַרבעסלאַך: זיי באַרירן זיך נאָר, אָבער זיי ווערן ניט מוזיקאַליש איינגעגלידערט איינס אין אַנדערן. זיין גאַנצן קינסטלערישן פאַסאָן דאַרף מען זוכן אין דעם אַנסאַמבל פון זיין ליד: אין זיין מאָטיוו, אין זיין באַוועגונג, אין זיין באַדייטונג. אַ בילד אַליין פאַר זיך, אַ שורה אַליין; עפּעס אַ דיכטערישע וויזיע אין אַ פאָלקאָמענער אייביקער פאָרמולירונג; דאָס פערזענלאַך־מעטאַפאָרישע וואָס איז דער ערשטער צייכן פון יעדער ווערטפולער דיכטונג — דאָס געפינט מען באַ אים ניט. זיין גרעסטער כח, ווי

געזאָגט, ליגט אין דעם אַנסאַמבל. דאָ ווייזט ער אָפּט אַרויס אַ פּיינע עקאָנאָמיע פון שפּראַך, אַ ריינקייט פון פאָרם, אַ געוויסע בוייגיקייט און דראַמאַטישקייט, און דאָס האָט מעגלאַך געמאַכט טייל לידער זיינע אַרויפצושנורן אַף אַ מעלאָדיע און זינגען.

ה.

און דאָך קען גאָר קיין שאָטן פון ספק ניט זיין, אַז ראָלניק איז אַ געבוירענער דיכטער. ער האָט אַן עכטן דיכטערישן קלאַנג. נאָר וואָס דען, ער איז געקומען מיט אַ מינימום פון דיכטערישע מיטל. עס איז פאַראַן אַ דינע ליניע, וואָס טיילט אָפּ דעם טאַלאַנט פון דעם אומטאַלאַנט, דעם אמת'ן פּאָעט פון דעם פּסעוודאָ־פּאָעט. העכער פון דער ליניע, אַרויפצוצו, איז קיין גרעניץ ניטאָ; נידעריקער פון דער ליניע, אַראָפּצו, הערט אויף די אמת'ע פּאָעזיע. ראָלניק שטייט פּונקט אַף דער ליניע. אַ האָרעלע נידעריקער און עס וואָלט געווען אויס. ער האָט פּונקט דעם passing mark. ער איז אַ פּאָעט־מינימום.

און די טעאָריע פון די „יונגע", אַרויפגעפּלאַנצט אַף זיין איינגעבוירענער באַשרענקטקייט, האָט נאָך צוגעהאָלפן ער זאָל פאַרפרוירן ווערן באַ יענער מינימום־ליניע. די „יונגע", ווי געזאָגט, האָבן אַרויסגעשטעלט דעם קולט פון יחיד אין דער אידישער פּאָעזיע. דער דאָזיקער קולט פון דעם יחיד אַלס פּאָעטישער ווערט האָט געווים אַריינגעבראַכט אַ נייעם שיינעם רייץ אין דער אידישער פּאָעזיע. אין דער אידישער פּאָעזיע, וואָס איז געווען כמעט אינגאַנצן באַהערשט פון דעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן פּאַטאָס, איז געווען אַ גאַנצע רעוואָלוציע אָט דער פאַרלאַנג פון די „יונגע" אַוועקצופליען פון דער אַלטעגלאַכקייט אין די אייגענע שענערע אינערלאַכקייטן. אָבער אַרויסהויבן דעם אייגענעם איך האָט ניט געדאַרפט מיינען זיך פאַרשליסן קעגן יעדער קולטור. נאָך וויניקער האָט עס געדאַרפט מיינען — מורא

פאַר דער ווירקלאַכקייט און פאַראַכטונג פאַר דער קעגנ־וואָרט. די „יונגע", כדי צו פּרעזערווירן זייער אייגענעם איך, האָבן געמיינט, אַז זיי דאַרפן זייערע עמאָציעס אַסקע־טיש אָפּשליסן פון דער וועלט. זיי האָבן ניט באַגריפן דעם פּשוט׳ן אמת, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין אַבסאָלוטער יחיד. מענטש איז פאַרזעצונג פון מענטשן, פאַרזעצונג פון לאַנד־שאַפט. אָבער די „יונגע" האָבן געדיכטעט ווי אין אַ חלל. דעריבער האָט זייער פּאָעזיע קיין צוזאַמענהאַנג ניט מיטן וועלט־בילד פון דער עפּאָכע. אין ראָלניק׳ס ליד איז ניטאָ קיין אָנצוהערעניש, אַז אַף דער וועלט איז שוין געפונען געוואָרן עלעקטריציטעט, טעלעפאָן, טעלעגראַף, אייזנבאַנען און דאַמפשיפן; און אַז דאָס מענטשלאַכע געמיט איז שוין טויזנטפאַך אַנדערש געוואָרן. אַזאַ געפיל־לעבן ווי ראָלניק׳ס ליד שילדערט איז שוין איבערהויפּט אַף דער וועלט ניטאָ. ראָלניק און אַלע „יונגע" האָבן זיך שטרענג געהיט זיך ניט אָנצושטעקן פון דער אַטמאָספערע, און דער סוף איז, אַז זייערע סענטימענטן זיינען געבליבן אינגאַנצן אָן קאָליר, אָן קאָליר פון דאָרף אָדער שטאָט. זיי האָבן ניט קיין לאָקאַלן קלימאַט, קיין לאָקאַלע ציוויליזאַציע. ניט הימל, ניט ערד, ניט מענטש האָט זיי געמאַכט. און אַזוי זיינען זיי געבליבן אָפּגעבונדן פון דער צייט און צו דער אייביקייט ניט צוגע־בונדן. אָבער באמת צו זיין מיינט אַרויסצוגיין פון די גרעניצן פון אייגענעם זיין. דער גרויסער מייסטער איז שטענדיק אַ פּראָדוקט פון זיין צייט און בלייבט דאָך שטענ־דיק אָן איצטיקער. די אמת׳ע פּאָעזיע איז ניט די וואָס קערט זיך אָפּ פון דער וועלט. די אויפגאַבע פון דער פּאָעזיע איז זיך צונויפצושמעלצן מיט דער וועלט און ווערן איר מוזיק. זי טאָר ניט אַנטלויפן פון דעם מאָמענט; זי זאָל דעם אויגנבליק אייביק מאַכן. זי דאַרף ניט אַנטלויפן פון דער ווירקלאַכקייט; זי דאַרף אין דעם ווירקלאַכן אויפדעקן דאָס ווירקלאַכערע.

פונדעסטוועגן, אפילו אין די סיגים מיט וועלכע די שול פון די „יונגע" האָט זיך אַרומגעצאַמט, האָבן ראַלניק'ס קאָלעגן, סיי די וואָס זיינען געגאַנגען דעם גאַנצן וועג פון דער שול, סיי די וואָס זיינען נאָר געגאַנגען האַלב־וועג, באַוויזן מער ווי ראַלניק. עס ליגט אַ ווייטער מהלך צווישן אים און דעם איניקן און צירלאַך־קלינגעוודיקן מאַני לייב, צווישן אים און דעם שטורמישן, גריבלערישן, ליידנשאַפט־לאַכן משה לייב האַלפּערן. די גאַנצע שול איז געבליבן מאָטיוויש אָרעם, אָבער מאַני לייב האָט מער רויש ווי ער, לייוויק, וואָס איז אַוועק אָן אַ זייט, מער גייסט, און לאַנדוי — שווערערן בלוט אונטער דער הויט. ראַלניק איז געבליבן הינטערשטעליק אפילו הינטער זיין אייגענער שול. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן קלענער ווי זיין קינסטלערישער רעצעפּט.

און אַזוי איז ראַלניק אַ פּאָעט אָן ליבשאַפט, אָן וואונ־דער, אָן חלום, אָן הייליקייט און אָן באַגייסטערונג, אָן גרויסע תאווה'ס און אָן גרויסער אַנטזאָגונג, בלינד צו דער שיינקייט וואָס ליגט באַהאַלטן אין יעדער גאָט'ס וועזן, אָן ווילן צו הויכער גוטסקייט און אָן פייאיקייט אױף אַ געהויי־בענער בייזקייט, אָן גרויסאַרטיקן פּאַטאָס, אָן נאָבעלער געוואַלט, אָן ממשות'דיקער גייסטיקייט. אַ פּאָעט מיט ווינציקע שאַטירונגען פון אַן איינפאַכן געפיל, מיט לידער — לידעלאַך: אַ שטורם אין אַ גלאָז וואַסער, און אין גלאָז איז אָפט קיין וואַסער ניטאָ; אַ פּאָעזיע — אַ קליין, שוואַך וועלטעלע, וואָס באַם שאָס פון אַ פייערווערק פאַלט זי איין.

ווען ער האָט כאָטש איין פעדער פון אַן אָדלער!

כאָטש איין הערלאַכן יאָ! כאָטש איין גלענצענדן ניין! כאָטש איין מעכטיקן פלי!

ו.

דאָס איז ראַלניק'ס דיכטונג אין נעגאַטיוון זין. און וואָס פאַרמאָגט זי אין פּאָזיטיוון זין?

אַ שטיל־לויטערן טעמפּעראַמענט. עטלאַכע איינפאַכע מאָטיוון. אַ ביסל קינדישע נאַיווקייט. אַ שטיל קול; מענטשן וואָס לעבן אַליין רעדן נידעריק. און גלטקייט — ניט צונויפּצומישן מיט פשטות. נעטקייט מיינט דירעקטע ריינקייט, אָבער פשטות מיינט קאָמפּליצירטקייט וואָס איז געבראַכט געוואָרן צו דורכזיכטיקער ריינקייט. זיין גאַנצער נדן דער אידישער פּאָעזיע — עטלאַכע פיינע מיניאַטורן.

ווי שיריים פון אַ גרויסן דיכטער וואָלטן זיינע לידער געווען געננוג, אָבער אַליין אַ גרויסן דיכטער צו מאַכן פאַרמאָגן זיי ניט.

און אַלץ וואָס ראַלניק איז און איז ניט — האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין אָפּגעשלאָסנקייט. ניט אַזוי דער איינגעבוירענער נייגונג צו אָפּגעשלאָסנקייט: די האָט ער געקענט דיסציפּלינירן און באַרייכערן מיט דערפאַרונגען און קולטור. אויך ניט אַזוי די אָפּגעשלאָסנקייט וואָס זיין קראַנקייט און אַנדערע צרות האָבן אַף אים אַרויפגעלייגט. וואָרים אַ שרייבער האָט גאָר קיין צרות ניט: אַז ער האָט צרות, מאַכט ער דערפון קונסט... ראַלניק האָט זיך צו פאַר־דאַנקען מער פון אַלץ דער אַסקעטישער תורה פון די „יונגע", וואָס האָט געלערנט דעם פּאָעט בכיוון זיך צו פאַרשליסן אין אַ ווינקל, און אַלץ: דערפאַרונג, קולטור, סביבה, צייט, צו טרייבן פון זיך ווי פרעמדן שטאָף און צו זינגען נאָר פון פינגער.

אַ מענטש קען, שפּאַנענדיק אין זיין צימערל, איינגיין די לענג פון ערד־גאַרטל, אָבער קיין רייזע אַרום דער וועלט וועט עס ניט זיין.

# א. לוצקי

## א.

### ערשטע אימפּרעסיע: „אומעטיק און פריילאַך“

לוצקי'ס לידער, צו וואָס זיינען זיי געגליכן?

צו אַ שווי־פענצטער פון קינדערשע שפּיל־צייג.

וואָס געפינט איר דאָרט נים? טויזנט קליינוקייטן: פידעלאַך, זייגערלאַך, טשיקאַווע הייזקעלאַך, אַ באַן, אַ פּאַפּירענעם אָדלער, אַן אָנגעמאָלטע מיידל, טעפּעלאַך, פייקעלאַך, קוריאָזע מענטשעלאַך — אַלץ וואָס אַ קינדיש האַרץ קען נאָר גלוסטן.

גייט פאַרביי אַ גרויסער און קוקט זיך ניט אום: עט, צאַצקעס. אָבער אַ קינד גייט דורך, שטעלט עס זיך אָפּ, פאַרשטעקט די הענט אין די קעשענעס און דאָס צינגל אין באַק, און פאַרטיפט זיך: פּלאַי פּלאַים.

קינדער זיינען דיכטער, ווייל זיי קענען זיך וואונדערן. און ווייל זיי קענען אַף אַ פּלעקל אויפהענגען אַ גאַנצע וועלט. לוצקי איז אַזאַ קינד.

זעט נאָר וואָס עס טוט זיך אָפּ ווען לוצקי דערזעט — מיינט איר וואָס? אַ באַרג? אַ וואַלד? אַ שטאָט? אַן אָקעאַן? איינעם פון די זיבן אָדער זיבעציק וואונדער פון דער וועלט? — ניין . . .

„אַ פּאָדים“, אַ קליין איינפאַך שטיקל פּאָדים — וואָס איז „ווי אַ שלענגעלע געלאָפן פון אַ שטורם“. טרעפט אַז אומגליק און דאָס אָרעמע נפש'ל פאַלט אריין אין אַ וואַסערל און ציט זיך נעבעך אוים — טויט. און אַן ערד־ציטערניש

וואָלט ניט געקענט זיין קיין גרעסערע קאַטאַסטראָפע: וואו ערגעץ אַ שטויבעלע אין גאַס, אַ שטיקעלע פּאַפּיר, אַ פּיצעלע האָלץ, אַ האָרעלע וואַטע, אַן אָפּגעבראָכן שוועבעלע, אַ ברעקעלע קאַרטאָן — אַלץ איז זיך צונויפגעלאָפן צום אומגליקס־פּלאַץ און צו דער לויה, און אַזאַ טויט־שרעק האָט זיך צעשפּרייט איבער אַלץ און אַלעמען, אַז די הייזער זיינען בלאַס געוואָרן און די מענטשן האָבן איינגענורעט די העלדזער און זיך צעלאָפן...

א וועלט־איבערקערעניש איבער אַ פּעדימל.

אָט מיט אַזעלכע קליניקייטן און אַזעלכע וועלט־איבערקערענישן איז פול לוצקי׳ס פּאָעזיע. איינמאָל איז דאָס אַ פּעדימל, אַן אַנדערש מאָל איז דאָס אַ שטיקעלע פּאַפּיר וואָס פאַלט אַף אַ רעלס און וויל באַגיין זעלבסט־מאָרד, אַ דריטן מאָל איז דאָס אַ היטל אַף אַ קאָפּ, אַ פערטן מאָל, אַ ציפּערבלאַט, אַ פינפטן מאָל אַ פּעני אין אַן אָרעמאַנ׳ס קעשענע, אַ צענטן מאָל, אַ ברענענדיקע שטרוי — טויזנט מאָל טויזנט קלייניקייטן. אין יעדער קלייניקייט אַ לעבן, אין יעדן לעבן אַ שיקזאַל.

וואָרום דאָס קלענסטע באַשעפעניש, אַ פליגעלע אפילו נאָר אַ פינטעלע די גרויס, וואָס פליט אַרום אין פעלד, רעש׳ט אין רוים:

וועלט — מיין,
וועלט — מיין.

די גאַנצע וועלט באַלאַנגט צו יעדער קלייניקייט אין איר.

און אַלע קלייניקייטן — דעם מענטשן.

בלויז קינדער קענען אַזוי אויפנעמען קלייניקייטן. און פּאָעטן. און פילאָזאָפן.

לוצקי איז אַ קינד וואָס איז אַ פּאָעט, אַ פּאָעט וואָס איז אַ פילאָזאָף, אַ פילאָזאָף וואָס איז אַ קינד.

שטייט אַ טעפּל מיט בעבלאַך און קאָכט זיך. אַ זודיק קוואַלכן אַרויף, אַ זודיק קוואַלכן אַראָפּ, אַזאַ בעבל און אַן אַנדער בעבל. ווען מען זאָל עס אײַנפּאַלן, אַז דאָ שפּיגלט זיך אָפּ אַ גאַנצע מענטשלאַכע סביבה מיט אירע רירנדיקע קאָמעדיעס און נאַיווע טראַגעדיעס, מיט אירע מלחמות, מפּלות און נצחונות, מיט איר ליבע און האַס, גראָדע ווי בײַ אמת'ע מענטשן, להבדיל? ווען מען זאָל עס גאָר אָפּן זינען קומען?

קינדער. און לוצקין. דאָס איז זייער גאַנג.

דאָס אויסערגעוויינלאַכע קענען אַלע זען. יעדער פּאָר אויגן אין קאָפּ. לוצקי אָבער פאַרמאָגט די זעלטענע פּייאַי־קייט צו באַמערקן דאָס געוויינלאַכע.

און מאַכן עס — אויסערגעוויינלאַך. ער נעמט גאָר־ניט און מאַכט דערפון פּאָעזיע.

עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ טעמע אַף דער וועלט וואָס איז צו נישטיק אָדער צו אומווירדיק פאַר לוצקי'ס פּעדער. דאָס וואָס אַנדערע טרעטן מיט די פיס איז פאַר אים פּאָעטישע מאַטעריע. מאַנכע פּאָעטן, צו געפינען זייער שטאָף, לאָזן זיי זיך אַראָפּ אין די טיפענישן פון דער ערד, אַנדערע פליען אין די הימלען, נאָך אַנדערע ברענגען צוזאַמען זייער האָניק פון הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות. אָבער לוצקי דאַרף זיך נאָר אײַנבויגן צו דער ערד. און אַפילו דאָס אויך ניט. די קלייניקע זאַכעלאַך פון דער גרויסער וועלט הויבן זיך, ציען זיך אַליין צו אים. זיי קלעפּן זיך צו אים, לויפן אים נאָך ווי הינדעלאַך זייער מאַמען, לויפן נאָך און בעטן זיך: נעם אונז, באַריר אונז, דערוואַרים אונז:

גאָלדן זייגערל, האַלצן קעסטעלע,
שטויבן שטיינדערלע,
איך פיל די פרייד אין זיי,
איך זע געבעט אין זיי:
גלעט מיך, האַלט מיך,
מענטש.

„אַלע ווילן וואַרימקייט".

פאַרן פילאָזאָף איז יעדער אַטאָם אַן אויסגאַנגס־פּונקט פאַרן גאַנצן אוניווערזום. פאַר לוצקין אויך. אַלץ איז פאַר אים — סימבאָל, סימבאָל פון לעבן. לוצקי האָט אַ מין קעציישע עמפינדלאַכקייט פאַר לעבן. ווי אַ קאַץ גיט ער זיך אַ יאָג נאָך יעדער זאַך וואָס רירט זיך. ווען דאָס איז אַפילו נאָר אַ שטיקל פּאַפּיר פון ווינט געטראָגן. קיינער פילט דוכט זיך ניט אַזוי פיל לעבן אַרום זיך ווי לוצקי. אויף די גאַסן וואַלגערט זיך עס, פון די רינעס טריפט בײַ אים לעבן. אין לוצקי׳ס פּאָעזיע ווערט דאָס לעבן געדיכטער און טיפער און באַדייטונגספולער. דעם ווייטיק פון אַ ברענענדיקער שטרוי האָט ער אויסגעזונגען. אַנדערע וואָלטן אויסגעקליבן די ברענענדיקע פּרעירי. לוצקי האָט די שטומע צונג פון פאַראַכטעטע און פאַראייניזאַמטע זאַכן לעבעדיק און ריידעוודיק געמאַכט. זיין בוך לידער איז דאָס טיפסטע בוך פון קליינינקייטן.

* * *

לוצקי׳ס סטיל, אַן וועלכן זשאַנר דערמאָנט ער?

לוצקי׳ס סטיל אינטריגירט מיט אַ מאָדנער קוואַליטעט. ער דערמאָנט שטענדיק ווי אין עפּעס באַקאַנטעס. נאָר איר קענט זיך ניט כאַפּן וואָס. ער קלינגט אייך פאַמיליאַר, ער „דוכט" זיך אייך אָפּ, ערגעץ האָט איר אים געלייענט, נאָר וואו? ווי אַ ניגון וואָס איר האָט אַמאָל געהערט און קענט אים ניט אַרויסרופן, אַ וואָרט וואָס ליגט אייך אויף דער צונג און קענט עס ניט אַרויסריידן.

און דאָס איז אַ קוואַליטעט פון יעדער עכטער, גרונט־טאָוועער קונסט. אמת׳ע קונסט איז ניט יענע וואָס איז אַזוי ניי, אַז זי איז פרעמד, ווי פון אַן אַנדער זיין. אמת׳ע קונסט איז יענע וואָס שלאָגט אָן אַ באַקאַנטן טאָן, וואָס קלינגט פאַמיליאַר און אייגן, כאָטש עס איז ניי און אָריגינעל. „די בעסטע ביכער, — זאָגט פּאַסקאַל, — זיינען יענע וואָס יעדן לעזער דוכט זיך, אַז ער וואָלט זיי אויך געקענט אָנשרייבן."

אמאָל דוכט זיך לוצקי האָט דעם סטיל פון דער פאַבל. „אַ פאַפּיר איז נמאס געוואָרן דאָס לעבן" הויבט ער אָן, אָדער: „אַ היטל זיצט אפן קאָפּ און טראַכט פון אויבן אַראָפּ", אָדער: „אַ ווינט האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ ווייסן פאַפּיר אין אַ פינצטערער נאַכט", אָדער: „אַ פאַרבענקטער באַרג האָט אַריינגעכאַפּט אַ בוים" — איז עס ניט דער עכטער פאַבל-קלאַנג, וואָס איז אונז אַזוי גוט באַקאַנט פון יהואשן, פון נחום י, און כלפי חוץ, פון קרילאָוו, לאַ פאָנטעין ביז ווייט אַרונטער?

דאָך זיינען לוצקי'ס לידער ניט קיין פאַבלען.

אָן אַנדערש מאָל דוכט זיך, איר פאַרנעמט בײַ לוצקין דעם טאָן פון פאָלקס-ליד און דעם נוסח פון דעם פאָלקס-זינגער. שרייבט לוצקי:

איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי,
פאַרלאַך דרייען זיך, פאַרלאַך דרייען זיך,
ווייסטו ווי אַזוי, ווייסטו ווי אַזוי?
בוימער אין וואַלד דרייען זיך אַזוי. א. א. וו.

ווער וועט דאָ ניט דערשמעקן דעם עכטן ריח פון אונזער פאָלקס-געזאַנג? און ווען לוצקי זאָגט: „אַ קאַפּעליע קאָנצערטיסטן — דאָס בין איך אַליין", צי קלינגט עס ניט ווי דער אַלטער, באַקאַנטער פאָלקס און טרובאַדור-זשאַנר:

אַ ביישפּיל קען איך אייך מענטשן געבן,
זעט וואָס פון מיר איז געוואָרן אַצינד?

אַלטע אידישע פאָלקס-פאָרמע.

דאָך איז לוצקי ניט קיין פאָלקס-זינגער.

אָן אַנדערש מאָל לייענט איר לוצקין און עס דוכט זיך איר הערט אַ מגיד ריידן. ער הויבן אָן: „צוויי ווייזער זיינען געוואָרן שותפים אין אַ קיילעכיק געשעפט". אַזוי הויבט אָן דער מגיד אין שול זיין משל און ווי דער מגיד ענדיקט אויך לוצקי מיט אַ מוסר השכל וועגן די „נאַרישע

סוחרים וואָס פאַרדרייען זיך די קעפּ און די יאָרן אַרום געשעפטן וואָס ברענגען גאָר ניט אַריין". אָדער, געדענקט איר דעם מגיד'ישן נוסח: לסוסתי, דאָס מיינט מען די כנסת־ישראל, און לדודי, דאָס מיינט מען די שכינה"? אַזוי זאָגט אויך לוצקי: „פּענים — דער פינצטערער המון, ניקלס און דיימס — דאָס פאָלק, פּאַפּיר־געלט — אינטע־ליגענץ", אָדער, „יעדער מענטש (איז געגליכן צו) אַן איינס", און אַזוי ווייטער, אַן אַ סוף.

דאָך איז לוצקי ניט קיין מגיד.

און ווען מען לייענט בײַ לוצקין „די חתונה", „די קאַפּעליע" און „בײַם רבינ'ס טיש" זיינען עס דריי איידל אויסגעצאַצקעטע וואָזן, בײַמאָלן מיט קינסטלערישע פיגורן און סצענעס, וואָס וועלן בלייבן שטיין אַן אייביקער אוצר אין אונזער פּאָעטישן מוזיי, זיך צו חידוש'ן אין זיי. עכטע זשאַנר־מאַלעריי.

אַמאָל האָט אַן ערד־ציטערניש דערטרונקען פּאָמפּעי אין אַ ים פון לאַווע. און ווען מען האָט יאָרהונדערטן שפּעטער אַראָפּגענומען דעם אייזערנעם שלייער פון פּאָמפּעי, איז די שטאָט און איר מענטשהייט דערשינען לעבעדיק פאַרגליווערט אין אַ מאָמענט, אין אַ שטימונג, מיט זייערע תנועות און העויות, אַזוי האָט לוצקי אין די דריי פּאָעמען פאַר'כישופ'ט דאָס אַלטע, קליינע שטעטל, זי פאַרגליווערט אין מיטן פון אירע שענסטע שטימונגען און העויות, מיט אירע טויזנט ליבע חנ'ען, מיט דעם זיס־אומעטיקן זין פון איר זיין, און אַזוי וועט זי דאָ בלייבן לדורות לעבעדיק פאַר־באַלזאַמירט אין דער קונסט, וואו זי וועט ווערן ניט עלטער, ניט אינגער, ניט קליגער, ניט פרימער, ניט זאַטער, ניט הונגעריקער, און דער רבי וועט שטענדיק אַזוי בלייבן אין מיטן תורה זאָגן, די צוויי אידן אין מיטן לחיים, דעם באָס אין מיטן קרעכץ, און די באַבעטשקע אין מיטן דער האָפּקע, לדורות, ביז מען וועט נאָך צו זיי אָדעם זינגען, ווי קיעטס

האָט געזונגען זיין „אָדע צום גריכישן קרוג". נאָר ווען מען לייענט „די חתונה", „די קאַפּעליע", און „באַם רבינ'ס טיש", ציי הערט זיך ניט דערין דער קול פון בדחן, דעם בדחן מיט זיינע פּשוט'ע גראַמען, מיט זיין אומעטיק זיסער ליריק, מיט זיין מעלאַנכאָליש-האָפנונגסלאָזער פילאָזאָפיע, מיט זיין פּשוט'ן שאַרפזין, מיט זיינע טרעפלאַכע באַמער־קונגען וועגן די מחותנים, געסט, כלי־זמר, פידל, טרומפּייט און באַס ?

דאָך איז לוצקי ניט קיין בדחן.

אָן אַנדערש מאָל איז לוצקי אַ פיינער עפּיגראַמאַטיקער און סאַטיריקער, כאָטש ניט אַלע מאָל איז זיין סאַטירע די סאַטירע פון פיינערן איידל־גייסט. ער האָט איינפאַלן, געדאַנקען, איבערגאַנגען, וואָרט־שפּילן וואָס זיינען אַזוי שאַרף און שניידיק, אַז ווען איר טרעפט זיי אָן, איז גלייך ווי איר וואָלט אָן עפּן געטאָן אַ פלעשעלע מיט אַ שטאַרקן שטאָף: עס גיט אַ זעץ אין נאָז. איבערהויפּט איז דער עפּיגראַמען־כאַראַקטער פון זיין סטיל קענטיק אין זיינע פּאָרטרעטן און זיינע כאַראַקטער־פיגורן. זיינע פיגורן שרייבט ניט לוצקי מיט אַ פעדער, נאָר שניידט זיי אויס מיט אַ חלף. אַ שניט אַהער, אַ שניט אַהין, און די הויט איז אָפּגעשונדן, און די נשמה שטייט אַ נאַקעטע. אַ וואָרט — אַ מענטש. אין צוואַנציק ווערטער, צוואַנציק פּאָזעס. איינע דער־גאַנצנדיק די אַנדערע. אַ מין כשוף־מאַכער : אַ ברונען אין אַ טיי־לעפעלע.

און ווידער איז לוצקי אַן אַקטיאָר, אַ פּאַיאַץ, אַ פּאָקוס־ניק, אַ פּאָקוסניק פון ווערטער. עס נעמט דער אַקטיאָר אַ היטל און טוט זי אָן אַזוי, און דו זעסט אַ גוטן אידן — און אַ ביסעלע אַנדערש, און דו זעסט אַ יונגאַטש. מיט קורצע, שאַרפע שטריכן, מיט געציילטע זשעסטן מאָלט ער אויס אַ מענטשן מיט זיין אויסערלאַכער פאַרב און אינווייניקסטן אינהאַלט. עס איז פיינע כאַראַקטער־מאַלעריי ווען לוצקי זאָגט :

א בייזער מענטש — א רעטאך.
א דומער מענטש — א פאסטערנאק.
א פראנט — א מאראנץ.
אז ארבעטער — א קארטאפלע.
א קארגער — א באקסער.

דער פאקוסניק נעמט א שטיקל פאפיר און מיט גע־שיקטער פינגער־ארבעט קנייטשט ער אויס דערפון א פויגל און א שלאנג, א הויז און א קוילעטש, א הינטל און א הוט. לוצקי קנייטשט אויס זיינע ווערטער אזוי געשיקט. ער טאשט און טוישט זיינע געשטאלטן מיט שווינדלדיקער שנעלקייט. א ביסל „ווייסע וועש אף א שטריק" זעט ער, אט ווי „יעזוסלאך", אט ווי געהאנגענע ברידער, „א טיכל, — א פארציטערטע רחל'ע, לייլאכער, האנטוכער — ווילדער המון".

דא דינט אים אן אויג וואס איז געבענטשט מיט א מערקווירדיקער פרוכטבארקייט. א קאלייִדאסקאפּיש אויג וואס קוקט אף א זאך און אלע ווײַלע דערשיינט זי אים אין אן אנדער געשטאלט. ער קוקט אף „א זון מיט א רעגן". און די פאלנדיקע פעדים וואסער טוישן זיך אין אן אומ־אויפהערלאכער בילדהאפטיקייט: אט ערשט זיינען זיי ציענדיקע שלאנגען, און אט שוין ליכטיקע זאנגען; ערשט א וואלד פון שפרינגענדיקע שטאנגען און שוין — א וועלט מיט גלעזערנע שטאכעטן; אט א פאלאץ מיט זילבערנע זיילן, און באלד א הארף מיט זילבערנע סטרונעס, און טאנצנדיקע מיידל־פיס, און שטראלנדיקע זונען־פינגער — אן אמת'ע שפע. און אזוי איז עם דורכאויס אין לוצקי'ס פאעזיע. היין און הער שפרינגענדיקע אסאציאציעס, אן אייביקע געטאנ־צעריי פון בילדער ווי די גראז־שפרינגער זומער אין פעלד, ווי דער געלאף פון שטיינדלאך אף א שינדל־דאך.

פאבל, מגידות, פאלקס־געזאנג, שוישפּילעריי, פאקוס־קינסטלעריי—אלטע, שיינע, יחוס'דיקע, גרונטאוונע, פאלקס־טימלאכע, מענטשלאכע סטילן, אלטע קונסטן קעגן וועלכע עס צאפּלט־אויף אן עכט הארץ. זיי אלע האבן א חלק אין

לוצקי׳ס סטיל. נאָר לוצקי׳ס סטיל איז קיין איינס ניט פון זיי. זיי זיינען אין אים איבערגעבראָכן, ווי שטראַלן אין א פריזמע. זיי האָבן אַן אַנדער טעם אין אים. עס איז אַלטער וויין אין אַ נייער כלי. און אַ פּיקאַנט דערפרישנדיקער וויין איז עס. אַן איינציקער אין זיין מין.

וואָס לוצקי׳ס סטיל זאָל ניט זיין — ער איז זיינער, און איז איינער. און נאָר עכטע דיכטער האָבן אייגענע סטילן. אומעכטע גייען אין סטאַדעס וואָס מען רופט „שולן״.

לוצקי׳ס סטיל איז אַן אייגענער, זעלישער סטיל, וואָס איז אייגנאַרטיק אין אַלע זיינע אינטימערע פּרטים. ער איז שניידיק און אַברופּט. זיין שאַרפסטע כאַראַקטעריסטיק איז טעלעגראַפישע קורצקייט. לוצקי פּאַראַכט פּרטים. דער מיקראָסקאָפּישער שטריך, דער אויסרופסצייכן, זיינען אים געננוג. אפילו דער „איז״, איז אים אָפטמאָל צו פיל באַלאַסט אין זיינע זאַצן. ער ליבט דעם פּאַטאָס פון וואָרט אַנשטאָט דעם פּאַטאָס פון זאַץ, און דאָס איינצלנע וואָרט אין זיינע הענט געווינט אין שילדערנדיקער קראַפט. ווי ווייכער ליים לאָזט עס זיך קנעטן אין זיינע פינגער אַהין און אַהער. לוצקי באַנוצט ווערטער און נייע ניואַנסן מיט מערקווירדיקער טרעפלאַכקייט. ביישפּילן: „איינגעאייטערט״, „אַן איינזאַמע ראָד אַף אַ מיל פאַרדרייט זיך איר קאָפּ מיט אַ ווינט״, אָדער, — „די גראָבע טרובע פאַרגינט ניט דער פידל איר דין געלעכטער און וויל „איר פאַרוואַרפן מיט גראָבע, קולות׳דיקע קאָלדרעס״.
אַזוי איז לוצקי׳ס סטיל.

* * *

„היימישע״ קלייניקייטן אין „היימישע״ סטילן — האָבן לוצקי׳ס לידער דעם ליבן טעם און די זיבן חנ׳ען פון היימישער „האַנט־אַרבעט״ לגבי „פאַבריטשנער״ אַרבעט. עס איז היימיש געשפּונענע לייוונט, האַנט־געשטריקטע טיש־

טאכלאך, „אליין" אויסגענייטע בלוזעס, היימישע געריכטן, היימישע חכמות אפילו. לוצקי'ס פּאָעזיע אין מיטן פון דער אלגעמיינער פּאָעזיע איז ווי אַ פויערשער קאָסטיום אַף אַ באַל פון פּאַריזשער מאָדעס.

טראָץ זיין ליד „דזשעזו". איין שוואַלב מאַכט סיי־ווי ניט קיין זומער.

לוצקי'ס פּאָעזיע איז אַ היימיש אינטימע פּאָעזיע, וועלכע האָט, ניט די מאָדערנע פאַנטאַסטיק, ניט די געפּיצלט־קייט פון מאָדערנעם געפיל, ניט די שפּיץ־זיניקייט פון מאָדערנעם געדאַנק. כאָטש די היים פון לוצקי'ס דיכטונג איז די מאָדערנע גרויס־שטאָט, דאָך שפּיגלט ער ניט אָפּ די שטאָט גופא, די שטאָט אַלס באַשאַף, די שטאָט אַלס גראַנדיעזער סטיל, די שטאָט אַלס נייע פּסיכאָלאָגיע. מער ווי די שטאָט גופא פאַרכאַפּן אים די קליניקייטן וואָס וואַל־גערן זיך אַף די טראָטואַרן און אין די הויפן, און ער זוכט אַריינצובלאָזן אין זיי אַ ווערט, אַ זין, אַ הויך פון אייביקייט.

אָבער די שטאָט איז מער ווי די סומע פון אירע קליניקייטן. עס איז אמת, יעדער אַטאָם שטויב אין דער שטאָט איז עלטער פון דער שטאָט, יעדער אָטעם רויך אויס־געקרייזלט איבער אַ קאָפע־טישל אין דער מעטראָפּאָליע איז אייביקער ווי די מעטראָפּאָליע און וועט זי איבערלעבן. אָבער די מעטראָפּאָליע איז גרויסער, אָרגאַניזירטער מענטש־לאַכער כח. די טשערעפּאַכע איז אייביקער ווי די אייזנבאַן, אָבער קיין רייזע אַרום דער וועלט וועט מען אַף איר ניט מאַכן. די שטאָט מיט איר כח איז מאָדערנער שיקזאַל.

נאָר דאָס זעט ניט לוצקי.

דעריבער וועט דער מאָדערן־פילנדיקער שטאָט־מענטש ניט געפינען זיך אין לוצקי'ס ליד. ער וועט ניט גיין צו אים זיך אויסלעבן. אָבער ער וועט מיט פאַרגעניגן אין אים זיך אָפּפרישן. דער פוס וואָס טרעט אייביק אַפּן הארטן אַספאַלט דערקוויקט זיך פון אַן אָנדער אין ווייכער ערד. לוצקי איז אַ שטיק ווייכע, פרישע ערד.

ניט דער געהאַקטער האָריזאָנט פון בערג און טורעמ־
דיקע שטעט איז לוצקי'ס האָריזאָנט, נאָר פון גלייכער ערד.
זיין ליניע איז די ליניע פון דעם האָריזאָנט פון פלאַכלאַנד,
און אַזוי זיינען אויך זיינע געפילן און געדאַנקען פון דעם
פלאַכלאַנד. לוצקי'ס גאַנצע פּאָעזיע גיט דעם זין ווי זי
וואָלט זיך געשפּרייט אין דער ברייט, אָבער ניט געשטאָכן
אין דער טיף. איר פילט אַז אין דער טיפקייט פון זיינע
אייגענע זאַכן איז פאַראַן נאָך אַ טיפקייט, און אין יענער,
נאָך איינע, צו וועלכע ער דערעגבערט זיך אָבער ניט. ער
האָט זיך ליב צו שפּילן אַף דער אויבערפלאַך פון זאַכן. זיין
וועלט ליגט נאָר אַף דער דאַלאָניע. נישט קיין תהום'ען
זיינען בא אים, נאָר גריבעלאַך.

אָבער תהום'יקע טיפענישן האָבן אין זיך עפּעס פון
דער אייביקייט, און גריבלאַך ווערן לייכט פאַרשאָטן. און
דעריבער באַקומט זיך בא לוצקין אַ דאָפּלטער עפעקט: איר
זעצט זיך לייענען זיינע לידער און ווען איר הויבט זיך
אויף איז — אַ הויכע מדרגה! — די וועלט אַז אַנדערע
געוואָרן, אָבער — ניט אַף לאַנג. לוצקי'ס ליד לאָזט זיך
שנעל פאַרווישן. עס גיט אַ ברי און קילט אָפּ. עס וועפּט
זיך גרינג אויס. זיין רעזאָנאַנס איז אַ קורצער. זיין קלאַנג
טראָגט זיך ניט ווייט גענוג.

און אויך איז דער קלאַנג ניט רייך אין וואַריאַציעס.
לוצקי איז צופיל געראָטן אין זיך אַליין. ער איז כמעט
שטענדיק דער זעלבער. איין מאַניר. ער דערמאָנט אייך
צופיל אַז איר האָט אים שוין פריער געלייענט. האָט מען
אים אָנגעטאַפּט אין איין ליד, האָט מען אים אָנגעטאַפּט
אין צען. לוצקי'ס פּאָעזיע איז אַ פּאָעזיע אין איין פאַלד.
ער איז איין מענטש. אָבער פאַר אַ קינסטלער איז ווייניק
איין מענטש. „יענער מענטש", זאָגט נאָוואַליס, „וואָס
באַשטייט פון מער ווי איין מענטש, איז מענטש גע'כפל'ט
אַף מענטש, דאָס הייסט אַ זשעני". קינסטלער דאַרפן זיך
שטענדיק דאָפּלען. נאָך איין ציפער מאַכט די פריערדיקע

ציפּער צען מאָל גרעסער. אויב אין לוצקין איז פאַראַן נאָך א מענטש, זאָל ער אים וואָס שנעלער אויסגראָבן, וואָרום ווער ווייס צי האָט דער ערשטער שוין זיינס ניט באוויזן.
(1927)

ב.

## צווייטע אימפּרעסיע: „בראשית — אינמיטן"

אויב אין זיין ערשטן בוך, „אומעטיק און פריילאך", דערשיינט לוצקי ווי א פּאָעטיש נאַטור־קינד, דערשיינט ער אין זיין צווייטן בוך, „בראשית — אינמיטן", ווי דאָס פּרימיטיווע קינד וואָס איז אונטערגעוואקסן און הויבט אָן זיך אַרויסהויבן פון פּרימיטיווקייט צו וועלט־באַנעם. ווען לוצקי וואָלט זיין צווייט בוך ניט געשריבן נאָר פּאָזירט, וואָלט ער אויסגעפּאָזירט ראָדענ׳ס „דענקער", יענעם אדם הקדמון בא וועמען אין קאָפּ עס הויבט אָן טאָגן אויף פילאָזאָפיע, דאָס הייסט, עס הויבן זיך אָן אויסצואוועבן די שייכות׳ן צווישן זאכן און זייער איינגעוועבטקייט אין איין גרויסן גאַנצן. די ערשטע מדרגה פון מענטשנ׳ס דענקען איז געווען דאָס באַנעמען זאכן פאַר זיך אַליין: „מענטש", „חיה"; די צווייטע מדרגה איז געווען דאָס צוזאמענבינדן צוויי זאכן אין א שייכות: מענטש איז חיה. אין דעם דאָזיקן „איז" פון דעם פּרימיטיוון מענטשן, אין זיין אויפטו צו באשאפן די ערשטע און פּרימערסטע פּראָפּאָזיציע, איז געלעגן פּונקט אזוי פיל גאונות ווי אין אן איינשטיינישער פאָרמולע, און פּונקט אזוי פיל געשפּאַנטקייט פון גייסט. אין קאָפּ פון ראָדענ׳ס „דענקער", פילט איר, פּיקט זיך א געדאַנק גרינג ווי א פעדער, נאָר דער קאָפּ ווערט דוכט זיך אַראָפּגעדריקט ווי פון טויזנט טאָן משא. און מיט דעם איז עס ראָדענ׳ס מייסטערווערק אזוי שיין און איינדרוקספול.

עפּעס פון דער שיינקייט און פּיקאַנטקייט פון ראָדענ׳ס „דענקער" איז פאַראַן אין לוצקין ווי ער דערשיינט אין

„בראשית — אינמיטן". די פּרימיטיווקייט רייסט זיך צו פאַרשטאַנד, שלאָף וויל ווערן וואַך, בלינדקייט וויל זיך אַליין דערזען און באַנעמען. לוצקי'ס „בראשית — אינמיטן" איז אינמיטן בראשית פון אים אַליין.

אַף טריט און שריט אין לוצקי'ס בוך קומט אוים צו ווערן איבעראַשט. שוין אין זיין ערשטן „אריינפיר", אינ דריטן אָפּשניט, באַגעגנען מיר די שורות: „איידער בראשית איז געווען — איז געוועזן ניט". די איבעראַשונג באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס מיר באַגעגענען דאָ אַ גאָר אַלטן פּראָבלעם פון דער פילאָזאָפיע, דאָס פּראָבלעם פון „ניט", דאָס פּראָבלעם פון פאַר־עקזיסטענץ. די עלטסטע גריכישע פילאָזאָפן האָבן זיך שוין געבראָכן די קעפּ איבער דער פראַגע: ווען עס איז נאָך געווען „ניט", איז דער „ניט" טאַקע געווען בפועל ממש? דאָס הייסט, איז „ניט" געווען אַ „יש" אָדער גאָרניט? און אויב ער איז געווען אַ „יש" ווי אַזוי זאָלן מיר זיך אים פאָרשטעלן? מען דאַרף נאַטירלאַך ניט זיין אַנטוישט וואָס מען געפינט דאָ ניט באַ לוצקין יענע שאַרפזיניקייטן וואָס זיינען אין דער פילאָזאָפיע אַרויסגעזאָגט געוואָרן וועגן דעם ענין, יענע שאַרפזיניקייטן וואָס האָבן געפונען זייער טראַגישן פינאַל אין קאַנט'ס פילאָזאָפיע און איר אויספיר אַז דער מענטש איז אַף אייביק אַ געפאַנגענער אין זיינע חושים, און וואָס עס ליגט אויסער זיי קען ער קיינמאָל ניט וויסן. אַן ענגליש שפּריכוואָרט זאָגט: אַ נאַר יאָגט זיך אַריין וואו מלאכים האָבן מורא צו גיין אַף די שפּיצפינגער. לוצקי פילט גאָרניט קיין שוועריקייטן אַרום דעם פּראָבלעם פון „נישט" און אָפּערירט מיטן באַגריף גרינג און פריי. אָבער, ווי געזאָגט, מען דאַרף דערפון ניט זיין איבעראַשט. גיכער דאַרף מען זיין איבעראַשט צו געפינען דאָס פּראָבלעם בכלל געשטעלט באַ לוצקין: אַף וועלכע וועגן איז ער דערצו געקומען?

אָדער אַן איבעראַשונג איז ווען מיר טרעפן באַ אים אַזעלכע שורות ווי אין „פּלאַנעטן":

פלאַנעטן וואַגלען אין די ספערן,
מיט דערוואַרטונג אַף בראשית.
* * *
אַריינצוקומען אין די סכומען פון בראשית.
* * *
און די וועלט אינמיטן צענטער
איז שוין אויסגעמאַטערט פון די מוזן,
שוין אינמיטן ווערן אַ צעשטערן.

אַזוי ווי באַם „ניט" האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אַן איינער פון די עלטסטע פראַגן אין דער פילאָזאָפיע אַזוי שטויסן מיר זיך דאָ אָן אָן איינער פון די נייסטע פּראָבלעמען אין דער וויסנשאַפט. דזשיימס דזשינס, ווי באַקאַנט, האַלט אַז אונזער וועלט, דורך אויסשטראַלונג, „גייט אויס ווי אַ זייגער"; און מיליקאַן האַלט, אַז דורך די „קאָסמישע שטראַלן" האַלטן גאָר איצט נייע וועלטן אין געשאַפן ווערן.ביידע סברות געפינען זיך אויסגעדריקט אין די ציטירטע שורות לוצקי'ס. און אַזוי ווי דזשינס און מיליקאַן האָבן זייערע סברות ניט גענומען פון דעם תלמודישן זאָג, אַז „הקדוש ברוך הוא בונה עולמות ומחריבן", אַזוי האָט לוצקי ניט גענומען זיינע געדאַנקען באַ דזשינס און מיליקאַן. ווי אַזוי זשע קומען זיי צו אים?

אָדער פון וואַנעט קומט צו אים דער באַגריף פון „מאָס־מוז", וואָס איז דער אַריסטאָטעלישער געדאַנק וועגן דער באַדינגטקייט פון פאָרם; אָדער איינשטיינישע באַגריפן פון „רעלאַטיוון"; אָדער די פּרווידישע לערע אַז „אין שלאָף איז ניטאָ קיין געבאָט, ניטאָ קיין פאַרבאָט"? אָדער בכלל זיין גאַנצע מאַניר פון אויסדריקן זיינע פילאָזאָפישע באַגריפן אין פאָעטיש־אַפאָריסטישע זאַצן, וואָס איז דער סטיל פון העראַקליטעם? אַף וועלכע וועגן איז ער געקומען צו אָט די אַלע זאַכן, און די אַלע זאַכן צו אים?

עס איז דאָ נאָר איין ענטפער: אַף די בלינדע וועגן פון פּרימיטיווער פאַנטאַזיע, פון יענער דומ־פער גאונות וואָס האָט באַשאַפן די פאַרצייטיקע קאָסמאָ־יענער פאַנטאַזיע וואָס אַרבעט נאָך היינט אין די פאָלקס־

טיפעניש און באַשאַפט די פאָלקסטימלאַכע קולטור. לוצקי איז אַ מאָדערנער פענאָמען פון אַזאַ פּרימיטיווער פאַנטאַזיע. אַ פונק פון איר איז פון פאָר־היסטאָרישע צייטן, אָדער ערגעץ פון די נאָך ווילדע ווינקלען פון דער ערד, פאַרוואָגלט געוואָרן און געפונען אַן אָרט אין אים. און מיט דעם זיכערן אינסטינקט פון אַזאַ פּרימיטיוון פאָלקסטימלאַכן געפיל, אין אַ מאָדערנער סביבה, בלאָנדזשעט ער אַרויף אַף די אמת'ן, נייע און אַלטע, אָפּגעלעבטע און פרישע, וואָס געפינען זיך אין זיין ווערק. אויב ערגעץ אַף פאַרוואָרפענע אינדזלען זיינען נאָך דאָ ווילדע פעלקער וואָס הויבן זיך איצט ערשט אָן צו רייבן די אויגן און באַנעמען אַרום זיך די וועלט אין איר פילפאַכיקייט און מיסטישקייט, טראַכטן זיי און פילן ווי אין לוצקי'ס בוך. לוצקי איז אַ פּרימיטיווער, פאָלקס־טימלאַכער מיסטיקער.

און אַזוי דאַרף מען קוקן אַף לוצקי'ס לידער אין „בראשית — אינמיטן": ווי אַף עפּעס זעלטענע זאַכן אין אַ מוזיי, אויסגעגראָבן פון אַ פאַרצייטיקער, פאַרשאָטענער קולטור, וואָס אַנטציקן מיט זייער אַלטקייט און איבעראַשן מיט זייער „מאָדערנעקייט". זיי זיינען אי נאַיוו אי טיף, אומבאַהאָלפן און מייסטערהאַפט אין דער זעלבער צייט.

לוצקי, למשל, ווייס אַוודאי ניט פון דעם געזעץ אין דער פיזיקע אַז אין צענטער פון דער ערד ניוועלירן אַלע קרעפטן איינע די אַנדערע און עס איז דאָרט ניטאָ קיין אויבן און קיין אונטן, קיין גרינג און קיין שווער, אַז אַלץ איז דאָרט שטענדיק „אינדערמיט". דערפאַר איז עס אַזאַ אַנטציקונג צו לייענען אַזעלכע שורות וועגן דעם „נאָך איידער ווערן" ווי די פאָלגנדיקע, וואו ער זאָגט:

ס'איז געווען אַ געוועז
פון אַמאָלן אַן צאָלן
אַן הויכן אַן טאָלן
ניט אַפּ און ניט אויף
ניט אָנהויב ניט סוף
א י נ ד ע ר מ י ט.

עס איז דער פיזישער פרינציפּ פון „צענטער" אריבערגע־טראָגן אַף אַ מין צענטער פון וועלט־באַשאַף. דאָס איז זייער טיף אָבער אויך זייער נאַיוו. עס האָט דעם אייגענעם נאַיוון טעם ווי ווען איינער וואָלט איצט געקומען און אַנטדעקט די סיבה פאַרוואָס אַן עפּל ווען ער פאַלט פון בוים פאַלט ער אַראָפּ און ניט אַרויף. אַזאַ זאַך צו דער־טראַכטן איז אודאי גרויס, אָבער ס'איז זייער נאַיוו עס איצט צו „אַנטדעקן".

די אייגענע פרימיטיווע נאַיווקייט געהער צום ציקל לידער אין וועלכע לוצקי פאַנטאַזירט וועגן דעם אָנהויב פון אַלע אָנהויבן, דעם „איידער אַלע איידערס". „פאַרן פריער — זאָגט ער — זיינען שוין געווען פריערס אָן אַ שיעור". אָבער דאָס איז שוין אָן אַ שיעור מאָל פריער געטראַכט און געזאָגט געוואָרן, און אַף מערערליי אופנים ווי אין לוצקי'ס ביכער זיינען דאָ אותיות. און ווען מיר לייענען אַזעלכע לידער אין אַזאַ טאָן און געמיט ווי באַ לוצקין, האָבן זיי דעם זעלבן ליבן חן ווי ווען מיר זעען נאָך היינט אַ פויעריש הייזקעלע וואָס ווערט באַלויכטן מיט קינעלאָך, אָדער ווען מיר זאָלן באַגעגנען אַ נאַטור־מיידל וואָס נוצט נאָך היינט פאַר אַ שפּיגל אַ פּאָלירט שטיקל מעטאַל.

אָדער נעמען מיר, למשל, אייניקע פון לוצקי'ס „עשרת הדברות": ח) גלוסט. ט) צעשטער. י) באַשאַף. עס איז זייער גרינג זיך אַריינצולאָזן דאָ אין פּלפּולים און אַריינטייטשן אין די דאָזיקע דריי באַגריפן גאַנצע פילאָ־זאָפיען. אַז מען וויל קען מען אין זיי אַריינ'פּלפּול'ען העגעל'ס „אידייע", וועלכע אַנטוויקלט זיך דורך טעזיס, אַנטי־טעזיס און סינטעזיס. אַז מען וויל קען מען אַריינפּלאָפּלען אַהער שאָפּענהאַוער'ס „ווילן". און אַז מען וויל קען מען אין זיי זען די גרונט־פרינציפּן פון דאַרווינ'ס לערע פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ, אונטערגאַנג פון מינים און אַנטשטייאונג פון נייע מינים. אָדער ווען לוצקי גיט אַ זאָג: „און וואָס די

וועלט וועט זיין — וועט זיין די וועלט בצלם מענטש", איז אויך זייער גרינג נתפעל צו ווערן און זען אין דעם ניט ווייניקער ווי קאַנט'ס „פענאָמענאַ און נומענאַ". און אומצייליקע אַזעלכע שורות, אין וועלכע לוצקי רירט אָן די ראַנדן פון וועלט־געהיימניסן. אָבער אַזאַ צוגאַנג וואָלט נאָר געווען אַן עולה קעגן לוצקין. ווייל ער האָט די אַלע זאַכן וואָס מען קען אים אַזוי צושרייבן, גאָרניט געקענט בדעה האָבן. און בכלל איז, אין פילאָזאָפישע ענינים, גאָר־ניט וויכטיק דער „זאָג", דער אויספיר, דער געדאַנק אין זיך אַליין. וויכטיק זיינען די טרעפ וואָס דערפירן צו אים. און די דאָזיקע טרעפ זיינען בא לוצקין ניטאָ. בא אים זיינען דאָ „שפרונגען", און וואָס עס איז מערקווירדיק איז דאָס וואָס די שפרונגען טרעפן אַזוי אָפט ריכטיק. ווי אַזוי טרעפט ער עס אין זיינע שפרונגען — אָט דאָס איז די פראַגע. און דער ענטפער קען ווידער זיין נאָר איינס: דורך אַ פרימיטיוון קינסטלערישן אינסטינקט; גראָדע ווי די וועוועריקע „טרעפט" מיטן אינסטינקט ווען זי שפרינגט פון צווייג צו דריטער צווייג...

און ווען מיר קוקן אויף לוצקין אַזוי — ניט ווי אויף אַ פילאָזאָפישן אַנטפלעקער, נאָר ווי אויף אַן אורמענטשלאַכן געדאַנק וואָס טאַפט צווישן די רעטענישן פון דער וועלט — זעען אונז אוים חנ'עוודיק אפילו די שפרונגען וואָס ער פאַרפעלט. נעמען מיר, למשל, די אייגענע „עשרת הדברות". דער ערשטער געבאָט בא אים הייסט: „אַלץ איז איינס און אַלץ איז גאָט". דאָס מיינט אייגנטלאַך גאָרניט. אָבער דאָס קען אויך מיינען אַלץ — ווען מען דערקלערט ווי אַזוי מען איז געקומען צו אַזאַ אויספיר און ווי אַזוי קען עס „אַלץ" זיין „איינס", און ווען אַלץ איז איינס פאַרוואָס דאַרף מען נאָך זאָגן אַז דאָס דאָזיקע איינס איז גאָט און וואָס מען גיט־צו דערמיט. די אַלע דערקלערונגען זיינען בא לוצקין, נאַטירלאַך, ניטאָ. און דערפאַר קלינגט דער זאָג אָרעם, כאָטש ער איז גרויס. נאָר ווי די מעשה זאָל ניט

זיין — עס איז אַ ריכטיקער „שפּרונג". אָבער דער „שפּרונג" וואָס קומט גלייך נאָכדעם — אַף אים האָט זיך שוין אונזער פּאָעט אויסגעגליטשט. גלייך דער צווייטער געבאָט הייסט באַ אים: „וועלט־געזעץ — אַריבער גאָט". נאָר אויב וועלט און גאָט און זייערע געזעצן זיינען איינס, טאָ ווי קען זיין וועלט אַריבער זיך אַליין?

און אַזוי זאָגט ער אויך אין איין אָרט: „פּאַר די אָן אַ שירן זיינען אויך געווען פריערן". אָבער אין אַן אַנדער אָרט איז ער סותר זיין וועלט־אָרדענונג און זאָגט: „ניטאָ אָן אַ שיר. דער גרעסטער אָן אַ שיר איז מיט אַ צאָל".

די דאָזיקע קשיות דאַרף מען פרעגן ווען מען וויל געפינען אין לוצקי'ס לידער פילאָזאָפישע וועלט־אַנשויאונג אָדער אַנטפּלעקונגען פון רזי דרזין. זיי ווערן אָבער איבעריק ווען מען קוקט אַף די לידער ווי אַף שפּריצן פון אַ קינסט־לערישן געמיט וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אייביקע וועלט פּראָבלעמען. נאָר דעם אמת'ן טעם פון די לידער אַנטדעקט מען ערשט ווען מען קוקט גאָר אַף זיי ווי אַף האַנט־קונסט אין פאַרגלייך מיט פאַבריק־קונסט. ווען אַ טאָס פון די דרעז־דנער פּאָרצעליי־פאַבריקן וועט האָבן אַ קרימלאַכן ראַנד וועט די טאָס ניט טויגן; אָבער ווען אַ ליימענע שיסעלע פון דעם האַנט־טעפּער וועט אויסזען קרימלאַך און צעדרייט, איז אין דעם איר גאַנצער חן.

ווי חנ'עוודיקע זאַכן פון אַן אַנדער צייט זעען אויס יענע לידער פון „בראשית — אינמיטן" אין וועלכע לוצקי רייסט זיך אויסצודריקן דאָס מיסטישע געפיל פון ווערן און זיין און דויערן, די מיסטישע באַגריפן פון אין־סוף, פון דער ערשטער סיבה, פון פרייער יצירה און צוואַנג פון געזעצן, פון דעם „ווילן" וואָס דרינגט דורך די נאַטור, די מיסטיק פון די אייביקע פראַגן: וואָס איז געווען פריער, די הון אָדער דאָס איי, דאָס זען אָדער דאָס אויג. די דאָזיקע לידער שפּיגלען אָפּ דעם מאָמענט פון ערשטן איינברוך פון גייסט

אין קאָפּ פון אַ פּרימיטיוון מענטשן, אין קאָפּ פון ראָדענ׳ס „דענקער״. נאָר ראָדענ׳ס „דענקער״ איז טיפער ווי לוצקי, ווייל אַף יענעמ׳ס געזיכט, צוזאַמען מיט די ערשטע שפּורן פון אויפליייכטנדיקן גייסט, שפּילט אַ טרויער אין וועלכן עס שפּירט זיך שוין דער צער פון גייסט, דער צער פון זיין באַגרעניצטקייט. אין לוצקי׳ס לידער פּילט זיך, פאַר־קערט, די פרייד פון נאַיוון קינד וואָס האָט צום ערשטן מאָל מיט אייגענע כחות באַרעכנט אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר.

לוצקי זאָגט מיט אַ טיפער באַנומענקייט:

אומעטום וועט זיין געוועזן פון שוין געשען.
אַלע מאָל וועט זיין געוועזן וואָס וועט נאָך זיין.

און הונדערטער אַזעלכע שורות, מער געראָטענע און ווייניקער געראָטענע, וואָס פאַר לוצקין קלינגען זיי מיסטיש, אָבער אין אמת׳ן זיינען זיי ניט מיסטיש, נאָר טונקל. דער זין פון די געבראַכטע צוויי שורות איז, אַז אַף יעדן פּונקט פון דער וועלט, אין רוים און צייט, וועלן זיין שוין געווע־זענע זאַכן, און זאַכן וואָס וועלן ערשט אַמאָל זיין געוועזענע. אַלזאָ — די קאָנטינואַיטעט פון דער וועלט, די אייביקייט, דער אין־סוף. מען דאַרף אַ קנייטש טאָן דעם שטערן ביז מען קען כאַפּן דעם מיין פון די שורות, אָבער די הנאה באַצאָלט ניט פאַר דער טרחה. ווען איר האָט שוין אויס־געגראָבן די פּערל איז זי אָפט נאָר אַ גלעזל. לוצקי האָט אַ סך אַזעלכע שורות וואָס שטרעבן אויסצודריקן די אומענד־לאַכע פאַרקייטלונג פון לעבן און דערשיינונגען, און דעם גרויסן אָפּשיי און דער גרויסן פּחד פאַר דער אומערדישער געהיימנים פון דער ערד, נאָר עפּעס דערפירן זיי ניט צו קיין ברעג. אַזאַ שורה אָדער ליד דערמאָנט אָן אַ פליגעלע וואָס איז געפאַלן אַפן רוקן און וואַרפט מיט אַלע כחות מיט די פיסעלאַך און כאַפּט אָן — די ליידיקע לופט.

אָבער צום גליק זיינען ניט אַלע שורות און ניט אַלע לידער אין דעם בוך אַזוי. פאַראַן באַ אים אַ רעכט ביסל לידער וואָס דריקן אויס אַן עכטן „פילאָזאָפיש־מיסטישן

געדאַנק, פֿאַראַרבעט אין אַן אייגענער פֿאָרם. למשל, דאָס ליד:

ווער וועלן מענטש, ווער וועלן שטיין
די אייביקייט פֿון גאָר אַליין.
קיינער וועט מיך ניט פֿאַרשטיין
איינער וועט דעם צווייטן ניט פֿאַרשטיין.

וועט זיין אַ מורא אין דער וועלט.
די מורא איבער אַלע מורא'ס אין דער וועלט.
די מורא פֿון פֿאַרלוירן אין דער וועלט.

וועט זיין אַ ווילן אין דער וועלט.
דער ווילן איבער אַלע ווילנס אין דער וועלט.
אָפּצואווענדן פֿון דער מורא אין דער וועלט:

וועט וועלן גראָז — אַריבער בוים.
וועט וועלן בוים — אַריבער רוים, א. אַ. וו.

דאָס דאָזיקע ליד „לאָזט זיך דרשנ'ען": אַלץ אין דער וועלט איז באַהערשט פֿון אַ געוואַלטיקן עגאָיזם („זאָל פֿאַר־נומען ווערן אַ געהילך — איך!!!"). יעדע זאַך וואָלט גע־וואָלט די אייביקייט פֿאַר זיך אַליין. אָבער עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ מורא ווי די מורא צו זיין אַליין. („צו באַפֿרייען פֿון געפֿאַנג, צו געפֿאַנגען זיין אין צוואַנג"). אַלזאָ — צוויי היפּכים. און פֿון די צוויי היפּכים ווערט געבוירן אַ דריטע זאַך — דער ווילן בייצוקומען די מורא. אָבער ווי אַזוי? דערפֿון ווערט געבוירן אַ מאָדנער סדר פֿון וועלט: יעדע זאַך וויל בייקומען די מורא דורכדעם וואָס זי וויל אַריבער־שטייגן אַלע איבעריקע זאַכן אין דער וועלט, זיי פֿאַרשלינגען אין זיך. און אַזוי באַקומט זיך אַן אייגנאַרטיקע פֿילאָ־זאָפֿיע: דער קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ, סיי צווישן חיות, סיי צווישן דוממים, קומט פֿון דער מורא פֿאַר איינזאַמקייט!

וואָס מען זאָל ניט טראַכטן וועגן דעם ווערט פֿון אַזאַ געדאַנק, אָבער עס ליגט דאָ עכטע גריבלעריי. דאָס באַרירט זיך באמת מיט פֿילאָזאָפֿיע און מיסטיק.

און צו באַגעגענען אַזעלכעס בײַ ראַדענ'ס „דענקער" איז אודאי אַ זאַך וואָס מוז אַרויסרופֿן גרויס אינטערעס און וואונדער. און אַזעלכע מאָמענטן זיינען פֿאַראַן ניט ווייניק

אין „בראשית — אינמיטן". און מיט די דאָזיקע לידער געלינגט עס לוצקין, ניט געקוקט אַף אַ סך פּלאַכקייטן, סתירות און נאַיווקייטן, צו באַשאַפן אין זיין בוך אַן אַטמאָ־ספערע פון מיסטיציזם און פילאָזאָפישקייט. ער פירט אריין אין יענעם קיינעמ'ס־לאַנד, וואָס צווישן טרוים און ווירקלאַכ־קייט, ער פאַרציט אַרום דער ערד עפּעס אומערדישעס און וועבט אַרום די וועלט מיט אַ ברייטן זעלישן רוים.

די הויפּט־מאָטיוון אַרום וועלכע עס וועבט זיך „בראשית — אינמיטן" זיינען פיר. קודם כל דאָס געפיל פון זיין, דאָס באַוואוסטזיין פון עקזיסטירן, דאָס געפיל פון פילן („ס'איז אַ גליק זיך קענען רירן, ס'איז אַ כישוף אָנצורירן"). דער צווייטער מאָטיוו — דער ד ר אַ נ ג פון אַלץ צו זיין, די תאוה פון דער עקזיסטענץ צו עקזיסטירן („ס'איז אַ ווילן אין דעם ווילן, אַלע זיינען דאָ צו וועלן"). דער דריטער מאָטיוו — די פאַרקייטלונג פון אַלץ וואָס עקזיסטירט („וועט זיין בענקשאַפט פון בראשית וואָס וועט ציען: גאָט צו גאָט, און וועלט צו וועלט און מענטש צו מענטש", א. א. וו.). דער פערטער מאָטיוו — די אייביקע פאַר'חידוש'טקייט איבער דאָס אומענדלאַכע: דאָס אומ־ענדלאַך־גרויסע און דאָס אומענדלאַך־קליינע אין איין און דער זעלבער וועלט („די ערד האָט איר היים אין דער טיף, אַ בוים האָט זיין היים אין דער ערד, אַ צווייג אַפן בוים, אַ בלאַט אַפן צווייג, אַ זשוק אַפן בלאַט, אַ מילב אַפן זשוק, אַ מיקראָב אין מילב, וואָס נישטערט: וואו איז דער סוף") די דאָזיקע פיר גרונט־מאָטיוון ווערן וואַריאירט אַף הונדערט־ערליי אופנים און ווערן אַרויסגעבראַכט אין שורות וואָס זיינען אַמאָל האַלב־ליידיק און אַמאָל גרויס־געפליגלט, מיט דער קראַפט און טיפקייט פון פאָלקסטימלאַכע שפּריכ־ווערטער („די זון באַלייכט די גאַנצע וועלט, איר אייגן פּנים לאָזט זי ניט דערזען"; „אַ מילב איז באַשיצט פון איר אייגענער קליין"). נאָר מערסטנס באַוועגן זיך זיינע שורות צ ו ו י ש ן די דאָזיקע צוויי עקסטרעמען. און וואָס עס האַלט

לוצקי'ס „פּאָעטישע פילאָסאָפיע“, ווי ער באַצייכנט „בראשית — אינמיטן“, נאָר אַף דער מיטעלער פלאַך, איז דאָס וואָס באַ איר גאַנצער פילאָזאָפישער גריבלעריי איז זי מער געמיט ווי פילאָזאָפיע, מער שטימונג ווי געדאַנק. אין אַנדערע ווערטער: זי האָט גייסט אָבער איז אָן גענוג אינטעלעקט.

נאָר די בעסטע שיינקייט פון בוך ליגט ניט אין די דערמאָנטע פיר מאָטיוון, נאָר אין אַ פינפטן, וואָס איז אייגנטלאַך ניט קיין מאָטיוו נאָר אַ מאָדוס. דאָס איז לוצקי'ס אַלטע אַנטראָפּאָמאָרפישע נייגונג, זיין טבע צו באַשענקען זאַכן מיט מענטשלאַכע כאַראַקטער־שטריכן. לוצקי איז געבענטשט מיטן זעלטענעם גליק ניט צו פאַרגעסן די קונסט אַ קינד צו זיין. און ווי אַ קינד קען ער פון יעדער זאַך מאַכן אַ לעבעדיקע צאַצקע. הינטער יעדער דערשיינונג פון דער וועלט זעט ער אַ פּסיכיש אָדער גייסטיק אינדיווידואַליזירטע געשטאַלט. צו דער דאָזיקער אייגנ־שאַפט, וואָס איז שוין דער יסוד פון זיין ערשטן בוך, קומט צו אין „בראשית אינמיטן“ זיין נייע נייגונג — צו זען די אַלע געשטאַלטונגען פון דער וועלט ווי די אויסדרוקן פון אַן איין־און־איינציקער אוניווערזאַלער געשטאַלט, פון אַן אוניווערזאַלן גייסט.

און עס איז געווען:  
דער ערשטער ווייַ פון איידער־איידער:  
אַ ווילן וויל אין מיר צו וועלן!  
איז אַרויס פון אומעטום.  
איז אַריין אַף אַלעמאַל.  
אין יעדן מין.  
אין יעדן מענטש.

אַף זיין ערשטער מדרגה, אין זיין ערשטן בוך, האָט לוצקי געפילט אַ ווערט אין זאַכן; אַף זיין צווייטער מדרגה האָט ער דערפילט אַ ווערט אויך הינטער זאַכן. כאָטש צו אַ גרויסער און גאַנצער וויזיע פון וועלט איז ער נאָך ניט דערגאַנגען. דאָס קען מען שוין זען פון זיין סטיל אַליין. זיין טיפּישער אויסדרוק איז דער קורצער אָפּגע־האַקטער אויסדרוק, וואָס איז נאָך אין דער בחינה פון

איבעראַשטן אָדער אַנטציקטן אויסגעשריי, ניט פון פול אַנגעזאַפּטער אידייע. זיין געפּיצלטע שורה איז אַ סימן פון געפּיצלטן געדאַנק. אָבער זיין טבע צו פילן מענטשלאַכע ענלאַכקייטן אין קלענסטן און גרעסטן, אין טיפסטן און איינפאַכסטן אין דער וועלט אַנטפּלעקט זיך אין „בראשית — אינמיטן" אין אומגעריכטע שיינקייטן. ער נעמט די ניכטערע וועלט און פאַרוואַנדלט זי אין אַ האַלבטרוים־וועלט. עס דוכט זיך אויס אַז אַלע זאַכן שלאָפן אין דער נאַטור און עס דאַרף נאָר קומען דער דיכטער און זיי אַ וועק טאָן, און פּלוצלינג ווערט אַלץ וואַך, און אַלץ קריגט שפּראַך. לוצקי איז דער מויל פון שטומע זאַכן, ער העלפט דער נאַטור זיך אויסרעדן, און די אייביקע וואַנט צווישן וועלט און מענטש ווערט דינער. אין זיין נאַטור דערשיינט אונזער אייגן לעבן איבערגע׳חזר׳ט ריינער און זאַנפטער, און עס ווערט אַזוי ווי ניט דער מענטש דענקט נאָר הימל און ערד דענקען דורך אונז. און אַלץ ווערט נענטער און גרינגער. די גאַנצע ערד ווערט עפּעס דערהויבן צו עטערישער לייכטקייט.

פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע לידער איז אין „בראשית —אינמיטן" דער „וואַסערפאַל"— דאָס גרעסטע. אין די עלף אָפּשניטן פון וועלכע דאָס ליד באַשטייט גייען דורך אַלערליי מעגלאַכע שטימונגען פון אַ וואַסערפאַל געזען דורך אַ מענטשלאַכער פּריזמע. דאָס קוועליקע וואַסער ווערט דורכגעפירט דורך פריידן און געפאַרן, דורך ערנסט און דורך הומאָר, דורך פאַרשייטקייט און דורך צניעות, דורך קינדער־רישער זאָרגלאָזיקייט און אַלטער פאַרטיפטקייט. דאָס וואַסער ווערט אַ מין כישוף־קרישטאָל דורך וועלכן עס זעען זיך עבר׳ס און לעתיד לבוא׳ס. און דאָס דאָזיקע געזאַנג פון וואַסערפאַל איז נאָר דאָס בעסטע, אָבער ניט דאָס איינציקע פון דעם מין אין „בראשית — אינמיטן". יעדער אַנדער ליד דאָרט איז אַף זיין אייגענעם אופן דאָס „בעסטע". אַזוי איז „שטייענדיקע וואַסערן", „אַ דונער", „אַ בליץ", „פייערן", די „לעבעדיקע מינים" א. אַ. וו. און ווידער קומט אַפן

געדאַנק דער פּרימיטיווער מענטש. אַט אַזוי ווי לוצקי היינט אַזוי האָט דער פּרימיטיווער מענטש פּאַרצייטן מיטאָלאָגי־זירט, געזען בפּועל ממש אַ ווען אין דעם בוים, אַ גייסט אין דעם וואַסער, אַ גאָט אין דעם דונער, געטער און גייסטער אומעטום, אין די אַזמדן און גראָזן, אין די פעלזן און ביימער, אין די פרילינגען און זומערן און אַלע צייטן און שטימונגען פון יאָר, און געזען זיי מענטשלאַך, אין צאָרן און אין גנאָד, און דורך אַזאַ פאַרשטעלונג געפילט זיך נענטער צו דער וועלט־נשמה. און אַזוי ווי דער פּרימיטיווער מענטש פּאַרצייטן אַזוי איז לוצקי היינט. לוצקי — אַ פינקלדיקער פראַגמענט פון פּרימיטיווער פאַנטאַזיע.

די פאַנטאַזיע ווי אַ טראַנספאָרמירנדיקער כח — בײַ קיין דיכטער אין דער אידישער פּאָעזיע האָט זי זיך ניט אַנטפּלעקט אַזוי אייגנאַרטיק ווי בײַ לוצקין. לייענען לוצקי'ס לידער איז אַ פאַנטאַסטישע רייזע דורך דער וועלט. אַלץ ווערט אומגעביטן און אַלץ ווערט געבראַכט נענטער צום מענטשן און געזען אין דער דאָפּלטער שיינקייט פון נאַטור און האַרץ. אַזוי איז עס געווען מיט די לידער פון דעם זשאַנר אין זיין ערשטן בוך און אַזוי איז עס אויך מיט די אייגענע לידער אין „בראשית — אינמיטן". נאָר דער דאָזיקער זשאַנר אין לוצקי'ס נייער מדרגה איז טיפער גע־וואָרן מיט אַ נייעם מאָטיוו — די בענקשאַפט פון אַלץ צום באַשעפער. פריער האָט אַלץ אין לוצקי'ס וועלט, חיות און דוממים, זיך געצויגן צום מענטשן און געשפּיגלט זייער לעבן אין זיינעם; איצט האָט זיך אַלץ, חיות און דוממים און מענטש, גענומען ציען צו עפּעס העכער און ווייטער, צום שורש פון אַלץ, צו גאָט.

און דאָס איז די באַדייטונג פון לוצקי'ס „פּאָעטישער פילאָסאָפיע". עס איז אויפגעשטאַנען אַ ניי געפיל אין אים, דאָס רעליגיעזע געפיל, וואָס איז אַ ציעניש צו אַ וועלט־באַנעם. ער איז רייכער געוואָרן. פריער האָט ער געשטרעבט, אין זיין וועלטעלע, צוצופּאַסן די נאַטור צו דעם

סדר פון גייסט, איצט ציט עס אים אריינצופּאַסן דעם סדר פון גייסט אין דעם גרעסערן סדר פון אוניווערז. ער האָט שוין פריער געפילט אַז אַלץ איז אַ רעטעניש, איצט האָט ער אָנגעהויבן צו שפּירן אַז יעדער רעטעניש פון דער וועלט איז נאָר אַ טייל פון אַ ברייטערער רעטעניש. ער איז געוואָרן וואַכעדיק צו קאָסמישע פּראָצעסן. און דורך דעם האָט ער זיך אויפגעהויבן. ווארום די אויפגאַבע פון דער פּאָעזיע איז, ערשטנס, צו קאָאָרדינירן דעם מענטשן מיט זיך אַליין, און צווייטנס און גרעסטנס — צו קאָאָרדינירן אים מיטן קאָסמאָס.

און דערויף, פאַר דער דאָזיקער צווייטער אויפגאַבע, האָט זיך לוצקי פאַרמאָסטן אין די „ריין פילאָזאָפישע" לידער אין די ערשטע טיילן פון „בראשית — אינמיטן" און אין די לעצטע, אין דעם „והיה באחרית הימים". עס איז די גרעסטע אויפגאַבע, אָבער אויך די שווערסטע. און זי איז אים דערווייל ווייניק געראָטן. ער איז נאָך ניט רייף פאַר איר מיט דער זעלבער רייפקייט וואָס ער פאַר־מאָגט פאַר זיין ערשטן זשאַנר. דאָ איז ער נאָך צו — פרימיטיוו.

אין דעם פרימיטיוון מענטשן, ווען ער הויבט אָן קומען צו דערקענטניש, איז שאַרף דער חוש פון שפּראַך. ווארום דערקענען הייסט אָנרופן, דעפינירן, געבן אַ נאָמען. גאָט האָט געבראַכט אַלע באַשעפענישן צו אדמ'ען — דערציילט דער חומש — צו זען ווי ווערט ער זיי אָנרופן. און אויך אין דעם פּרט פון שפּראַך איז לוצקי געראָטן אין דעם פרימי־טיוון „דענקער". ער איז זייער עמפינדלאַך צו שפּראַך און איז שפּראַכלאַך־שעפעריש. ווי יעדער אמת'ער דיכטער פאַרוואַנדלט לוצקי די געוויינלאַכסטע ווערטער און מאַכט זיי ניי. און ווען עס איז אים אומבאַקוועם מיט דער אַלטער פאָרם פון אַ וואָרט צעברעכט ער עס, צעבויגט און צעדרייט עס און מאַכט דערפון אַ נייע צאַצקע. אַדיעקטיוון באַנוצט ער ווי הויפּט־ווערטער און הויפּט־ווערטער בויגט ער ווי

אַדיעקטיוון און באַנוצט ווי אַדווערבן („וואָס צוריקער — אַלץ פּאָרויסער"; „וואָס דער באַרג איז באַרגער"). פאַר אַ קאָנטראַסט צו „איינזאַם" קען ער אויסשמידן „אַלזאַם", און פון דער ענדונג „זאַם" מיטן וואָרט „צוזאַמען" מאַכן אַ שפּאָגל נייע זאַך — „צוזאַמזאַם". ווי מאָדנע דאָס קלינגט ניט נעמען מיר עס גערן אָן, ווייל עס קלינגט זיך ערגעץ צונויף מיט דער לאָגיק פון דער שפּראַך.

און ער באַגייט זיך אַזוי מיט ווערטער ווייל ווערטער פאַר אים זיינען ניט בלויז באַצייכנונגען פון זאַכן: זיי זיינען אַליין זאַכן. ער עמפּינדט שפּראַך ווי אַן ענערגיע. ער האָט ניט נאָר הנאה פון דער וועלט דורך ווערטער; ער האָט הנאה פון ווערטער גופא. עס איז דאָ אין זיין שפּראַך סטיליסטישע פיזיאָנאָמיע. אין זיינע ווערטער איז דאָ אקוסטיק, מעלאָדיע, זשעסט, גראַדוסן, און ער ווייס ווי אַזוי אומצוגיין מיט די דאָזיקע אייגנשאַפטן זייערע. אין די סובלימע טעמעס ווייזט ער אַ נייגונג, כאָטש דערווייל נאָר אַ שוואַכע, צו סובלימע טענער („איז געוואָרן אַ דערהערן: זאָל געשען אַן אַנדער ווערן"). די הויפּט־שטריכן פון זיין סטיל זיינען קורצקייט און שפּרינגעוודיקייט, קורצקייט — דער באַקאַנטער „פּרימיטיווער לאַקאָניזם"; שפּרינגעוודי־קייט — זיין שורה גייט ניט נאָר זי טאַנצט. זי גייט ניט ווי דאָס פליען פון אַ פויגל אין גראַדע און געוועלבטע ליניעס, נאָר ווי דאָס פליען פון אַ שמעטערלינג, וואָס פליט מיט אַ האָצקען, פליט און שפּרינגט. אַ סטיל ווי געשריבענע עלעקטריציטעט.

אין סך־הכל איז „בראשית — אינמיטן" זייער אַן אייגנאַרטיק בוך. עס איז אַ פּאָליפאָניש בוך, אַ בוך מיט אַ סך קלאַנג און דופּטיקייט, און אַ בוך וואָס שטייט אַליין: עס געהער ניט אינגאַנצן צו דער פּאָעזיע; עס געהער אויך צו דער ליטעראַטור פון רעליגיעזער מיסטיק. נאָר ווייט איז ער נאָך אַהער ניט פאַרגאַנגען. וואָרום דער מיסטיקער בכלל זעט זיין וויזיע קלאָר נאָר ער קען זי קלאָר ניט אויסדריקן, אָבער לוצקי זעט נאָך זיין מיסטישע וויזיע אַליין ניט גאַנץ קלאָר.

# מלכה לאקער

מלכה לאָקער איז געקומען אין דער פּאָעזיע — אַן איבעראַשונג פאַר זיך, אַן אַנטפּלעקונג פאַר אונז. ביז איר מיטעלן עלטער, אַן ערך אַ יאָר צוריק, האָט זי קיין לידער ניט געשריבן און ניט געוואוסט אַז זי דאַרף זיי שרייבן. נאָר אַ פּריינט, וואָס פּלעגט דערהאַלטן פון איר בריוו, האָט איר אויפמערקזאַם געמאַכט אַז אירע בריוו זיינען אמת׳ע פּאָעזיע און זי וואָלט געדאַרפט פּרוואוון שרייבן לידער.

זי האָט געפּרוואווט און די דאָזיקע פּראָבע איז געווען אַ מין עפענען פון אַ קוואַל. פון דעמאָלט אָן הערן די לידער ניט אויף צו קומען און זיי גייען מיט אַ שפע און מיט אַ שטראָם און מיט אַ קראַפט וואָס קענען באַדייטן נאָר איין זאַך — אַן אמת׳ן און רייכן דיכטערישן טאַלאַנט.

אַז אַ מענטש זאָל אַזוי פּלוצים אויפטרעטן אין אַ ליטעראַטור איז אַ זעלטענע און זייער מערקווירדיקע דערשיי־נונג. דער גאַנצער שעפערישער פּראָצעס איז אַ געהיימניס אין דער נאַטור, אָבער ווען ער ברעכט אויס אומגעריכט אין אַ מענטשן אין פול־רייפן עלטער איז עס אַ געהיימניס אין אַ געהיימניס. אַזאַ דערשיינונג האָט איר באַזונדערן אינטערעס און אייגנאַרטיקן רייץ. בּאַ אַזאַ קינסטלער איז ניטאָ די מעגלאַכקייט צו באַאָבאַכטן זיינע ערשטע טריט, נאָכצוגיין זיין אויפשפּראָצן, זיין פאַנאַנדערבליען און זיין אויסוואַקסן. דאָ זיינען אַלע פּראָצעסן פאַרגעקומען אין דער שטיל און אין דער פינצטער, און מיר דערזעען פאַר זיך מיט איינמאָל, ווי אַ נס, אַ פאַרטיקן בוים אַרויסגעשפּרונגען פון דער ערד.

אזאַ פּאַל איז די דיכטונג פון מלכה לאָקער.

מלכה לאָקער'ס דיכטונג איז געקומען ווי אַן אויפרייס און זי האָט די גאַנצע הערלאַכקייט און פאַרכאַפּנדיקן צויבער פון אַ פּלוצים פאַנאַנדערגעשפּילטן ווואולקאַן. און זי טראָגט אויך אַלע סמנים פון אַ גוואַלט־אויסברוך: עס שלאָגט פון דעם קראַטער פייער און עס שלאָגט רויך, עס פליען שטיקער גאָלד און בלאָקן שטיין, זאַכן קאַפּריזנע אויסגעפורעמט ווי אַ שנייבלום אָף אַ שויב, און שטאָף ווי צעפלאָסענער, צעשמאָלצענער ערץ. עס קוילערן זיך אין אירע לידער איינס איבערן אַנדערן, איינס אין און דורכן אַנדערן מענטשן, שטעט, גלעטשערס, געפילן, ים'ען, אורצייטן, רויע אינסטינקטן און שפּיציקע געדאַנקען, ווענוס און אָמניבוסן, כאַאָס און געאָמעטריע, מאַשינען, נשמה, יאַהאָווע און דיאָניסוס, לייב, ווייטיקן און געביידן, זייד און שיקזאַל, בערג און בענקשאַפטן — אַלץ אָנגעוואָרפן, אָנגעשליידערט ווי אָף עפּעס אַ גרויסן, הערלאַכן, בלענדיקן נאַטור־יאַריד.

אין איר פּלוצימדיקן דערוואַכן האָט זיך אונזער דיכ־טערין אָנגעכאַפּט אָן אַלע זייטן פון דער וועלט, ווי אַן איבעראַשט קינד מיט ביידע הענט אָן אַ שפּילצייג. זי איז פול מיט באַוואונדערונג, פול מיט פאַר'חידוש'טקייט און קשיות. יעדע קלייניקייט, אַ לייכטע רעגונג פון ווינט, אַ בויג פון אַ בלומענקעפּל, אַ פּינטל פון אויג פון טאָג, ווערט דערהויבן צו דער וויכטיקייט פון אַן אַנטפּלעקונג. און די גרעסטע זאַכן זיינען איר ניט צו גרויס. זי ציט אויס די האַנט נאָך דער זון ווי נאָך אַ שפּיל־באַל אין אַ שויפענצטער און גייט פאָרן אָף אַ שטורמווינט מיט דער זעלבער גרייט־קייט און באַגייסטערונג ווי אָף אַ קאַרוסעל. און די אייגענע גלידער, די הענט און די פיס און די אויגן אין קאָפּ, ווען זיי זיינען געזונט און ווען זיי פיבערן אין קרענק — אַלץ איז פאַר איר אַ טעמע צו באַטראַכטן און זיך צו חידוש'ן דעריבער. ווי אַ קינד מוז זי אַלץ אָנרירן און באַטאַפּן כדי

צו זעטיקן דעם אור־הונגער פֿון אירע חושים נאָך וועלט און וועלט־דערקענטניש.

דאָס אַלץ האָט אַרויפֿגעלייגט אַ באַזונדערן שטעמפּל אַף איר און באַשטימט דעם כאַראַקטער פֿון אירע לידער אין זייער איצטיקער ערשטער פּאַזע. אין דער פּלוצימדיקער ערדציטערניש וואָס איז פֿאָרגעקומען אין איר נשמה האָט נאָך די דיכטערין קיין צייט ניט געהאַט זיך איינגאַנצן צו געפֿינען און געווינען הערשאַפֿט איבער איר קונסט. זי טראָגט נאָך ניט איר פּאָעזיע, נאָר ווערט פֿון איר געטראָגן.

אין דעם ערשטן רויש פֿון איר דערוואַכן האָט זי נאָך, קודם כל, ניט באַוויזן צו ציכטיקן איר שפּראַך. זי פֿאַרמאָגט אַ געוואַלטיקן שאַץ פֿון ווערטער, געהויבענע, קרעפֿטיקע און פֿיין נואַנסירטע, און זי קען זיי אויסשטעלן אין שטילע, אַטמאָספֿערישע פּראַזן און אין מעכטיקע, גרויס־געוועלבטע שורות. אָבער אין איר רייכן שאַץ פֿון שפּראַך לויפֿן נאָך אום צופֿיל פֿרעמד־ווערטער וואָס גיבן איר ליד צו אָפֿט אַ האַרטקייט פֿון דיקציע און אַ קלאַנג פֿון אומלירישקייט. מלכה לאָקער׳ס לידער אונטערשיידן זיך פֿון דער אַלגעמיינער אידישער פּאָעזיע דערמיט וואָס זיי וואָרצלען ניט, ווי זי, אין דער פֿאָלק־שפּראַך. זיי האָבן דערפֿאַר די מעלה וואָס זיי זיינען ניט באַלאָדן מיט אַלטע אָפּגעבליצטע ווערטער. איר שפּראַך בלאַנקט ווי נייע מעסערס. אָבער זיי האָבן אויך דעם חסרון וואָס זייענדיק אָפּגערוקט פֿון דער גרינגער, זאָרג־לאָזער און ניכטערער אומגאַנג־שפּראַך, קלינגען זיי צופֿיל ווי שווערע קונסט.

אין דעם אומגעריכטן אויסברוך פֿון לאַנג אָנגעזאַמל־טער קראַפֿט איז עס דער דיכטערין נאָך אויך ניט געלונגען צו געווינען פֿולע קאָנטראָל איבער פֿאָרם. פֿאָרם, מער אפֿשר ווי יעדער אַנדער עלעמענט פֿון דער קונסט, ווערט באַשאַפֿן אין שטילער איינזאַמער געדולד. אָבער אַ דיכטונג וואָס יאָגט מיטן ווילדן אימפּעט פֿון אַ שטורמווינט קען זיך ניט אויספּוצן אין שטרענגע, געלאַסענע, דין געצוויגענע

ליניעס. בנינים פון גרויסער געוואלט פארטראגן ניט קיין איידל־צירלאכע ארנאמענטן. דעריבער האבן אירע לידער ניט קיין פעסט־שטייענדיקן מעטרישן געבוי, קיין גערעגלטע זילבן־מאס, קיין געבונדענע פערזן און קיין צוזאמענקלינגענ־דיקע גראמען. זי לאזט זיך דיקטירן פון אן אינערלאכן ריטם, באשטימט דורכן עקסטאז אליין. אבער דאס גייט פאר איר ניט פאריבער אינגאנצן אן שטראף. א דאנק איר גלייכגילטיקייט צו פארם פאלט זי אפט אריין אין א צעמי־שונג פון פארמען און מיר געפינען ניט זעלטן בא איר געפארט ראמאנטישע שטימונג מיט קלאסישער שפראך אין עקספרעסיאניסטישער און אנדערש מאדערנער פארם. א דאנק דער צעשויבערטקייט פון זייער פארם קען מען בא אירע לידער, ניט געקוקט אף זייער גאנצער שיינקייט און שטירמישער קראפט, זיך ניט באפרייען פון דעם געפיל, אז זיי ליידן פון אן אינערלאכער אומפארטיקייט. ווארום פארטיקייט אינערלאך איז פארענדיקטע פארם; אויסערלאך. און וואס כאאטישער דער שטאף, אלץ גרעסער איז זיין בענקשאפט נאך פארם. און גראד אין דער געמאס־טענער געשטאלטונג פון דעם מאסלאזן אנטפלעקט זיך די אמת׳ע מייסטערשאפט.

נאר דאס זיינען זייטיקע באטראכטונגען, און זאכן וואס קענען דורך קינסטלערישער מי און קולטור געבעסערט ווערן. דער עיקר איז דער אנטפלעקטער פאעטישער כח, דער דיכטערישער קוואל וואס האט גענומען שלאגן מיט אזא שפע און קראפט נאכדעם ווי דער שטיין איז איינמאל אפגערוקט געווארן. און דער קוואל איז אמאל שפילעוו־דיקער פאנטאזן, אמאל שטירמישער אקעאן. מלכה לאקער איז ליריקערין און דראמאטיקערין. זי קען דעם איידעלן ציטער פון שטילע מחשבות און זי קען דאס קראכיקע הילכן פון פאלנדיקע וועלטן. איר סקאלע פון געפילן איז אומ־געהויער גרויס און דער קרייז פון אירע טעמעס ווייס ניט קיין גרעניץ. זי נעמט די לעצטע שטיק סאציאלע נייס פון

דער צייטונג און זי גייט אויך אהין וואו די ערשטע ענערגיען פון דער וועלט ליגן נאך אין אומגעגלידערטן כאאס. זי מאלט אפאקאליפטישע בילדער פון דער צוקונפט און שילדערט דאס געשריי און רעווען פון ערשטער וועלט־באשאפונג. זי האט לידער וואס לויפן ווייט פאראויס און לידער וואס גייען גרויסע וועלט־שטרעקעס צוריק. לידער אינטימע, וואס זינגען דאס הארץ פון א בלימל, און לידער פון נויארק וואס זיינען ריזיקע סימפאנישע מאסן. זי זינגט תהו־ובהו און הימל־געוועלב, טאנקן און פיליגראן, בריקן און שמעטערלינגען. זי זינגט: ערשטע מאטעריעס וואס זיינען יסוד פון באשאף, אורגרונטיקע אינסטינקטן וואס טרייבן דורכן לעבן, נשמה וואס בענקט צו גאט, גייסט וואס נעמט ארום די וועלטן.

איר ערשטע פרייד איז שטאף און די עלעמענטארע זאכן פון דער וועלט אין זייערע ליניעס און פארבן. די מאטעריע פון וויכן זייד און שווערן וועליור אזוי גוט ווי דער שטאף פון בלומען בלעטער, די מאטעריע פון שטראלן, פון בלויען גלעטשער־אייז. די פארבן פון אלערליי וואלקנס און וואסערן, און אלערליי צייטן פון יאר. און זי פארשטייט יעדן שטאף און יעדן ליכט און האלב־ליכט צו געבן זיין באזונדערן און זעלטענעם ווערט.

ווארום זי פארמאגט א גרויסע סימבאלישע אויסדרוקס־קראפט, א גרויסן כח פון בילד. אפשר אן איבערגרויסן כח, וואס וועגט אריבער אנדערע אייגנשאפטן. איר טבע איז אנצורייען סימבאל אף סימבאל, בילד אף בילד, ביז א ליד ווערט א טאנץ פון בילדער, א ווירבל פון איינפאלן, און ביז א ליד ווערט אפט דערדריקט אונטער דער איבער־רייכער לאסט פון בילדער. אט איז א לאנדשאפט. זי איז אויפגעמאלן מיט טייערע דעטאל־אויפנאמען, אבער דאס פיזישע אויסזען פון דער לאנדשאפט קומט ארויס שארפער ווי איר זין. און אט איז א לירישער אויסגוס: בילד נאך בילד, בילד נאך בילד, און דער „זשאנר", דער לייכטער דערציילע־

רישער מאָטיוו וואָס דאָס לירישע געדיכט האָט ליב, איז ניטאָ. אַזוי פאַר׳שכור׳ט איז אונזער דיכטערין מיט דער בלוייזער דערשיינונג פון זאַכן, אַז אירע מאָלערישע שטי־מונגען זוויגן־אויף די מוזיקאַלישע. מלכה לאָקער׳ס טאַלאַנט איז בכלל מער אַ מאָלערישער ווי אַ מוזיקאַלישער.

אירע בילדער זיינען פון זעלטענער שיינקייט און געפילפולקייט, מיט שאַרפע אַקצענטן און איידעלע, מיט אינטענסיווע פאַרבן און שטילע. איר ביל֗ד קען זיין דין ווי דער שאָטן פון אַ געשפּאָלטענער האָר, און מעכטיק און געזונט ווי אַ מאָנומענטאַלער בלאָק. זי האָט דעם אויסדרוק פאַר די האַרטע טאַקטן פון דער לײַדנשאַפט אַזוי גוט ווי פאַר די זאַנפטערע ריטמען פון דעם לעבנס־געפיל. און זי צייכנט, צייכנט, אַלץ, הימל און ערד, לאַנדשאַפט און שטאָטשאַפט, אַמאָל מיט שמאָלן פּינזל, אין צאַרטע בליי־שטיפט־ליניעס וואָס פאַרשוועבן דיכטעריש אין רוים, און אַמאָל אין מעכטיקע פרעסקאָס פון עפּישער געוואַלט.

מלכה לאָקער האָט אַ חוש פאַר גרויסע מאָטיוון. איר דיכטונג איז פול מיט גרוים־געזעענע און ווייט־געשפּאַנטע לאַנדשאַפטן. איר וועלט איז בונט, ברענענדיק, אומגעהויער־לאַך, אַ וועלט פון שיינעם שיין. אין אַ צייט ווען די פּאָעזיע האָט אין איר טעמע אַריינגענומען לומפּ און לאַפּן וויקלט די לאָקער אירע לידער אין זייד און פּערל און זי זינגט פון וועגנס און פון וואולקאַנ׳ס ליבע צו איר. די קליינע זאַכן אין דער נאַטור ווי די גרויסע קומען באַ איר אַרוים עפּעס ווי געאַדלט, געריייניקט, ווי פאַר אַ גרויסער געלעגנהייט צוגע־גרייט, פאַר עפּעס אַ הייליקן יום־טוב גע׳כשר׳ט. אַפילו די געמיינע זאַכן פון לעבן, אַן אײַנגעפאַלענער פּלויט, אַ הורבע דזשאַנק, קומען באַ איר אויף אַרוים דערהויבן אין הויכגעפילן. אַלץ איז וויכטיק, אַלץ איז הייליק, דאָס קליינע אין גרויסן, דאָס גרויסע אין קליינעם. יעדע זאַך האָט ערגעץ־וואו אַ שייכות צום אַל. אַ פויגל־רוף, אַ גרעזל, אַ

שטראַל, דאָס רוישן פון אַ קליין טייכל באַדייט שוין די וועלט.

אַט דאָס געפיל פון גרויסער וועלט, אַ טיפער באַוואוסט־זיין פון דעם קאָסמישן, גייט דורך דורך אַלע לידער פון מלכה לאָקער. פון אַט דעם קאָסמישן באַוואוסטזיין איז באַזעלט איר גאַנצע נאַטור־דיכטונג. די שטילערע לידער, די לידער וואָס באַזינגען די מילדערע און פריינטלאַכע אַספּעקטן פון דער נאַטור, זיינען אין אַ צאַרטן מעטאַפיזישן הויך איינגעהילט; די רוישיקע לידער, יענע וואָס שילדערן די ווילדע מאָמענטן פון דער נאַטור, זיינען בײַ איר מיט געטער־מעכטיקע ליידנשאַפטן אָנגעגאָסן. אַן אומגעהויערע פּאָעטישע קראַפט באַווייזט מלכה לאָקער ווען זי קומט שילדערן און זינגען דעם גרויסן וועלט־שוישפּיל פון די גרויסע, באַרבאַרישע נאַטור־כחות. די בונטע, פאַנטאַס־טישע, גרויזאַמע דראַמע פון דער נאַטור, די ווילדע געשעע־נישן פון ים־שטורמען, פון געאָלאָגישע קאַטאַסטראָפן, פון גלעטשער־וואַנדערונגען, פון ערד־ציטערנישן, דעם גלות פון די טראָפּן, די מעסער־שאַרפע קעלטן פון די פּאָלן, הימלישע פּאָזשארן — דאָס אַלץ מאָלט זי מיט אַ געוואַלטיקער לעבעדיקייט און באַזעלטקייט. מיט באַזונדערער פרייד און קראַפט ליבט זי די נאַטור־כחות וואָס יאָגן אין פרייען שטאָלץ אין די רוימען. און זי לאָזט זיך אַראָפּ אין די אָפּגרונטן פון וואַנען עס שטראָמען די לעבנס־מאַכטן פון דער וועלט, יענע אַל־געוואַלטיקע עראָטיק וואָס באַלעבט צוגלייך אַ שליים־געוויקס און אַ ווענוס. זי זינגט דעם הארבן צויבער פון קאָסמישע שנויים, דעם פלאַמען־טויט פון שטערן, און די מיסטישע פרייד פון נאַטור עקזיסטענץ, די זינגענדיקע בלוטן פון לעבן. די גאַנצע נאַטור אירע איז דורכגעפּולסט פון עראָס אַזוי ווי פון אַן עלעקטרישן שטראָם, אָנגעזאַפּט מיט אַן אַנימאַלישן דראַנג וואָס ציט זיך פון כאַאָס ביז גייסט און פאַרשמעלצט עלעמענט, לעבן און זעל אין איין געהיימניספולן, אומענדלאַכן אַל־אייביקן קיום.

און אַט דעם קאָסמישן רויש, דעם טונקעלן תוך פון די עלעמענטן, זינגט זי אויס מיט אַ שיר ניט דעמאָנישער ריטמיק. און עס בלייבט נאָר אַ חידוש ווי אַזוי עס קומט אַזאַ מענלאַכע קראַפט אין אַ ווייב. און אַ ווייב איז זי אפילו אינמיטן פון מעכטיקסטן שוואונג. זי בלייבט עלעגאַנט אַפן ראַנד פון אָפּגרונט, קאָקעטיש אינמיטן אַ טאָר־נאַדאָ. און קאַפּריזנע אויך. אַט זינגט זי אַרגיעס פון באַקכישער באַגייסטערונג און אַט — אייביקע קשיות פון יאַהאַווישער געהיימניספולקייט. נאָרוואָס — פּאַנישע דעמאָניע און אַט שוין — אידישע צניעות, אַט דיאָניסוס אין פרייד, און אַט — די שכינה אין צער. אַט ליידנ־שאַפטן שטאַרקע, גלוטיקע, איבערשוימיקע, און באַלד — שטילער שוי פאַרן לעבן. אַנימאַלישע קראַפט און געט־לאַכער סוד געמישט, געלייטערטע קלאַסיציטעט און בויערנ־דיקע גריבלער־נאַטור.

נאָר אַלע אייגנשאַפטן פון מלכה לאָקער׳ס דיכטונג אַנטפּלעקן זיך אין זייער שענסטן גלאַנץ אין דעם ציקל לידער „נויאָרק“. דאָס איז אַ העראָישע דערגרייכונג אין דער פּאָעזיע. עס איז אַן עפּאָפּייע פון נויאָרק, אפשר די גרעסטע וואָס איז ביז איצטער געשריבן געוואָרן. עס איז אַ דיכטערישער מאָנומענט אַט דעם מאָנומענטאַלן קאָלאָס פון דער נייער וועלט און פון גאָר דער וועלט. עס איז פיליכט די גילטיקסטע פאָרמולירונג פון נויאָרק וואָס איז ביז איצט געשאַפן געוואָרן. נויאָרק, אַט די פוריע פון שטיין, די וועלט פון ארכיטעקטור און דונער, די שטאָט וואָס איז שטענדיק ווי אינמיטן אַ שטורם־אַטאַקע, אַט דער אייזן־געשפּענסט, די פאַטאַ מאָרגאַנאַ פון שרעק, אַט דער אָלימפּוס אָן געטער, אַט דער גרויסער וואַסער־קאָפּ פון דער וועלט וואָס טאַפּט אין זיבעטן הימל, האָט געפונען זיין אמת׳סטן אויסדרוק דורך דער פעדער פון אַ פרוי.

זי איז אַרײַנגעדרונגען אין אַט דער שטײַנערנער װיסטע און אָנגעטאַפּט איר מעלאַנכאָליע, איז אַרײַן אין איר װילדער ראַטאַציע און דערפֿילט איר אַנגסט, האָט זיך אײַנגעהערט אין איר ליאַרעמדיקער שלאַכט־מוזיק און פֿאַרנומען איר געװײן, האָט געזען איר פֿאַנטאַסטישן שפּינװעבס פֿון בלוטיקן פֿײַערשײַן און דערפֿילט די פֿינצטערניש װאָס אין האַרצן, האָט געקוקט אָפֿן פֿאַרגאַפֿטן אין אויג פֿון די מענטשן און דערזען די קנעכטונג פֿון לעבן, אין אַט דעם פֿאַנטאָם װאָס הייסט נויאָרק;

זי האָט געזען די מאָדערנע גאָלגאָטאַ װאָס הייסט פֿאַבריק, די „װיאַ דאָלאָראָזאַ" װאָס הייסט סאָבװײ, די מיסטעריעזע קאַטעדראַלן פֿון אַן אומבאַקאַנטן גאָט װאָס הייסן „ראָקסי" און „קרײַסלער בילדינג" און „עמפּאַיר סטייט בילדינג"; זי האָט געזען די גרויסע הײַזער װאו מענטשן פֿילן קליין, די גרויסע מעטראָפּאָליע מיט אַ װעסטנ־טאַש פֿילאָסאָפֿיע, די שטאָט װאו גאַסן זײַנען ציפֿער און מענטשן — נול, װאו מאַרך ליגט פֿאַר אַספֿאַלט און אַספֿאַלט פֿאַר מאַרך; זי האָט געזען דעם ברענענדיקן שװעבל װאָס הייסט נויאָרקער לעבן, אָט די גרויל שטאָט װאָס האָט אַרומגענומען דעם מענטשן, װי די אײַזערנע מויד פֿון מיטל־אַלטערלאַכער שטראָף; זי האָט געזען דעם שרעק, אָט דעם קאָשמאַר פֿון קאָשמאַרן װאָס הייסט נויאָרק;

זי האָט געזען דעם גייסט דערשטיקט פֿון אַנטיגייסט. דאָס האַרץ מיט פּלאַקאַטן־פּסיכאָלאָגיע, די געװאָלט אַז געגאַד, די שפּאַנונג, די שאַרפֿע עקיקייט, די לאַנגװײל, דעם פֿיבער, דעם גראַטעסק, די סענסאַציע אין אַט דעם אומזין פֿון אומזינס װאָס איז נויאָרק; געזען, באַנומען און באַזונגען.

זי האָט אָבער אויך געזען די אומרו פֿון שטײן, דעם געזאַנג פֿון מאַרמאָר, דעם פּאַטאָס פֿון אײַזן, דעם יובל־שרײ פֿון שטאָל, די צעברויזטע ענערגיען פֿון זאַכן אין אַט דעם צויבער פֿון צויבערן װאָס הייסט נויאָרק;

זי האָט געזען אויפגעשלאָסענע קוואַלן, געלייזטע סודות, אַלע מענטשלאַכע געוואַלטן קאָנצענטרירט, חכמה שרייענ־דיק פון אַלע שילדן, מוסקל זיך קראַמפנדיק צו בויען מיט העזה גאָט גלייך אין געזיכט אַריין אין אָט דעם חידוש פון חידושים וואָס איז נויאָרק;

זי האָט געזען די פּראָצעסיע פון פעלקער אין שמעלץ־אויוון פאַר אַ ניי פאָלק, האָט געהערט די שלאַכט־מוזיק אין דעם מאַרש צו אַ נייער מענטשהייט, דאָס פאַרקלינגען פון אַן אַלטער וועלט און דעם אויפשריי פון אַ נייער אין אָט דעם נס פון נסים וואָס איז נויאָרק;

און זי איז באַנומען געוואָרן פון אָט דעם אויפגעו׳־כשופ׳טן מאָנסטער און איז אַוועק נאָך אים אין נאַכט־וואַנדלערישער ליבע און שרעק און האָט אַרויסגעזונגען און אויסגעשריען אָט די גאַנצע מאָנסטערישע מאַיעסטעטיש־קייט, נויאָרק, אָט די משוגעת וואָס איז משוגע געוואָרן, נויאָרק, זיינע ווירוואַר־גאַסן, זיינע באַרג־געביידן, זיינע וועלדער פון בריקן, זיין תהו־ובהו פון מאָטאָרן און מענטשן, זיין געדיכטע פינצטערניש און מיליאָנענפאַכע געדיכטע ליכטיקייט, נויאָרק, די פוריע פון ענערגיע, אָט דער אייבי־קער ציקלאָן, דער וואַלקנברוך פון שוויים און בלוט וואָס ווייס פון קיין אָפּהאַלט ניט, נויאָרק אין זיין גאַנצן גלאַנץ און עלנד! פאַר זיין מאָטאָריש האַרץ האָט זי געפונען די מאָטאָרישע שפּראַך, פאַר זיין צעצונדענער פאַנטאַזיע האָט זי געהאַט דאָס וואָרט ווי אַ פאַקלשיין, פאַר זיין וועלטן־וייטן שוואונג האָט זי פאַרמאָגט די פראַזע מיט אָדלער־פליגל. און זי האָט געגעבן אַ פלאַמען־געזאַנג פון נויאָרק, אַ פייער־עפּאָפּייע פון נויאָרק.

און וואָס עס מאַכט דעם דאָזיקן געזאַנג פון נויאָרק, וואָס איז דער געזאַנג פון דער נייער וועלט בכלל, גרויס און וויכטיק איז ניט אַליין זיין וויזיאָנערישע פאַנטאַסטיק, די גראַנדיעזע גבורה מיט וועלכער ער איז אויפגעבויט, דער שטירמישער אימפּעט מיט וועלכן ער איז באַלעבט, נאָר

אויף אַ נייער טאָן פון אַ נייער גייסטיקער באַציאונג צו דער מאַשין־קולטור. אונזער טעכנישע ציוויליזאַציע איז פון איין זייט געשאַלטן געוואָרן פון דער אַנדערער זייט געלויבט געוואָרן; פון איין זייט באַטראַכט געוואָרן ווי אונטער דער נאַטור, פון דער אַנדערער זייט ווי איבער דער נאַטור, אָבער פון ביידע צדדים באַהאַנדלט ווי עפּעס וואָס איז אויסערהאַלב דער נאַטור, און פרעמד צו איר. אין מלכה לאָקער׳ס געזאַנג פון „נויאָרק״ דערשיינט די טעכנישע קולטור ווי אַ פאָרזעצונג פון דער נאַטור. זי שטייט באַר די וואונדער פון דער מעכאַניק אַזוי געפּלעפט, אַזוי פרום, אַזוי עניוות׳דיק און געבויגן ווי פאַר די וואונדער פון הימל און ערד אַליין. דער סוד פון נויאָרק איז פאַר איר אַזוי געהיימ־ניספול ווי דער סוד פון אָקעאַן, און דער ציל פון מאַנהעטן אַזוי פאַרבאָרגן ווי דער ציל פון דעם שטערנגאַנג. אי דאַ אי דאָרט ווערט געלעבט, און לעבן, וואו עס זאָל ניט שלאָגן, אויבן צו אונטן; און ענערגיע וואו זי זאָל ניט טרייבן, אין פולס פון אַ בלום אין פעלד צי אין עלעקטרישן שילד אַף טאַימז סקווער; און וואָס עס זאָל ניט געטריבן ווערן, אַ גלעטשער אַפן נאָרדפּאָל צי אַ צוג אין סאַבוויי — אומעטום דער זעלבער סוד, אומעטום די גרויסע געהיימנים און ווירדע פון דער נאַטור. און אַזוי באַזינגט מלכה לאָקער און אַזוי באַוואונדערט זי און אַזוי פאַרגייסטיקט זי די טעכנישע קולטור וואָס האָט איר העכסטן אויסדרוק דער־גרייכט אַפן מאַנהעטן אינזל. און דער שעפער פון דער טעכנישער נאַטור איז דער מענטש. און דער מענטשן־דור פון מאַנהעטן דערשיינט אין איר געזאַנג ווי אַ נייער גאָט, מיט דער זעלבער מאַכט און אָנמאַכט, מיט דער זעלבער ווירדע און טראַגיק וואָס אַלע געטער.

אין דעם דאָזיקן פּרט, מיט איר פאַרגייסטיקונג פון דער טעכניק, קען מען זאָגן, אַז מלכה לאָקער׳ס דיכטונג עפנט „זעלישן ניילאַנד״, גיט אַ סימפּטאָם פון אַ נייעם לעבנס־געפיל.

מלכה לאָקער׳ס „נויאָרק״ איז ניט קיין געזאַנג פון איין גוס נאָר אַ ציקל פון אַ סך געזאַנגען, און עס איז ניט קיין עפּאָפּייע דורכגעפלאָכטן מיט אַ דערציילערישן מאָטיוו, נאָר עס איז אַן אויפהויפונג פון איינצל־בילדער, בילדער, בילדער, אַזוי פיל ווי טראָפּנס אין אַ רעגן, אָבער פון די טראָפּנס ווערט אַ טייך, פון די בילדער — נויאָרק.

עס איז איר אייגנאַרטיקער סטיל. עס איז אַ פּראָזשעקטאָר סטיל. אַזוי שפּרינגט אַ זוכנדיקער פּראָזשעקטאָר באַנאַכט, וואַנדערט הין און הער, פאַלט באַלד דאָ און באַלד דאָרט און דעקט אויף פּונקט נאָך פּונקט. עס איז פילמישער סטיל. די פילם־לענטע ווייזט אָרט נאָך אָרט, טייל נאָך טייל, און פון טויזנט באַזונדערע ברעקלאָך בויט זי אויף דעם אָנבליק פון אַ גאַנצער וועלט.

און אין דעם ציקל „נויאָרק״ זעט זיך אַמשאַרפסטן די באַזונדערע אייגנשאַפט און ווירקונג פון דעם דאָזיקן סטיל. עס איז אַ מין מעכאַניזם וואָס קומט אין שוואונג, וואַרפט בילד נאָך בילד, צעוויגט זיך, ריטמיזירט זיך דורך פאַר־שטאַרקטער ווידערהאָלונג, ביז עס ציט אונז אַריין אין זיין מאַכט און פאַרזעצט אונז אין אַ שטימונג.

אָט די צוויי אייגנשאַפטן, איר באַזעלן די טעכניק און איר מאָטאָרישער סטיל, זיינען גליקלאַכערווייז, די איינ־ציקע זאַכן מיט וועלכע מלכה לאָקער איז „מאָדערן״. אויב מאָדערניזם הייסט בלאַזירטקייט, פאַרשפּיצטער אינטע־לעקטואַליזם, בייסיקע חכמה׳דיקייט, איז מלכה לאָקער׳ס ליד ניט מאָדערן. איר ליד, באַהאַנדלענדיק מאָדערנסטן שטאָף, איז געבליבן דיכטעריש פרום. אומגייענדיק מיט די שרייאיקסטע מאָטיוון פון אונזער צייט, די מאָטיוון פון נויאָרק, איז זי דאָך ניט אַריינגעפאַלן אין דעם הילכיקן און עקספּלאָזיוון טאָן וואָס איז מאָדע אין דער היינטיקער דיכ־טונג, אין דעם פילם־פּאָעזיע מיט אירע גרעלע פאַרבן, מיט אירע קינסטלאָך־קולטיווירטע דיסאָנאַנסן, מעכאַניש־גע־

מאַכטע טעכניק־עפעקטן, מיט איר איבערבאַטאָנונג פון די פּראָבלעמען פון טאָג. באַ דער זייט פון מאָדערנ־סטע מאָטיוון, גענומען פון דער טעכניק און פון סאָציאַלן קאַמפּס־פעלד, האָט זיך איר ליד ניט געשעמט צוצואווענדן צו די אייביקע און באַשטייענדיקע מאָטיוון. און דאָ, צווישן די אייביקע ווערטן, האָט זי זיך געלערנט צו פאַר־שטיין וואָס איז גאָלד און וואָס איז פּסולת, און דאָ, צווישן די אייביקע וועקסלונגען פון דער נאַטור האָט זי געלערנט צו באַגרייפן אַז דער גייסטיקער גהינום פון אונזער צייט איז נאָר אַ שווערער דורכגאַנג, אַ מורא׳דיקער דורכברוך צו נייעם לעבן און ליכט, וואָס דאַרפן דורך דער פּאָעזיע געאיידלט און שענער געמאַכט ווערן.

מיט מלכה לאָקער איז אַ שטראַלנדיקער און גליענדיקער מענטש אַריינגעטראָטן אין דער אידישער ליטעראַטור. איר בוך לידער איז אַ יום־טוב׳דיקער מחזור אין אונזער פּאָעזיע, אַ מחזור מיט זיינע שיינע תפילות און זיין שווערן פּיוט. מלכה לאָקער איז אַ פּאָעט ניט מיט קיין אַלטעגלאַכער פאַנ־טאַזיע, אַ דיכטערין ניט פאַר הויזגעברויך. איר פּאָעזיע מיינט אַ גרויסע אנשפּאַנונג און דערשיטערונג פון דעם גאַנצן מענטשן. זי איז אַ דיכטערין מיט אַ וועלט־אָפּענעם געזיכט, מיט אַ גרויסן שוואונג פון עמפּינדונג, מיט אַן אויג פאַר הימל און ערד, מיט אַ געהער פאַר די טיפסטע טענער און איידלסטע רעגונגען. אַ זינגערין צוגלייך פון מאַטעריע און גייסט, פון אינסטינקט און נשמה — אַ דיאָניסיש און יאַהאָוויש געבענטשטע דיכטערין.

נאָר פון אַפּאָלאָ, דעם גאָט פון פאָרם, דעם גאָט פון לויטערער און געציכטיקטער שפּראַך, אַ ביסל פאַרזען.

זי זאָל צו אַפּאָלאָ תפלה טאָן.

# די ליטעראַטור אפן שיידוועג

די מאָדערנע ליטעראַטור מאַכט דורך אַ קריזיס גראַדע ווי אַלע אַנדערע געביטן פון מענטשלאַכן לעבן אין אונזער צייט. אַף וויפיל די ליטעראַטור איז אַ שפּיגל פון לעבן, אַף אַזוי פיל שפּיגלט זי אָפּ אַלע לעבנס־קריזיסן פון אונזער טראַגישער עפּאָכע. אָבער די ליטעראַטור האָט שטענדיק געהאַט אירע אייגענע פּראָבלעמען, וואָס וואַקסן אַרויס פון איר אייגענער נאַטור, און אויך איצט, אין אונזער דור, האָט זי אירע אייגענע פּראָבלעמען און איר גאַנץ אייגענעם קריזיס.

דער קריזיס אין דער ליטעראַטור באַשטייט ניט אין דעם וואָס מען לייענט היינט ווייניקער ביכער ווי פריער; עס קען זיין אַז בכלל לייענט מען היינט מער ווי מען האָט געלייענט אין דער נאָענטער פאַרגאַנגנהייט. דאָס פּראָבלעם באַשטייט אין דעם וואָס די ליטעראַטור האָט פאַרלוירן איר אַמאָליקע קראַפט און איר פריערדיקע חשיבות און ווירקונג. זי שפּילט ניט מער די ראָלע וואָס זי האָט געשפּילט אין נײַנצנטן יאָרהונדערט. די קריטיק פון נײַנצנטן יאָרהונ־דערט, איבערהויפּט אין די הענט פון טעין און בראַנדעס, האָט געשטרעבט צו דערהויבן די ליטעראַטור צו דעם אָנזען פון דער העכסטער קונסט און דעם העכסטן אויסדרוק פון מענטשלאַכן גייסט. זיי האָבן אין איר געזען דאָס וואָס וואַגנער האָט געשטרעבט צו מאַכן פון אָפּערע: דעם סינ־טעז פון אַלע קונסטן; פּאָעזיע, מוזיק, מאַלעריי, סקולפּטור, אַרכיטעקטור, טאַנץ, טעאַטער. די קריטיק האָט די אַלע זאַכן געזען אין דער ליטעראַטור, און נאָך אפילו מער — פילאָזאָפיע, סאָציאַלע פילאָזאָפיע, געשיכטע. און עס איז דער קריטיק געלונגען צו דערהויבן די ליטעראַטור שיער ניט צו דער חשיבות וואָס זי האָט געהאַט אין אַלטן גריכנלאַנד.

וואו די ליטעראַטור איז געווען פאַרקניפּט מיט די געטער און איז געווען אַ טייל פון נאַציאָנאַל־רעליגיעזן לעבן. און עס איז געווען אונטער דער השפעה פון אָט דעם קוק אויף ליטעראַטור וואָס סטעפאַן געאָרגע האָט געזאָגט, אַז „איז דער דיכטונג פון אַ פאָלק ליגן שוין זיינע לעצטע שיקזאַלן באַשלאָסן".

היינט ווערט די ליטעראַטור מער אין ערגעץ און פון קיינעם ניט אַזוי געשעצט. דער דאָזיקער פאַקט איז אַזוי קלאָר אַז עס איז גאָרניט נויטיק זיך דאָ באַמיען עס צו באַווייזן. מיר ווילן דאָ נאָר שטעלן די פראַגע: וואָס האָט געבראַכט די ירידה פון דער ליטעראַטור, איר ירידה אין קראַפט, אין חשיבות און השפעה?

אויף דער דאָזיקער פראַגע וועלן מיר דאָ פּרוּוון סקיצירן אַן ענטפער.

I

## די ליטעראַטור צווישן שטיינערנע ווענט

פון וואַנען ווייס דער קינסטלער דאָס וואָס ער ווייס? אַ קינסטלער שילדערט די געפילן פון אַ מענטשן וואָס שטאַרבט; פון וואַנען ווייס ער עס, ווען ער אַליין איז נאָך קיינמאָל ניט געשטאָרבן? אַ קינסטלער מאָלט די געפילן פון אַ מענטשן בשעת ער באַגייט אַ מאָרד; פון וואַנען קען ער עס וויסן, אויב ער אַליין איז קיין מאָרד ניט באַגאַנגען?

דער ענטפער איז — אינטואיציע. דעם דאָזיקן ענטפער גיט דער פּשוט'ער מענטש פון גאַס און דער פילאָזאָף אין קאַבינעט. דער קינסטלער ווייס אינטואיטיוו; וועגן דעם זיינען קיין חלוקי דעות ניטאָ. חילוקי דעות זיינען פאַראַן נאָר וועגן דעם ווערט פון אינטואיטיוון וויסן. איינע שטעלן אים נידעריק, אַנדערע גאָר הויך. און דער

ווערט פון קונסט און ליטעראַטור איז באַ איינעם שטענדיק באַשטימט געוואָרן לויט דעם ווערט וואָס ער האָט געלייגט אַף אינטואיציע. פּלאַטאָן, צום ביישפּיל, וואָס האָט פאַר־אַכט די אינטואיציע, האָט אויך פאַראַכט די פּאָעטן. און בערגסאָן, וואָס שטעלט די אינטואיציע פאַר דער העכסטער מדרגה פון וויסן, שטעלט אויך די קונסט אַלס קרוין פון מענטשלאַכן גייסט. ער באַנוצט די קונסט אַלס באַווייז פאַר דער אינטואיציע. וואו געפינט מען די אינטואיציע? פרעגט ער און ער ענטפערט — די קינסטלער האָבן זי.

אָבער ניט נאָר די קינסטלער, נאָר אויך אַן אַנדער סאָרט מענטש האָט זי, יענער מענטש וואָס באַגעגנט זיך גאַנץ אָפט צווישן אַלע שיכטן פון פאָלק און וואָס מיר זאָגן אַז ער האָט אַ געזונטן „חוש פאַרן לעבן". ער מעג זיין אַ פשוט'ער מענטש, אָבער „ער קען דאָס מענטשלאַכע האַרץ", ער קען פאַרפילן אָדער אויסרעכענען מענטשלאַכע האַנד־לונגען. ער פאַרמאָגט דאָס וואָס מ'רופט „לעבנס־חכמה".

און ניט נאָר דער דאָזיקער אויסנעמלאַכער, כאָטש גאַנץ אָפטער טיפ מענטש, פאַרמאָגט אינטואיציע, נאָר יעדער מענטש אין אויסערגעוויינלאַכע מאָמענטן פאַרמאָגט זי, אין מאָמענטן פון גרויסער שפּאַנונג אָדער פון גרויסער סכנה. אינמיטן פון אַ שרפה, למשל, אָדער אַ שיף־ברוך, ווען דאָס לעבן הענגט אַף אַ האָר און קיין רעטונג, דוכט זיך, זעט זיך ניט, דעמאָלט טרעט אַרויס די אינטואיציע. עס לויכט עפּעס אויף אַזאַ ליכט, עס קומט עפּעס אומגעריכט אַזאַ קלאָרקייט אין קאָפּ און פּלוצלונג ווייס מען וואָס צו טאָן כדי זיך צו ראַטעווען. עס קומט עפּעס אַזאַ אינסטינקט און „זאָגט אונטער". דאָס איז די אינטואיציע, וואָס אַפילו חיות און פלאַנצן פאַרמאָגן און ווייזט די קרובה'שאַפט פון דעם מענטשן מיט אַנדערע לעבעדיקע זאַכן אין דער נאַטור.

וואָס איז אָבער אינטואיציע?

מען קען עס ניט דעפינירן, מען קען עס נאָר פילן. עס איז עפּעס אַזאַ אינערלאַך וויסן, אַ זען מיט אַן אינערלאַכן אויג; ס'איז אַן אַנען, אַ מין פאַרשטיין וואָס ליגט ניט אין מאַרך, נאָר ערגעץ טיף אין דעם גאַנצן לייב. עס איז אפשר דאָס אַלטע העברעישע „וויסן מיטן הארצן". עס איז אומ־באַגרייפלאַך און אומבאַרעכנבאַר. עס איז ניט קיין שפּע־טערדיקער אַנוואוקס אַפן לעבן אַזוי ווי אינסטינקט איז בײַ דער חיה און פאַרשטאַנד בײַם מענטשן: עס איז אַן אייגנ־שאַפט פון לעבן גופא.

מיט אָט דעם פאַרבאָרגענעם און געהיימען כח פון אינטואיציע ווייס עס דער קינסטלער דעם אמת אפילו פון אַזעלכע זאַכן וואָס ער האָט אַליין ניט דורכגעלעבט, און מיטן זעלבן כח פון אינטואיציע ווייס דער לעזער ווען דער קינסט־לער איז אמת'דיק און ווען ניט.

יענע געהיימע שפּיל, אַלזאָ, צווישן קינסטלער און לעבן וואָס מיר רופן קונסט, שאַפונג, דיכטונג, ליטעראַטור באַרוט אַף עפּעס, וואָס איז דאָס לעבן אין טיפסטן, די־רעקטסטן, נאַקעטסטן זין, וואָס איז טיפסטע נאַטור און נאַטירלאַכקייט.

דעריבער, זאָל דער קינסטלער נאָר זיין עפּעס ניט גאַנץ אין זיין אינטואיציע, אָדער זאָל דער לעזער זיין ערגעץ־וואו אַנגעריסן אין זיין אינטואיטיוון לעבן, אָדער זאָל שטיין אַ מחיצה צווישן קינסטלער און לעזער, און דער כשוף הערט אויף. די שפּיל איז צעשטערט. ניט דער קינסטלער וועט דעמאָלט שאַפן פולקאָם, ניט דער לעזער וועט דעמאָלט אויפנעמען פולקאָם.

אָבער עס איז שוין געוואָרן כמעט אַ דאָגמע פון דעם מאָדערנעם דענקען, אַז דער היינטיקער מענטש, אונטער דער שווערער לאַסט פון דער ציוויליזאַציע, האָט פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון זיין נאַטירלאַכקייט. דער מענטש, ווי יעדער אַנדערע חיה, איז אַ קינד פון דער ערד און אַלץ

וואָס איז קערפּערלאַך אין אים געהער צו דער ערד און איז אין איר איינגעבונדן. ער איז ניט קיין באַשעפעניש וואָס שפּאַצירט פראַנק און פריי צווישן ערד און הימל, פריי און אומאָפּהענגיק פון פלאַנץ און חיה. אַ טיפע נויטווענדיקייט בינדט אים צונויף אין איינס מיט אַלץ וואָס עקזיסטירט. אַן אייביקע צוזאַמענגעהעריקייט איז פאַראַן צווישן אים און גאַר דעם שטאָף און רוים פון דער וועלט און אַלע זייערע געזעצן, דערפאַרשטע און געהיימע. ערד־געבוירן און ערד־געבונדן איז דער מענטש, און עכט מענטשלאַך איז ער נאָר דעמאָלט, ווען ער איז עכט־נאַטירלאַך.

אָבער צווישן דעם מענטשן און דער נאַטור האָט זיך ווי אַ מעסער אַריינגעשניטן די היינטיקע ציוויליזאַציע פון דער מאַשין און די נערוו־פעדים וואָס פאַרבינדן דעם מענטשן מיט דער ערד פון אונטן און דעם הימל פון אויבן זיינען איבערגעשניטן געוואָרן.

די גרויס־שטאָטישע מענטשהייט פון היינט פירט אַ מעכאַניזירטע עקזיסטענץ. זי איז אָפּגעריסן געוואָרן פון יעדן לעבעדיקן צוזאַמענשלוס מיט דער ערד. דער היינטי־קער שטאָט־מענטש טרינקט וואַסער פון קראַן און ווייס מער ניט דעם טעם פון טרינקען דירעקט פון קוואַל. ער עסט געשאַכטלטע פּרוכט און לעבט מער ניט איבער דעם חיות פון איינבייסן אין אַ פרישער פּירה אָקאָרשט פון בוים. ער שפּאַנט אַף שטיין און אַספאַלט און פילט מער ניט די ווייכקייט פון דער ערד אַריינשטראָמען דורך זיין טראָט אין זיינע גלידער. ווער אין שטאָט ליבט נאָך די זון און געדענקט נאָך דעם וואַלד? ווער אָטעמט דאָרט נאָך פריי? ווער אין דער מאָדערנער מעטראָפּאָליע ווייס נאָך דאָס לעבן פון דער בלום און פאַרשטייט נאָך די נשמה פון דער בהמה? ווער קען דאָרט דאָס נאַטור־געשען פון פרילינג און ווינטער, די שפּיל פון סעזאָנען? דער מאָדערנער מענטש, איבער־געלאָדן פון אינטעלעקטואַליזם, ווייס שוין קיין זאַך ניט קלאָר, קיין זאַך ניט זיכער. ער ווייס ניט מער דאָס אומ־

מיטלבאַרע איבערלעבן פון וועלט. ער האָט מער ניט יענעם נאַטירלאַכן עמפּינדן פון זאַכן, יענעם עכטן איינבליק אין לעבן וואָס עס פאַרמאָגט דער מענטש וואָס לעבט נאָך פּנים אל פּנים מיט דער נאַטור אָדער וואָס עס האָט נאָך פאַרמאָגט אפילו דער מענטש פאַר דער היינטיקער מאַשין־עפּאָכע. דער היינטיקער שטאָט־מענטש מעג איבערלעבן אַ סך ברייטערע צאָל געפילן און רעגונגען ווי דער פריערדיקער, אָבער דאָס זיינען אָפט נאָר נערוועזע געפילן און רעגונגען, קינסטלאַכע, ניט פון אייביקע געזעצן פליסנדיקע. די עכטקייט פון געפיל איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

געוויס, ניט די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער וועלט איז שוין שטאָטיש געוואָרן. איר גרעסטער טייל לעבט נאָך אַלץ אין דאָרף און אַף ערד. אָבער די לאַנד באַפעלקערונג איז קיינמאָל ניט געווען קיין טרעגערן פון ליטעראַטור אין ברייטן זין פון וואָרט. דאָס לעבן איז דאָרט צו שיטער פאַרטיילט. זי האָט נאָר געקענט שאַפן פאָלקס־ליטעראַטור און פאָלקס־קונסט, און אַרויסגעבן יחידים גרויסע דיכטער און שריפטשטעלער, וואָס האָבן געשעפּייזט מיט ערדישער קראַפט די העכערע ליטעראַטור. אָבער די היינטיקע ציוויליזאַציע איז אַזאַ, אַז זי האָט אפילו די דאָרפישע באַפעלקערונג דערגרייכט און באַווירקט. דורכן אָטאָמאָביל, דורכן פילם און דורך דער ראַדיאָ האָט דער גיפט פון דער גרויסער שטאָט זיך אַריבערגעטראָגן אויך אין דאָרף אַריין. דער היינטיקער דאָרף קרענקט אַף גרויס־שטאָטישקייט, זיין אייביק שטילער גלייכגעוויכט פון קרעפטן, זיין רואיקייט און לויטערער געמיט זיינען צעשטערט געוואָרן, און ער ווערט אויפגעגעסן פון אַ נעווראַסטענישער בענקשאַפט צו דער שטאָט.

ליטעראַטור איז אַ פלאַנץ פון שטאָט, אָבער פון שטאָט וואָס איז ניט דעגנאַטוראַליזירט. זעלטן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט זיינען געווען אַ פולקאָמענער גלייכגעוויכט פון שטאָט און שעפערישער קראַפט. אָבער ווען אַזאַ גלייכגעוויכט איז געווען, איז געשאַפן געוואָרן די גרויסע

ליטעראַטור אין דער וועלט. אַזעלכע גלייכגעוויכטן זיינען געווען אין דער בליאונגס־צייט פון דער גריכישער ליטע־ראַטור, אין דער רענעסאַנס, אין דער עליזאַבעטישער צייט אין ענגלאַנד, אין דעם ניינצנטן יאָרהונדערט אין רוסלאַנד. אָבער אין אונזער צייט איז דער פעלד פון ליטעראַטור פאַקטיש באַגרעניצט געוואָרן צו זעקס שטעט: בערלין, פאַריז, לאָנדאָן, רוים, מאָסקווע, נויאָרק. דאָ זיינען קאָנ־צענטרירט די גרויסע פאַרלאַגן, די גרויסע דרוקערייען, די גרויסע שריפטשטעלער קרייזן, די גרויסע צייטונגען. דאָ ווערט די ליטעראַטור געשאַפן און איר טאָן אָנגעשטעלט. און אָט די גרויסע שטעט זיינען היינט אינגאַנצן שוין דענאַטוראַליזירט געוואָרן.

דער מענטש אין דער מאָדערנער שטאָט איז געגליכן צום געפאַנגענעם פויגל אין שטייג. אַרויסגעריסן פון זיין עלעמענט, דער פרייער לופט, פאַרלירט ער מיט דער צייט זיין פולן כח צו פליען. דער מענטש פון דער היינטיקער ציוויליזאַציע מוז פאַרלירן די אוממיטלבאַרקייט פון לעבן. וואָס פאַר אַ שרעק קען היינט האָבן אַ בייזער שניי־געוויטער פאַר איינעם וואָס זיצט אין אַ נויאָרקער צוואַנציק־שטאָקיקן אַפאַרטמענט הויז? וואָס איז פאַראַן מורא צו האָבן פאַר אַ שטורם אַפן ים, אין אַ מאָדערנעם דאַמפער? דאָס זעלבע איז מיט אַלע טיפע געפילן וואָס דער היינטיקער מענטש האָט מער ניט די מעגלאַכקייט איבערצולעבן אין זייער פולער קראַפט. און אַזוי איז זיין גאַנצער געפיל פון לעבן אָפגעשוואַכט געוואָרן.

מיט דעם מענטשן אין דער ציוויליזאַציע קומט פאָר אַ פראָצעס וואָס איז געגליכן צום אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דעם קינד צו דערוואַקסנקייט. קליינערהייט זיינען קינדער זייער עמפינדלאַך צו זאַכן. זייערע חושים זיינען אייביק הונגע־ריק: אַלץ מוזן זיי אָנרירן, אַלץ פילן, אַלץ וויסן. צו זייערע פראַגן איז קיין עק ניטאָ. זייער חידוש'ן זיך איז אָן אַ ברעג. אָבער ביסלאַכווייז ווערן זייערע חושים אָפגע־

טעמפּט. די אַרומיקע וועלט הערט אויף איינצואווירקן אַף זיי און זיי ווערן קאַלט און גלייכגילטיק צו זאַכן.

עפּעס ענלאַכעס געשעט מיטן מענטשן אונטער הויכע ציוויליזאַציעס. דער מענטש אין נאַטירלאַכן צושטאַנד האָט שאַרפערע און פרישערע חושים. ער הערט ווייטער, ער זעט בעסער אין דער פינצטער ווי דער ציוויליזירטער מענטש. ער ליידט ניט פון אזוי פיל נערוועזע דערשיטערונגען ווי דער לעצטער. געלערטע פון געשלעכט־לעבן דערקלערן עס ווי אַ רעזולטאַט פון דער ציוויליזאַציע דאָס וואָס אַ גרויסער טייל מענער און פרויען ליידן פון געשלעכטלאַכער אַנעסטע־זיאַ. און דאָס איז ניט די איינציקע „קראַנקייט פון דער ציוויליזאַציע".

נאָך קלאָרער טרעט אַרויס די צוריסנקייט פון היינטיקן מענטשן, ווען מען באַטראַכט זיין אַרבעט. אין דער גאַנצער פאַרגאַנגענהייט איז ניט פאָרגעקומען אַזאַ איבערקערעניש אין דער מענטשלאַכער אַרבעט, ווי אין די לעצטע אַנדערט־האַלבן הונדערט יאָר. ביז 1750, ווען עס איז געקומען די אַנטדעקונג פון דאַמף, האָט די מענטשהייט כמעט ניט געענדערט איר געצייג. און דאָס געצייג איז געווען אַזאַ, אַז עס האָט באַ דער אַרבעט אַריינגעצויגן דעם גאַנצן מענטשן. זיינע עסטעטישע געפילן אַזוי גוט ווי זיין מוסקל־קראַפט. דאָס עלטסטע געצייג וואָס מיר געפינען אין די טיפענישן פון דער ערד איז שוין אויסגעאַרבעט קינסטלעריש. דער מענטש, אין זיין אַרבעט, האָט געשפּירט די פּלאַסטישע איבערלעבעניש פון באַנוצן זיינע מוסקולן, און זיינע שפּי־לערישע נייגונגען זיינען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן. זיין גאַנצער ווען איז געוואָרן אַריינגעטאָן אין זיין פּראָדוקט. נאָך ביז ניט לאַנג צוריק האָט דער אַרבעטער געוואוסט וואָס עס מיינט צו געבן אַ גאַנצן פּראָדוקט פון זיין האַנט. ער האָט נאָך אפילו געהאַט דעם פאַרגעניגן צו זען ווי אַזוי זיין פּראָדוקט דינט, ווי אַזוי ער דערפילט זיין צוועק. דער

שניידער האָט גענייט אַ גאַנצן בגד און ער האָט אויך געזען ווי פֿיין ער טראָגט זיך באַם שכן.

דורך אַלע פֿאַרגאַנגענע יאָרהונדערטן איז דער מענטש געווען אַ באַשעפֿעניש פֿון האַנט־געצייג. ער איז געוואָרן מענטש דורך ווערקצייג. איז געקומען די מאַשין און האָט אים זיין ווערקצייג אַרויסגעריסן פֿון דער האַנט. וויפֿיל שעפֿערישע פֿרייד איז עס געלעגן אין ברויט אַמאָל אָפּן גאַנצן וועג פֿון דעם אַקערן ביזן עסן: פֿונם אַקערן דורכן זייען און שניידן, דורכן מאָלן און באַקן, ביזן דערלאַנגען צום טיש — וויפֿיל פֿרייד ווען אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט די אייגענע פֿינגער. היינט באַרימט זיך די ברויט־פֿירמע, אַז פֿון דעם פֿעלד ביזן טיש האָט קיין האַנט ניט אָנגערירט דעם פּראָדוקט. עס איז נאָך געווען איין פֿרייד — אַליין שניידן דאָס ברויט אין פּענעצן. היינט גייט שוין פּאַרטיק צעפּענעצטע ברויט אויך. מאַכן אַ גאַנצן פּראָ־דוקט—ניטאָ שוין באַלד אַזאַ בעל בלאכה וואָס קען די קונסט. אַ היינטיקער אַרבעטער מאַכט נאָר אַ קליינעם טייל פֿון אַ קליינעם טייל. אַנשטאָט מוסקול־קראַפֿט דינען אַפּאַראַטן. דער מענטש מאַכט מער ניט קיין ווערק — ער באַדינט אַ מאַשין. פֿון אַ מייסטער איז געוואָרן אַ קנעכט. און אַז מען איז נאָר אַ שטומער באַדינער פֿון אַ מאַשין, ווערט מען מיט דער צייט אַליין אויך נאָר אַ מאַשין.

און אַזוי איז דער היינטיקער מענטש, אָפּגעצ'גט פֿון דער נאַטור און פֿאַרפֿרעמדט פֿון דער אייגענער אַרבעט, געוואָרן אַ באַשעפֿעניש מיט האַלב־אַטראָפֿירטע געפֿילן. זיין עכטקייט, זיין נאַטירלאַכקייט איז צעריסן געוואָרן.

און דאָס האָט זיך אָפּגערופֿן אָפּן גאַנצן גאַנג פֿון דער ליטעראַטור.

ווען נאָר דער מענטש, דער לעזער אַליין, וואָלט אַזוי געווען, וואָלט שוין אויך שווער אָדער אומעגלאַך געוואָרן פֿאַרן שרייבער צו לאָזן ווירקן אַף אים זיין קונסט וואָס

שטאַמט פון דער טיפסטער נאַטירלאַכקייט פון דער אינ־טואיציע און וואָס דאַרף נאָכגיין נאָכן האַרצן ווי אַ פלאַנץ קערט זיך נאָך דער זון. אָבער דער היינטיקער שרייבער, אַזוי ווי זיין לעזער, איז אויך נאָר אַ פּראָדוקט פון דער היינטיקער ציוויליזירטער שטאָט און איר פאַבריק.

און דאָס דערקלערט די באַזונדערע אייגנשאַפטן פון דער היינטיקער ליטעראַטור בכלל און פון דער מאָדערניס־טישער ליטעראַטור בפרט. עס איז אין איר פאַרלוירן גע־גאַנגען דאָס טיף־נאַטירלאַכע, דאָס עכט־מענטשלאַכע. און די הויפּט כאַראַקטעריסטיק פון דער מאָדערניסטישער ליטע־ראַטור איז סטערילער אינטעלעקטואַליזם. אָנשטאָט געפיל — גייסטיקייט, אָנשטאָט האַרץ — אַבסטראַקציע, אָנשטאָט סענטימענטן — וויץ, אָנשטאָט לעבן — ליטעראַרישע דער־פינדערישקייטן. קיין זאַך איז היינט ניט אַזוי לעכערלאַך אין דער ליטעראַטור ווי „סענטימענטאַליטעט", דאָס מענטשלאַכע האַרץ איז פאַר איר ניט מער אַ זאַך פון צאַפּלדיקן פלייש און בלוט, נאָר עפּעס אַ מאַטעמאַטישע זאַך, אַ געאָמעטרישער דרייעק.

יעדער עפּאָכע האָט געהאַט איר באַזונדערן טיפּ, וואָס האָט מיט זיך אויסגעדריקט איר באַזונדערן וועזן און זין. דער רעפּרעזענטאַטיווער טיפּ פון מיטלאַלטער איז געווען דער מאָנאַך, פון פעאָדאַליזם — דער ריטער, פון דער מאָדערנער צייט — דער געשעפטסמאַן. עס איז ריכטיק אָנגעוויזן געוואָרן אַז דער אייגנאַרטיקער טיפּ פון דער היינטיקער טעכנישער עפּאָכע איז דער שאָפער. זיין געצייג איז דער מאָטאָר, זיין אַרבעט — קאָנטראָלירן רעדער, זיין אויפגאַבע — פאַרניכטן רוים און צייט, זיין צוועק — דינסט און לוין. דאָס דאָזיקע וועזן פון דעם שאָפער־טיפּ, איבערזעצט אין פילאָזאָפישע באַגריפן, הייסט: פּאָזיטיוויזם, מעכאַניזם און מאַטעריאַליזם. עס איז פון אָנהויב ביזן סוף אַ פּראָצעס פון קאַלטן, באַוואוסטזיניקן רעכענען. עס איז דאָ אין ערגעץ ניטאָ קיין שפּעלטל דורך

וועלכן עס זאָל זיך אריינרייסן, קעגן רעכענען — דאָס נאַטירלאַכע קוועלן, קעגן קאָנטראָל — די הינרייסנדיקע באַגייסטערונג, קעגן דינסט — די וועלט־אָפענע פרייע ארבעטס פריידיקייט.

אָבער נאַטירלאַכער טריב, באַגייסטערונג און ארבעטס־פרייד זיינען די סאַמע עסענצן פון קונסט.

„מען וויל אונז איינרעדן — האָט ראָדען געשריבן — אז מיר לעבן אין אַן עפּאָכע פון פּראָגרעס, אַן עפּאָכע פון ציוויליזאַציע. דאָס איז אפשר אמת פון דעם שטאַנדפּונקט פון וויסנשאַפט און מעכאַניקע; פון דעם שטאַנדפּונקט פון קונסט איז עס אינגאַנצן פאַלש".

א סך גרויסע קינסטלער האָבן געפילט דאָס אָנקומען פון דער גרויסער געפאַר פון דער טעכנישער ציוויליזאַציע פאַר דער ליטעראַטור. עס איז זייער מערקווירדיק, וואָס אפילו טאָלסטאָי, וואָס האָט געלעבט אין רוסלאַנד, אין דעם טעכניש־אָפּגעשטאַנענסטן לאַנד, און דערצו האָט ער נאָך שטענדיק געלעבט אין אַ דאָרף, האָט שאַרפער ווי אַנדערע געפילט די סכנה און האָט געוואָרנט קעגן איר. אוז עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס די גרעסטע מייסטערווערק אין דעם געביט פון ראָמאַן אין נײַנצטן יאָרהונדערט זיינען געקומען פון רוסלאַנד, וועלכע איז ווייניקער ווי אַלע אַנדערע לענדער פון אייראָפּע באַהערשט געווען פון טעכנישער ציוויליזאַציע.

די ליטעראַטור גופא האָט זיך געפּרואווט ראַנגלען קעגן דער טיראַניי פון דער טעכניק. כמעט אין אַלע ליטעראַרישע ריכטונגען פון די לעצטע יאָרן איז געלעגן דער דראַנג דורכ־צוברעכן אַלע באַריערן און זיך דערשלאָגן צום עכטן געפיל. וואָס האָט דען געוואָלט דער אימפּרעסיאָניזם? ער האָט געזוכט זיך צו באַפרייען פון דער קילער באַאָבאַכטונג, פון דעם דערינערונגס מאָמענט אין אונזערע געפילן און זיין אידעאַל איז געווען אָפּצומאָלן אָדער איבערצוגעבן יעדן

איינדרוק מיט אַ דירעקטקייט, גלייך ווי דער דיכטער וואָלט זיין אָביעקט געזען דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. און וואָס האָט געוואָלט דער עקספּרעסיאָניזם? ער האָט גערופן צו דירעקטן קאַמף קעגן דער טעכניק און ציוויליזאַציע, ווי אַ סכנה פאַרן גייסט, און האָט געזוכט גובר צו זיין די באַטויבונג פון די חושים דורך דער טעכנישער ציוויליזאַציע דערמיט וואָס ער האָט געוואָלט שאַפן נאָר פון אינעווייניק, טיף פון זיך אַרויס, און געוואָלט וועקן די געפילן דורך אויפגעהויבענעם רוישיקן טאָן, דורך אָנהויפונג פון עפעקטן. דער פוטוריזם איז געווען די איינציקע באַדייטנדיקע ליטעראַרישע ריכטונג וואָס האָט מיטן גאַנצן האַרצן אָנגענומען די אייזערנע ציוויליזאַציע. אָבער דער אייזערנער ביסן איז איר געבליבן שטיין אין האַלדז און זי איז דערוואָרגן געוואָרן. די מערסטע אַנדערע ריכטונגען האָבן אָבער אויך קיין גרויסע וואונדער ניט באַוויזן, וואָרום אַזוי ווי די מאָדערנע טעכניק איז ניט אַראָפּצושלינגען אַזוי איז זי אויך ניט אויסצושפּייען. זיי זיינען אָבער געווען אַ העראָישער פאַרזוך צו ראַטעווען דאָס געפיל־לעבן, צו דערהאַלטן פריש די חושים וואָס זיינען איינגעקרעמפּעוועט געוואָרן אין אייזן, שטאָל און צעמענט. אַהער געהער אויך די שולע פון איבער־רעאַליזם און די שיטה פון אַזאַ מענטשן ווי דזשיימס דזשאָיס און זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ אין זייערע פאַרשפּיצטע גריבלערייען אַזש אין דעם אונטערבאַוואוסטזיין, וואו זיי האָפן זיך צו דערגראָבן צום עכטן, צום אמת'ן מענטשן.

און פון דאַנען ווערט קלאָר איין דערשיינונג וואָס איז דער וויכטיקסטער אונטערשייד צווישן דער אַלטער ליטעראַטור און דער ליטעראַטור פון דער מאָדערנער צייט. די אַלטע ליטעראַטור, אָנהויבנדיק פון די גריכישע און אַלטהעברעישע מייסטער און ענדיקנדיק מיט שעקספּירן, צייכנט זיך אויס מיט אַ געוואַלטיקער פולקייט פון געפילן און קראַפט פון ליידנשאַפטן. אירע אָדערן זיינען אָנגעשוואָלן

מיט קאַכיקן בלוט. אין פאַרגלייך מיט דער אַלטער ליטע־ראַטור זעט די מאָדערנע אויס אַנעמיש, און אין דער גאַנץ־היינטיקער ליטעראַטור זיינען די געפילן כמעט אינגאַנצן אויסגעוועפּט און זיינען דערגאַנגען נאָר צו אַ טרוקענעם, קריטישן אינטעלעקטואַליזם.

דערפאַר האָט מען עס מיט אַזאַ פרייד באַגעגנט שריי־בער און ווערק וואָס דער דאָרף האָט אַרויסגעגעבן, פאַר דעם אָטעם פון פרישער ערד וואָס זיי האָבן געבראַכט, ווי קנוט האַמסונ׳ס „די ברכה פון דער ערד״, רעימאָנד׳ס „פּויערים״, ראָלוואַג׳ס „ריזן פון דער ערד״, יעסענינ׳ס דאָרף־געזאַנגען, ווייל דורך זיי האָט מען ווידער דערהערט די צונג פון דער ערד רעדן. אַהער געהער אויך די גאַנצע מאָדע פון רויקייט און גראָבקייט אין דער ליטעראַטור און פון פּרימיטיוון לעבן, וואָס האָט אין אַ געוויסער צייט, באַזונדערס אין אַמעריקע, אַריינגעבראַכט אין דער ראָמאַנען־ליטעראַטור דעם ווילדן ליבעס־העלד, וואָס האָט אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד געטראָגן די באַצייכענונג פון „קעיוו־מען״ (דער ווילדער מאַן — דער באַוואוינער פון היילן). דאָס זיינען אַלץ פאַרשיידענע אויסדרוקן פאַר דער איין גרויסער בענק־שאַפט נאָכן עכטן, נאָכן נאַטירלאַכן וואָס איז אין דעם היינטיקן מענטשן פאַרלוירן געגאַנגען.

אַ נייע פּסיכאָלאָגיע האָט די מאַשין־עפּאָכע געשאַפן, אַ נערוועזע און אַ שלאַפע. און אין דער נייער פּסיכאָלאָגיע האָט די ליטעראַטור אויפגעהערט צו שאַפן און צו ווירקן מיט דער קראַפט פון אַמאָל.

## II

## די ליטעראַטור אין אייזערנע צוואַנגען

איינער פון די הויפּט־שטריכן וואָס צייכענען אָפּ די ליטעראַטור אין אונזער צייט איז דער עלנד פון דער פּאָעזיע.

מען לייענט ניט קיין פּאָעזיע — דעם דאָזיקן טרויעריקן גרוס הערט מען פון אַלע לענדער. וואָסערע מיטלען מען האָט ניט אויסגעפּרואווט אַף צו געווינען צוריק אַן אודיענץ פאַר דער פּאָעזיע האָבן צו גאָרניט ניט געבראַכט. דער ברייטער עולם איז געוואָרן גלייכגילטיק און קאַלט צו דיכטונג.

רעדט מען וועגן דעם קריזיס פון דער פּאָעזיע. אָבער עס זיינען פאַראַן פּעסימיסטן, וואָס זעען אין דער לאַגע מער ווי אַ קריזיס: זיי זעען דעם טויט פון דער פּאָעזיע. דעם געדאַנק פון טויט פאַר דער דיכטונג באַגעגנט מען דער עיקר בײַ די וואָס האַלטן אַז די היינטיקע מאַשין־ציוויליזאַציע, דורך איר דערפינדונג פון פילם און ראַדיאָ, טראָגט אונטערגאַנג פאַר אַלע ביז־איצטיקע ליטעראַרישע פאָרמען בכלל, פאַרן ראָמאַן און דער דראַמע אַזוי גוט ווי פאַר דער פּאָעזיע.

וואָס אַלזאָ קומט פאָר אין אונזער צייט מיט דער פּאָעזיע: מאַכט זי דורך אַ קריזיס אָדער אַ גסיסה? זיינען עס די שמערצן פון טויט, אָדער ווייען פון איבער־געבורט?

עס ווערט גרינג צו ענטפערן אַף דער דאָזיקער פראַגע ווען מען באַטראַכט גרינטלאַכער דאָס וועזן פון דער פּאָעזיע. עס קען קיין רייד ניט זיין פון דעם טויט פון דער פּאָעזיע, ווייל פּאָעזיע איז ניט אַ קונסט וואָס איז אַ פּראָ־דוקט פון קולטור, נאָר איז אַ פונקציע פון אונזער בלוט. אַלע קונסטן וואָרצלען ערגעץ אין אונזער קערפּערלאַכן וועזן, נאָר די פּאָעזיע ליגט נענטער צום יסוד פון לייב און בלוט ווי די אַנדערע קונסטן.

די עלעמענטן פון פּאָעזיע זיינען בילד און ריטם. אוז יעדער איינער האָט געמוזט באַמערקן, אַז אַזוי שנעל ווי אַ מענטש גייט אַריין אין אַ „שטימונג", אין באַגייסטערונג אָדער צאָרן, הויבט ער אָן צו רעדן מיט בילדער און ריט־

מישער אָרדנונג. די דיכטונג הויבט זיך אָן בּאַ דער ק ל ע נ ־ ס ט ע ר  ד ע ר ו ו אַ ר ע מ ו נ ג  פ ו ן  ד ע ם  ב ל ו ט, דעם מאָמענט ווען דאָס האַרץ הויבט נאָר אָן צו שלאָגן פעסטער.

עס זיינען פאַראַן, אין אַלגעמיין גערעדט, צוויי גרונט־שטימונגען פון אונזער בלוט. איינע איז די שטימונג פון גלייכגעוויכטיקן לעבן, יענע שטימונג אין וועלכער מיר געפינען זיך ווען מיר דערפילן די טויזנט קליינע פונקציעס פון טאָג־טעגלאַכן זיין, ווען מיר גייען און שטייען, ווען מיר טרייבן אונזער געוויינלאַכן האַנדל און וואַנדל, ווען מיר טוען גלייכגילטיק די טויזנט און איין גלייכגילטיקע קלייני־קייטן פון אונזער געוויינלאַכער עקזיסטענץ. דאָס בלוט לויפט דעמאָלט אין אונזערע אָדערן נאָרמאַל, בּאַ דער געוויינ־לאַכער טעמפּעראַטור, אַזוי צו זאָגן. און דעמאָלט איז קיין פּאָעזיע ניטאָ. דאָס איז דאָס לעבן פון פּראָזע. פּראָזאַיש לעבן.

די צווייטע שטימונג איז די שטימונג פון רעגונג, ווען דאָס בלוט ווערט דערוואַרעמט, ווען עס צינדט זיך איבער עפּעס אָן, ווען עס הויבט אָן צירקולירן פעסטער, האַסטיקער. און דעמאָלט, ווען דער מענטש גייט אַרויס פון זיין פיזיאַ־לאָגישן גלייכגעוויכט פאַלט ער אַוטאָמאַטיש אַריין —

אין בילדער און ריטם...

אין דעם ריטם פון בלוט.

ווער האָט ניט באַמערקט ווי אַזוי אַ מענטש, ווען ער ווערט אַנטציקט איבער אַן אויסערגעוויינלאַכער זאַך, ווען ער פאַלט אַריין אין איידעלן עקסטאַז אָדער, פאַרקערט, אין גראָבן כעס, הערט ער גלייך אויף צו רעדן זיין געוויינלאַכן לשון און הויבט אָן באַנוצן אַן אַנדער שפּראַך, אַ געקליבענע, אַן אויסטערלישע, אַ בילדלאַכע ? פּילייכט איז פּראָסטער כעס אַ בעסערע אילוסטראַציע פאַר אונזער זאַך ווי איידעלער

עקסטאז. פאלט איינער אריין אין אזא כעס ווערט אים ווייניק זיין געוויינלאכע פראזע, נאר ער הויבט זיך אן צו — זידלען אדער שילטן. און ווען מען אנאליזירט זידלעריי און קללות געפינט מען אז זיי האבן אלע אייגנשאפטן פון פאעזיע. זיי זיינען באהערשט פון ריטם און באשטייען פון בילדער, אפטמאל פון א גרויסארטיקער פאנטאסטיק. זייער אפט האבן זיי אפילו גראם. ווען די מאמע ווערט אין כעס אפן קינד, וואס האט צעבראכן דאס שיסעלע, שרייט זי: אז צעברעכן זאלסטו א פיסעלע; און אויב עס האט צעבראכן א טעפעלע, ועט זי שרייען: אז אנלייגן זאלסטו מיטן קעפעלע... פאקטיש אלע עלעמענטן פון פאעזיע געפינען זיך אין זידלעריי און שילטן: סימעטריע, פאראלע־ליזם פון געדאנק און בילד, א באזונדערער ווערטער־שאץ. און פאראן דא אויך גראדן פון טאלאנט. פאראן גאר גרויסע בריות אף זידלען און שילטן, אמת'ע „קינסטלער", וואס „זייער מויל איז ווי אף שרויפן" און בא דער גרינגסטער אויפרעגונג הויבן זיך אן „שיטן פערל" אדער „גיסן פעך און שוועבל".

כדי די אידענע זאל אנהויבן שילטן איז נויטיק זי זאל זיין געערגערט, דערצארנט, אויפגעשטורעמט, פונקט ווי דער דיכטער, כדי ער זאל דיכטן, מוז ער האבן זיין שטימונג, זיין באגייסטערונג, זיין רעגונג פון בלוט. אין אנדערע ווערטער, ווען די אידענע שילט אין מארק און געטע מעדי־טירט אין דער נאכט, שאפן זיי ביידע — פאעזיע. דער חילוק איז נאר אין דער קוואליטעט.

פון דאנען איז צו זען, אז יענע דיכטער וואס האבן אריינגעטראגן אין דער פאעזיע דאס פראסטע ווארט און די פראסטע מאניר, דאס גאסנדיקע און גראבע, האבן גארניט מחדש געווען. דער חידוש איז נאר געווען אין דעם וואס זיי האבן עס סאנקציאנירט און אריינגענומען אין דער לעגיטימער פאעזיע. אבער די „גראבע" פאעזיע איז שטענדיק געווען און איז אפשר די ערשטע פאעזיע בכלל.

און אפילו די סאַנקציע פון איר איז שוין אפשר אויך זייער אַלט. אזוי אַלט ווי די „תוכחה" אין דער תורה.

דאָס באַווייזט, אַז די פּאָעזיע איז אין דעם בלוט און פון דעם בלוט און איז געבונדן מיט די געזעצן פון בלוט.

דעריבער קען קיין רייד ניט זיין פון דעם טויט פון דער פּאָעזיע. די פּאָעזיע איז אייביק.

אָבער אַן איבערבראָך מאַכט זי דורך, און דער איבער־בראָך איז אַ שווערער און פּיינלעכער.

מיר האָבן געזען אַז דער יסוד פון פּאָעזיע איז דאָס פּאָעטישע בילד. עס וועט דעריבער גרינגער זיין אַריינצו־דרינגען אין דעם תוך פון דעם קריזיס דורך דער הילף פון דעם פּאָעטישן בילד.

ווען דער דיכטער פון שיר השירים באַזינגט זיין גע־ליבטע און וויל אָפּמאָלן איר שיינקייט, זאָגט ער: כמגדל דוד צוארך — ווי דוד׳ס טורעם איז דיין האַלדז. און ווייטער: דיין קאָפּ איז ווי דער כרמל, דיינע ציין ווי אַ סטאַדע שעפּסן אָקאָרשט פון וואַסער... אָבער ווי וואָלט געווען ווען אַן אַמעריקאַנער דיכטער וואָלט באַזונגען זיין געליבטע און געזאָגט: ווי די קראַיזלער בילדינג איז דיין האַלדז, אָדער ווי די עמפּאַיר סטייט געביידע? דער דיכטער פון שיר השירים האָט געקענט זאָגן: „צו דער קליאַטשע אין פּרעה׳ס רייטוואָגן ביסטו בא מיר גלייך, געליבטע מיינע"; אָבער וואָס וואָלט געשען ווען אַ פּאָעט פון היינט וואָלט געזאָגט: „צו אַ ראָלז־ראָיס אַף פינפטער עוועניו ביסטו, געליבטע מיינע, געגליכן אין מיינע אויגן"?

בלויז אַ פּאָר ביבלישע בילדער און זיי האָבן אויפ־געצויבערט אַן אַלטע צייט, אַ ספּעציפישע סביבה, אַן אייגנ־אַרטיקן קלימאַט. און דער פּרואוו איבערצוגיסן די פּאָר בילדער אין אַ מאָדערנער פורעם האָט געוויזן ווי ווייט אָפּגע־רוקט עס איז אונזער צייט פון יענער און ווי טיף פאַרשידן.

עס איז אַן אַנדער צייט, אַן אַנדער סביבה און אַן אַנדער לאָגיק. דאָס אָריענטאַלישע בילד איז בכלל געשאַפן לויט אַן אַנדער פּרינציפּ ווי דאָס בילד אין דער אייראָפּעי־שער פּאָעזיע. די אייראָפּעישע מענטשהייט איז אַ לאָגיש־וויסנשאַפטלאַכע און אירע פּאָעטישע בילדער מוזן באַרוען אַף אַ לאָגישן יסוד. לויט דעם אייראָפּעישן באַגריף און אַרט פילן מוז זיין עפּעס אַן ענלאַכקייט, אַ פאַרבינדנדיקער שטריך צווישן די צוויי זאַכן. ווען דער אייראָפּעישער דיכטער פאַרגלייכט די ציין פון זיין געליבטער צו אַ שנירל פּערל איז דאָ אַ לאָגישער באַזיס פאַר אַזאַ פאַרגלייך. די ציין זיינען ווייס, גלייך און שורה׳דיק ווי פּערל אַף אַ שנור. אָבער דער אָריענטאַלישער דיכטער האָט ניט געזוכט קיין קרובה׳שאַפט אין די עלעמענטן פון זיינע מעטאַפאָרן. ער האָט אָפט גענומען פאַר זיינע סימבאָלן סתם שיינע אָדער באַרימטע זאַכן.

און אונטער אַ פּאָעטיש בילד דאַרף מען ניט פאַר־שטיין נאָר אַ קליינעם, קורצן אויסדרוק פון אַ פאַרגלייך צווישן צוויי זאַכן. ברייטערע בילד־שאַפונגען, פּייזאַזשן, סצענעס, שילדערונגען, טראָגן אויך אין זיך, און נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, אַלע ספּעציפישע אייגנשאַפטן פון די באַזונדערע דיכטער און זייער באַזונדער צייט און סביבה.

נעמען מיר פאַר אַ משל אַ סצענע בײַ טאָלסטאָי — די זעלבסטמאָרד סצענע פון „אַננאַ קאַרענינאַ”. ווי אַזוי מאָלט טאָלסטאָי דעם זעלבסטמאָרד פון קאַרענינאַ? טאָל־סטאָי איז אַ רעאַליסט און ער לאָזט זיין העלדין באַגיין זעלבסטמאָרד אַף אַ רעאַליסטישן אופן: זי וואַרפט זיך אַרונטער אונטער די רעדער פון אַ צוג און ווערט דער־הרג׳עט, און טאָלסטאָי באַמיט זיך צו באַשרייבן די סצענע מיט אַלע גענויע איינצלהייטן, ווי עס פאָדערט דער רעאַליס־טישער געמיט.

אַנדערש שילדערט אַ זעלבסטמאָרד דער ראָמאַנטיקער וויקטאָר הוגאָ. דער העלד פון זיין ראָמאַן „די ים־אַרבעטער”

באַגלייט זיין געליבטע צו דער שיף, אַף וועלכער זי פאָרט אַוועק מיט אַן אַנדער מאַן. ער זעצט זיך אַוועק אַף אַ פעלז ווייט אין ים און קוקט נאָך מיט פאַרבענקטע אויגן די שיף וואָס פירט אַוועק זיין גליק. ער זיצט און בעמערקט ניט ווי דער ים האָט דערוויייל אַנגעהויבן זיין צופלייץ. דער ים וואַקסט. אָט איז דאָס וואַסער שוין דעם העלד באַם גאַרטל, אָט שוין באַם האַלדז, אָט שוין באַם מויל, אָבער דער העלד רירט זיך ניט פון אָרט. זיינע אויגן זיינען צוגעשמידט צום פינטל שיף אַפן האָריזאָנט. און פונקט דעמאָלט ווען דאָס קליינע פינטל פאַרשווינדט פון האָריזאָנט דעקט דער ים אַריבער דעם קאָפּ פון דעם העלד אַפן פעלז און ער פאַר־שווינדט אַף אייביק אונטערן וואַסער. דאָס איז אַ „שיינער״, ראָמאַנטישער טויט, געמאָלן מיט ברייטן פּינזל, אַ טויט אין וועלכן עס ווערט אַריינגעצויגן אַ האַלבע נאַטור. לויט דעם געמיט פון דעם ראָמאַנטיזם.

און אָט איז אַ „קלאַסישע״ זעלבסטמאָרד־סצענע באַ אוריפּידעס. די העלדין באַגייט זעלבסטמאָרד איבערן טויטן קערפּער פון איר העלדישן מאַן וואָס ווערט מיט פּאַראַד פאַרברענט אַפן שייטערהויפן. די שיינע, שטאַטלאַכע פיגור פון דער פרוי באַווייזט זיך אַף אַ שפּיץ פעלז. יעדער פאַלד פון איר גריכישן קלייד ליגט גראַד און גלייך, לויט אַלע פאָדערונגען פון דער קלאַסישער עסטעטיק. זי שטעלט זיך אַוועק ווי אַ סטאַטוע און האַלט אַ לאַנגע דעקלאַמאַציע וועגן לעבן און טויט אין לאַנגע, נאָבעלע שורות. דאַן וואַרפט זי זיך אַראָפּ אין פייער אַריין. לויטן גייסט פון דעם קלאַסיציזם.

דער אייגענער מאָמענט באַ דריי מייסטער פון דריי פאַרשיידענע צייטן אין דריי פאַרשיידענע סטילן.

דאָס אייגענע איז אמת ווען מען נעמט גאַנצע ווערק און גאַנצע ליטעראַטורן. אומעטום ליגט דער אונטערשיד אין דער מאַלערישקייט, אין דער פּלאַסטישער זייט פון

קינסטלערישן שאַפן. אַלץ רעדוצירט זיך צו געמעל, צו בילד.

אין דער אייראָפּעישער פּאָעזיע זיינען שוין עטלאַכע מאָל געביטן געוואָרן די בילדער, און אָט די וועקסלונגען אין בילדער־שטאָף און בילד צייכענען עס אָפּ איין ליטעראַ־רישע עפּאָכע פון אַ צווייטער. די פּאָעזיע פון מיטלאַלטער האָט געצויגן איר בילדער־שטאָף פון דער קריסטלאַכער רעליגיע. מיט דער רענעסאַנס־צייט, ווען די קלאַסישע קונסט און ליטעראַטור זיינען צוריק געעפנט געוואָרן פאַר דער וועלט, האָט אין דער פּאָעזיע אָנגעהויבן הערשן דאָס קלאַסישע בילד און בילדער־שטאָף. דער ראָמאַנטיזם האָט געעפנט אַ נייעם געביט פאַר בילדער: די נאַטור. דער רעאַליזם איז געגאַנגען נאָך זיינע בילדער צום טאָג־טעגלאַכן לעבן. יעדער נייע ליטעראַרישע עפּאָכע הויבט זיך אָן דעמאָלט ווען עס טרעט אַרויס אַ נייער לעבנס־שטאָף און די ליטעראַטור מוז אים אויפנעמען און אים געבן געשטאַלט. נייער שטאָף מיינט נייער בליק, נייע טעמאַטיק, נייע מיים־טערשאַפט, מיינט אויפדעקן די וועלט פון אונטער נאָך אַ שלייער.

אונזער צייט איז אַזאַ צייט. אונזער צייט האָט געעפנט אַ פעלד פון בילדער־שטאָף. און די ליטעראַטור בכלל און די פּאָעזיע בפרט האָבן די עובדא דעם דאָזיקן נייעם שטאָף אויפצונעמען און געשטאַלטן. נאָר דאָ אַנטשטייט אַ פּראָבלעם: בשעת אין יעדער אַנדערער צייט האָט די עפענונג פון אַ נייעם שטאָף־אוצר געבראַכט אַן אויפשוואונג פאַר דער פּאָעזיע האָט דער ספּעציעלער שטאָף פון אונזער צייט געבראַכט אַ דעפּרעסיע. און דאָס איז די סיבה פון דעם קריזיס אין דער היינטיקער פּאָעזיע.

דער קריזיס באַשטייט אין דעם וואָס צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָט די פּאָעזיע פאַר זיך אַ שטאָף וואָס לאָזט זיך ניט גרינג באַצווינגען אין דיכטערישן בילד.

וואָס צייכנט אָפּ אונזער צייט פון אַלע פריערדיקע צייטן?

די אייזערנע מאַשין. דאָס גאַנצע מענטשלאַכע לעבן איז איבערגעאַנדערשט געוואָרן דורך דער מאַשין. אונזער הויז, פון קעלער ביזן דאַכשטיבל, אונזער לעבן, פון פרי־מאָרגן ביז נאַכט — אַלץ אַרום אונז און אַלץ אין אונז איז איינגעקלאַמערט אין דער מאַשין. עס איז אַ גרויסע אינוואַזיע פון אַ געוואַלטיקן פאַרנעם געשען אין דער מענטשלאַכער וועלט — די מאַשין, די טעכניק.

די מאַשין מיט אירע מיליאָנען־מיליאַסן אויסשטראַ־לונגען — דאָס איז דער נייער לעבנס־שטאַף וואָס צייכנט־אויס אונזער צייט פון אַלע צייטן. דאָס איז די מאַטעריע וואָס מאַכט אונזער צייט אַנדערש פון דער קלאַסישער צייט, פון די קריסטלאַכע יאָרהונדערטן, פון דער רענעסאַנס, פון דער ראָמאַנטישער עפּאָכע, און אפילו פון גרעסטן טייל פון ניינצנטן יאָרהונדערט.

און עס איז די גרויסע אויפגאַבע פון דער פּאָעזיע דעם דאָזיקן נייעם שטאָף אויפצונעמען און אַריינבלאָזן אין אים אַ דיכטערישן אָטעם, דעם גייסט פון קונסט, אים דורכ־זאַפּן מיט געפיל און אַרומוועבן מיט שיינקייט. דאָס איז דער נייער געביט וואָס זי דאַרף באַהערשן. די קינסטלערישע דערפּאַסונג פון מאַשינעלן וועזן — דאָס איז די גרויסע אַרויספאָדערונג פון דער צייט צו דער ליטעראַטור.

און דאָ הויבט זיך אָן דאָס פּראָבלעם. די מאַשין לאָזט זיך ניט גרינג באַהערשן דיכטעריש.

און דאָס וועט אויך זיין גרינגער קלאָר צו מאַכן דורך אַ ביישפּיל. נעמען מיר פאַר אַ ביישפּיל דעם אָטאָמאָביל. לאַנגע דורות האָט די מענטשהייט זיך באַנוצט מיטן פערד ווי אַ מיטל פון פאַרקער. איז געקומען דער אָטאָמאָביל און האָט דעם פערד פאַרטריבן. גאַנצע ביבליאָטעקן האָט

די מענטשהייט אויסגעדיכטעט פון דעם פערד. נאָר וועגן דעם אָטאָמאָביל האָט נאָך קיין איין דיכטער קיין ליד ניט אויסגעזונגען. פאַרוואָס איז עס אַזוי?

דעם ענטפער איז לייכט צו געפינען. דער פערד איז אַ לעבעדיק וועזן און דער אָטאָמאָביל איז אַ טויטע זאַך. דער פערד טראָגט אין זיך דעם סוד פון דער וועלט, גראַדע ווי דער מענטש אַליין, אָבער דער אָטאָמאָביל איז פאַר אים קיין סוד ניט. ער קען ניט האָבן צום אָטאָמאָביל יענע באַציאונג וואָס צום פערד. וועמען זיינען ניט באַקאַנט ראָמאַנסן אין אַלע שפּראַכן, וואו עס פיגורירט דער פערד? דער פריידיקער רוסישער ראָמאַנס פון דער „טראָיקע", למשל, אָדער דער אומעטיקער „יאַמשטשיק, ניט יאָג די פערד, איך האָב שוין זיך מער ניט וואוהין צו איילן". מיר קענען זיך אַזוי גרינג פאָרשטעלן דאָס בילד פון אַ יונגן רייטער וואָס פליט אויף זיין פערד צו זיין געליבטער און שפּאָרנט אים ער זאָל וואָס שנעלער יאָגן און אים ברענגען צו זיין געגאַרטן ציל. ער רעדט צום פערד, ער רייצט אים, ער גיט אים איבער זיין אייגענעם אימפּעט, און דער פערד ענטפערט, ער פילט, ער ווערט אָנגעשטעקט מיטן רייטער'ס אומרו, און ער ציט זיך אויס אין גרעסטער אָנשטרענגונג צו טאָן זיין רייטער'ס געבאָט, ער פליט פייל פון בויגן. און ווען דער רייטער איז שוין באַם גליקלאַכן ציל, שפּרינגט ער אַרונטער, גלעט דעם פערד, האַלדזט אים פון דאַנקבאַרקייט, און קושט אים אפילו. ער האָט אים ליב. עס איז מעגלאַך אַ גרויסע ליבשאַפט צווישן מענטש און פערד. ווייל עס איז דאָ אַ טיפע קרובה'שאַפט צווישן זיי. פערד וויים אויך דעם טעם פון ליבע, די אומרו פון געשלעכט.

אַנדערש איז עס מיטן אָטאָמאָביל. עס איז אַ טויטע זאַך, און ניט דער גליקלאַכער פאַרליבטער, און ניט דער אומגליקלאַכער, קען אים אַריינציען אין זיינע שטימונגען און ליבעס-לעבן. ער קען צו אים ניט רעדן און ניט אויסגיסן זיין האַרץ פאַר אים. עס קען דער גליקלאַכער געליב

טער ניט אַרונטערגיין פון דעם אָטאָמאָביל און אים אַ קוש טאָן דערפאַר וואָס ער האָט אים געבראַכט צו זיין ציל, כאָטש ער האָט אים געבראַכט גיכער ווי דער פערד.

און דאָ לייגן מיר אוועק דעם פינגער אַפן הויפּט־מאָמענט אין דעם קריזיס אין דער היינטיקער פּאָעזיע. דאָס פּראָבלעם באַשטייט אין דעם וואָס איר נייער שטאָף, איר ספּעציעלער שטאָף איז — טויטער שטאָף. דער פערד איז אַ לעבעדיקע באַשעפעניש און טראָגט אין זיך זיין חלק געהיימנים פון דער וועלט, ווי דער מענטש. ער האָט אויך פאַרלאַנגען, בענקשאַפט און פּיין. און דערפאַר האָט דער פערד, מיט זיין געהיימנים, מיט זיין שיינקייט, מיט זיין גבורה און געטרייער דינסט אינספּירירט די מענטשהייט צו דיכטן פון אים. ער איז אפילו געוואָרן דער סימבאָל פון דיכטונג — דער פּעגאַסוס פון די מוזען. די מיטאָלאָגיעס האָבן געמאַכט פלאַץ פאַר אים צווישן געטער און מלאכים, און די פּרימיטיווע פאַנטאַזיע האָט זיך אפילו אויסגעמאָלט אַ וועזן, דעם צענטאַור, — האַלב פערד, האַלב מענטש. און ווען דער דיכטער פון „איוב" וויל שילדערן גאָט'ס גרויס־קייט, זינגט ער אַ געזאַנג פון פערד און פרעגט: „צי גיסטו דען דעם פערד זיין גבורה, צי טוסטו אָן זיין האַלז מיט גריווע?"

ווירקלאַך, אין דעם פערד קען דער מענטש באַוואונדערן גאָט.

אָבער וואָס קען דער מענטש באַוואונדערן און באַזונגען און דעם אָטאָמאָביל? דער אָטאָמאָביל איז אַ פּראָדוקט פון מענטשלאַכע הענט. דער מענטש איז זיין מייסטער. ער ווייס זיין גאַנצן סוד. ער קען אים צוזאַמענשטעלן און פאַנאַנדערנעמען און ווען ער ווערט קאַליע פאַריכט ער אים. עס איז ניטאָ גאָרניט אין דער מאַשין, קיין רעטעניש, קיין געהיימניספולקייט, וואָס קען רייצן די דיכטערישע פאַנטאַזיע.

לאָמיר נעמען נאָך אַ ביישפּיל, וואָס וועט אילוסטרירן דעם זעלביקן גערדאַנק פון אַן אַנדער ווינקל: אייזנבאַן און שיף. די אייזנבאַן איז שוין איבער הונדערט יאָר אַלט און דאָך האָט זי גאָרניט געבראַכט מיט זיך דער ליטעראַטור. זי איז ניט באַזונגען געוואָרן פון קיין דיכטער. די שיף אָבער — זי איז איינע פון די רייכסטע טעמעס פון דער ליטעראַטור. פאַראַן שריפטשטעלער וואָס האָבן זייער גאַנצן טאַלאַנט אָפּגעגעבן דער שיף. אומצייליק זיינען די מעשות, לידער און לעגענדן וועגן דער שיף אויפן ים.

ווי קומט עס וואָס די אייזנבאַן האָט ניט געמאַכט קיין איינדרוק אין דער ליטעראַטור און די שיף איז געווען אַזאַ דאַנקבאַרער שטאָף פאַר דיכטער און ראָמאַניסטן?

דער ענטפער וואַרפט אַ שאַרף ליכט אויף אונזער פּראָבלעם. דער לאָקאָמאָטיוו גייט אויף פעסטע, אייזערנע רעלסן און זיין וועג איז זיכער באַרעכנט. עס איז ניטאָ קיין געהיימנים אַרום אים, עס איז ניטאָ קיין שיקזאַלהאַפטיקייט אַרום אים. ווען ער גייט אַרויס פון וואָקזאַל, איז, אויב דער וועג איז נאָר גוט אָפּגעהיט, איז מען גאַנץ זיכער, אַז ער וועט אָנקומען צום נעקסטן וואָקזאַל אין דער באַשטימטער סעקונדע. עס איז ניטאָ גאָרניט אַרום דער אייזנבאַן וואָס זאָל רייצן די פאַנטאַזיע, רירן די געמיטער, וואָס זאָל אָנרעגן צו טרוים און דיכטונג.

אַנדערש איז עס מיט דער שיף. די שיף איז אויך אַ מאַשין, געמאַכט פון מענטשלאַכע הענט, אָבער ווען זי גייט אַוועק אין ים אַריין גייט זי אַוועק אַ בלינדן פּאַטום אין מויל אַריין. און דערמיט ווערט איר שיקזאַל ענלאַך צום שיקזאַל פון דעם מענטשן און פון יעדער לעבעדיקער באַשעפעניש. דער ים איז פאַרעטעריש, שטורמען לויערן אין די כוואַליעס, פעלזן און אייזבערג ליגן אויסגעזייט אין וועג. דעם מאָמענט וואָס די שיף לאָזט זיך אַוועק אין ים ווערט זי אַ הילפלאָזע באַשעפעניש, הילפלאָז אין דעם שיקזאַל פון

דער וועלט. און אַט די הילפלאָזיקייט און אומזיכערקייט, אַט דאָס שפּיל פון שיקזאַל מאַכט עס די שיף פאַר אַ רייציקער טעמע פאַר דיכטונג.

ווייל ליטעראַטור איז שפּיל פון געהיימניסן, געראַנגל מיט שיקזאַל. אָבער די מאַשין איז אַ מאַטעמאַטיש פעסטע, מאַטעמאַטיש זיכערע באַשעפעניש. דיכטונג איז דער רייץ פון דעם איבער־מענטשלאַכן, אָבער די מאַשין קומט פון דעם מענטשן, איר שיקזאַל איז פון אים באַשטימט, איר כח איז לכתחילה אַף אַ האָר פון אים באַרעכנט.

אין איין קאַטעגאָריע מיט דער שיף איז די לופט־שיף. נאָך מער ווי די שיף אַפן וואַסער איז די שיף אין דער לופטן אַ קינד פון שיקזאַל, וואָס איר לעבן און גליק הענגען אַף דער דינסטער האָר. און מיט איר דאָס לעבן און שיקזאַל פון אירע פאָרער. און אין דער לופט־שיף איז נאָך אָנגעקניפּט אַ גרויסער וואונדער, דער וואונדער פון פליען, וואָס איז דעם מענטשן אייביק פרעמד געווען און וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ חלום וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרווירקלאַכט ווערן און איז דאָך פאַרווירקלאַכט געוואָרן. און עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט וואָס פון אַלע דערפינדונגען פון דער מאָדערנער צייט האָט קיין איינע ניט אַרויסגערופן אַזאַ באַגייסטערונג צווישן פּאָעטן און דערציילער ווי די לופט־שיף און קיין איינע האָט זיך ניט געלאָזט אַזוי גרינג פאַר־קנעטן אין דיכטונג ווי זי. לינדבערג'ס אַריבערפליי איבערן אַטלאַנטיק בלייבט אַן אייביקע עפּאָפּייע פון דער מענטש־הייט, און אומצייליק זיינען די לידער וואָס האָבן זיין העל־דישע טאַט באַזונגען, און נאָך מער וועלן אַרום זיין טאַט געזונגען ווערן. און ווען דער שיקזאַל פון מענטש און מאַשין קענען אַזוי אינטים פאַרשמאָלצן ווערן ווי עס זיינען פאַרשמאָלצן געוואָרן לינדבערג און זיין לופט־שיף אין די פאַטאַלע שטונדן פון זייער היסטאָרישער נאַכט איבערן אַטלאַנטיק, דאַן קען געמאָלט זיין אַ צוויי־געשפּרעך צווישן מענטש און מאַשין ווי עס שילדערט בערט ברעכט אין זיין

„לינדבערגפֿלוג״: „האָסטו (מאָטאָר) גענוג אויל, מיינסטו אַז עס וועט דיר קלעקן בענזין, איז דיר גענוג קיל, גייט עס דיר גוט?״

גראַדע ווי אַ געשפּרעך פֿון רייטער מיט זיין פֿערד.

אָבער ווען קאַרל סאַנדבורג זינגט צום טראַקטאָר:

Snub nose, the guts of twenty mules are in your cylinders and transmission,
The rear axles hold the kick of twenty Missouri jackasses.
It is in the records of the patent office and the ads there is twenty horsepower pull here.
The farm boy says "hello" to you instead of twenty mules—he sings to you instead of ten span mules.

מאַכט ער ניט די מאַשין גרעסער, נאָר די פּאָעזיע קלענער.

און אָט אין דעם באַשטייט דאָס פּראָבלעם פֿון דער היינטיקער פּאָעזיע. די מאָדערנע טעכניק האָט אַוועקגעשטעלט פֿאַר איר אַ מגושמ׳דיקן, אומראָמאַנטישן, אומגעהיימניספֿולן מאַטעריאַל, וואָס האָט אין זיך ניט קיין לעבן, קיין נשמה, אַ מאָנסטער, אַ שטאָלענעם גולם, צו וועלכן זי האָט נאָך דערווייל ניט געפֿונען דעם שליסל. אַ סך טאַלאַנט האָט שוין די מאָדערנע דיכטונג אַוועקגעלייגט אַף דעם מאַשין־שטאָף און מאַשין־מאָטיוו. אָבער אָן וויכטיקן דערפֿאָלג. וואָרום אין יעדן געזאַנג איבער דער מאַשין קען זיין נאָר איינס פֿון צוויי: דער דיכטער קען באַזינגען, באַדיכטן, פֿאַרהערלאַכן, פֿאַרגעטערן די מאַשין פֿאַר זיך אַליין, אָדער דעם מענטשלאַכן שעפֿער פֿון דער מאַשין, זיין גרויסקייט און גבורה וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דעם אויסגעמייסטרעוועטן שטאָלענעם באַשאַף. אין דעם ערשטן פֿאַל איז עס — געצנדינעריי, וואָס דערנידריקט דעם מענטשן אונטערן פּראָדוקט פֿון זיינע אייגענע הענט; אין דעם אַנדערן פֿאַל איז עס מענטשן־פֿאַרהערלאַכונג, מענטשן־גאווה, וואָס איז אויך אַ מין געצנדינעריי, נאָר דער געץ איז דער מענטש אַליין. און ביידע זאַכן קענען ווייניק באַגייס־

טערן, און ווייניק זעטיקן יענע הונגערן וואָס די נשמה האָט שטענדיק געזוכט צו שטילן אין דער פּאָעזיע.

אין דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין ראַטן־פֿאַר־באַנד איז געפֿונען געוואָרן אַ געוויסער צוגאַנג צום אײַזן־שטאָף. אין ערגעץ ווערט ניט מיט אַזאַ באַגײַסטערונג באַזונגען די מאַשין, דער טראַקטאָר, דער מאָטאָר ווי אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אָבער ניט אַזוי די מאַשין אין זיך אַליין, ווי אַלס מיטל צו דערגרייכן דעם אידעאַל פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער בראָנעוויק ווערט באַזונגען, ווײַל ער לויפֿט שנעל און זיכער צו פֿאַרניכטן דעם ווייסן שונא, דער טראַקטאָר — ווײַל ער העלפֿט בויען דעם קאָלווירט. און „עלעקטריפֿיקאַציע פּלוס סאָוויעטן איז סאָציאַליזם" — איז לענינ'ס באַרימט וואָרט. אָבער אַפֿילו מיט אָט דעם ציל וואָס איז איבער דער מאַשין און אויסער איר, האָט אויך דער ראַטן־פֿאַרבאַנד נאָך ניט באַוויזן צו שאַפֿן אַ מאַשין־פּאָעזיע, וואָס זאָל ווערט זײַן דעם נאָמען פּאָעזיע.

נאָר קעגן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד וואָס איז נאָך אַן אָנפֿאַנגער אין טעכנישער אַנטוויקלונג, נאָך אַ באַגײַסטערט קינד, שטייט דער גרויסער היסטאָרישער בײַשפּיל פֿון ענג־לאַנד, וואָס איז דאָס עלטסטע טעכנישע לאַנד אין דער וועלט, שוין אַן אַנטווישטער זקן, און וואָס איר טעכניק האָט פּאַקטיש געלאָזט אומבאַרירט איר פּאָעזיע, און ליטעראַטור בכלל. די טעכניק אין ענגלאַנד איז קיינמאָל ניט געוואָרן קיין קינסטלערישער קולט ווי אין די לענדער אַפֿן קאָנטינענט אָדער אַמעריקע, און אין די לענדער פֿון קאָנטינענט און אין אַמעריקע קיינמאָל ניט אַזוי ווי אין רוסלאַנד. אָט דער פּאַקט וואָס ענגלאַנד האָט דורכגעמאַכט אַ פֿולן קרייז פֿון טעכנישער אַנטוויקלונג, פֿון די ערשטע מדרגות, ווען די מענטשן האָבן געבראָכן די מאַשינען ביז דער לעצטער מדרגה ווען די מאַשינען ברעכן די מענטשן, און האָט דאָך ניט באַוויזן צו מאַכן פֿון דער מאַשין קונסט — דער דאָזיקער

פאַקט איז אַ היסטאָרישער באַווייז אַז פון דער מאַשין קען קיין זעלישע קונסט גרינג ניט ווערן.

און דאָס איז די שווערע אויפגאַב וואָס שטייט פאַרן מאָדערנעם דיכטער: ער דאַרף אַריינבלאָזן לעבן אין שטאָל, נשמה אין גולם. ער דאַרף די זינגער-ניימאַשין מאַכן אַזוי אינטערעסאַנט ווי דעם גאַנג פון די שטערן. דאָס איז דער באַפעל פון דער צייט און די פאָדערונג פון דער מאָדע. דערווייל האָט ער נאָך דעם וואונדער ניט באַוויזן. און ווער ווייס צי ער וועט אים אַמאָל באַווייזן.

מאַשינען און געטער — ביידע האָט דער מענטש גע־מאַכט; נאָר מאַכן פון געטער מאַשינען און פון מאַשינען געטער — דאָס קען דוכט זיך אַפילו דער מענטש ניט.

## III

### די ליטעראַטור אַף פאַרלוירענע וועגן

ווען מען קוקט אַף די ווערק פון אַ שרייבער שיקט זיך צו שטעלן אַזאַ פראַגע:

פאַרוואָס האָט ער געשריבן איין ווערק פריער און אַן אַנדער ווערק שפּעטער? פאַרוואָס האָט ער זיי ניט געשריבן פאַרקערט? פאַרוואָס האָט זיך אין זיין פאַנטאַזיע אין אַ באַשטימטער צייט אויסגעוועבט דוקא אַזאַ אינהאַלט און ניט קיין אַנדערער?

שאַפנדיק זיין ווערק שטייט דער קינסטלער אינמיטן לעבן, און דאָס לעבן איז רייך אין־סוף. אין דעם דאָזיקן אומענדלאַכן רייכטום זעט ער געוויסע זאַכן און נעמט זיי, און אַנדערע זאַכן זעט ער ניט און לאָזט זיי איבער; וואָס מאַכט זיין אויג זעעוודיק פאַר איין טייל פון לעבן און בלינד פאַר אַנדערע? פאַרוואָס האָט אין זעלבן רוסישן לעבן טאָלסטאָי ניט געזען וואָס דאָסטאָיעווסקי און זיי ביידע ניט וואָס טורגעניעוו?

און פון יענעם טייל לעבן וואָס איז דעם קינסטלער געגעבן צו זען נעמט ער אויך ניט פאַר זיין ווערק אַלץ. ער קלייבט אָפּ זיין מאַטעריאַל: איין בילד נעמט ער, אַן אַנדער בילד שאַרט ער אָפּ אַן אַ זייט; אַזאַ וואָרט טויג אים, אַן אַנדער וואָרט ניט. וואָס איז עס אין אים וואָס רעגולירט זיין שעפערישן פּראָצעס?

ווען מען זאָל קענען געבן אַן ענטפער אַף די אַלע פראַגן וואָלט דער ענטפער געווען אַ פילאָזאָפיש־מעטאַפיזישער. די ביאָגראַפישע און די סאָציאָלאָגישע קריטיק באַשעפטיקן זיך אָפּט מיט די דאָזיקע פּראָבלעמען, אָבער די דערקלערונ־גען וואָס זיי גיבן בלייבן אַף דער אויבערפלאַך. שוין די חכמי־התלמוד האָבן געזאָגט, אַז שלמה האָט אין דער יוגנט געשריבן שיר השירים, אין די מיטעלע יאָרן משלי און אַף דער עלטער קהלת. דאָס איז זייער ריכטיק און — מאָדערן. נאָר די דאָזיקע באַלייכטונג איז אין איין קאַטעגאָריע מיט אַזאַ דערקלערונג ווי אַז איינער איז געבוירן געוואָרן אין דעם און דעם יאָר און איז געשטאָרבן פון אַזאַ און אַזאַ סיבה. דאָס ענטפערט אָבער ניט אַף דער פראַגע וואָס איז עס אַזוינס געבוירן ווערן און וואָס הייסט עס אַזוינס שטאַרבן.

טיפער ווי די ביאָגראַפישע און די סאָציאָלאָגישע מעטאָדע פּרוּווט די פּסיכאָ־אַנאַליטישע קריטיק זיך אַראָפּ־צולאָזן אין די אַלע פראַגן. זי זוכט צו ווייזן דעם גלאַנץ פון אַ ווערק ווי דעם אָפּגלאַנץ פון דעם שרייבער'ס אונטערבאַ־וואוסטזייניקער וועלט. אָבער וואָס די אונטערבאַוואוסט־זייניקע וועלט אַליין איז — די דאָזיקע רעטעניש בלייבט.

אָט אַזוי איז די ליטעראַטור אין איר טיפסטן וועזן פילאָזאָפיע. אָבער איר זיין אַליין אַ פילאָזאָפיש פּראָבלעם באַגלייך מיט אַלע אַנדערע דערשיינונגען פון דער וועלט איז ניט איר איינציקע שייכות צו דער פילאָזאָפיע. זי האָט נאָך אַ מער נאָענטע שייכות דערמיט וואָס זי באַשעפטיקט זיך דירעקט מיט פילאָזאָפישע פראַגן. ניטאָ כמעט קיין איין

פראָבלעם, וועלכע די פילאָזאָפיע באַהאַנדלט טעכניש וואָס די ליטעראַטור זאָל ניט באַהאַנדלען קינסטלעריש. די פילאָ־זאָפיע זוכט ערשטע יסודות און ענדלאַכע צילן, און די ליטע־ראַטור טוט דאָס אייגענע. וואָס איז לעבן, וואָס איז טויט. וואָס איז גאָט, וואָס איז דער זין פון דער וועלט — די אַלע פראַגן זיינען פונקט אַזוי אייפריק געזוכט געוואָרן אין דער ליטעראַטור ווי אין דער פילאָזאָפיע. אפילו דאָס פּראָבלעם פון דערקענטניש האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער שיינער ליטעראַטור, אין אַזעלכע ווערק, למשל, ווי אַנדרייעוו'ס „גע־דאַנק", מעטערלינק'ס, דאָסטאָיעווסקי'ס, א. אַ. וו. און וועגן עטיק וואָס איז אַזאַ חשוב'ער צווייג פון דער פילאָזאָפיע, קען מען זאָגן, אַז זי שפּילט נאָך אַ גרעסערע ראָלע אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור. און ניט נאָר פּראַקטיש, ווייל אין יעדער האַנדלונג פון זיינע העלדן האָט דער דיכטער צו אַנטשיידן עטישע פראַגן, נאָר ריין טעאָרעטיש. און בכלל זיינען עטיק און קונסט אַזוי פאַרפלאָכטן איינס אין אַנדערן, אַז עס בלייבט אַן אייביק אָפענע פראַגע צי זיי זיינען ניט איינע און דיזעלבע זאַך. די גריכן האָבן געהאַלטן אַז וואָס ס'איז שיין איז במילא גוט; די רעליגיעס לערנען אַז וואָס ס'איז גוט איז במילא שיין. און וואָס איז בכלל יענער עפּעס וואָס בלייבט נאָכן לייענען פון אַ ווערק אָדער אַ שרייבער? פון די טויזנט און איין בילדער, געדאַנקען, איינדרוקן וואָס מען באַקומט פון אַ ווערק בלייבט צום סוף נאָר אַ סומע, אַן עקסטראַקט, אַן אָפּזאַץ. און יענער אָפּזאַץ איז אַ דיכטעריש־פילאָזאָפישער, אָפט נאָר אַ ריין פילאָזאָ־פישער באַגריף. בײַ די קלענסטע שרייבער ווי בײַ די גרעסטע קען מען רעדן פון אַ פילאָזאָפיע, פון אַ לעבנס־אַנשויאונג, פון אַ וועלט־אַנשויאונג.

ליטעראַטור און פילאָזאָפיע זיינען נאָר צוויי זייטן פון איין מעדאַל.

עס איז דעריבער נאַטירלאַך וואָס די ליטעראַטור איז שטענדיק זייער סענזיטיוו צו דער פילאָזאָפיע פון איר צייט.

וואָס עס ווערט געטראַכט אין דער פילאָזאָפיע דאָס ווערט געפילט אין דער ליטעראַטור. דאָס געשעעט טיילווייז במילא, אַף ווי ווייט זיי זיינעןביידע אַ נאַטירלאַכער אויסוואוקס פון דער עפּאָכע, אָבער טיילווייז אויך, פאַר דער ליטעראַטור, באוואוסטזיניק, אַף ווי ווייט די פילאָזאָפיע קען קלערער פאָרמולירן אירע אויספירן ווי די ליטעראַטור. פון דאַנען נעמט זיך עס וואָס אַנדערע מיינען אַז „קונסט איז דער אויסדרוק פון געוואָרענער וועלט־אַנשוי־אונג; ענדערט זיך די וועלט־אַנשויאונג, ענדערט זיך אויך די קונסט" (קוממער). אַזאַ שטאַנדפּונקט אַף קונסט איז ניט אינגאַנצן ריכטיק. וואָרום נאָך דעם דאָזיקן שטאַנד־פּונקט קומט אויס, אַז פריער ווערט דערגרייכט די וועלט־אַנשויאונג און דערנאָך וואַקסט אַף איר די קונסט, און עס ווערט אויסגעלאָזט פון חשבון, אַז די קונסט אַליין העלפט־מיט אין דער אַרבעט צו שאַפן און פאַרפולקאָמען די וועלט־אַנשויאונג פון אַן עפּאָכע.

נאָר ווי די מעשה זאָל ניט זיין, איינס איז זיכער: די קונסט און די ליטעראַטור פון אַן עפּאָכע זיינען ענג פאַרפלאָכטן מיט דער וועלט־אַנשויאונג פון דער עפּאָכע. די גרעסטע מייסטערווערק פון דער ליטעראַטור אַנטשטייען אין יענע צייטן ווען אַ גאַנצע און האַרמאָנישע וועלט־אַנשויאונג איז דערגרייכט געוואָרן. דאָס זיינען די קלאַ־סישע עפּאָכן אין דער ליטעראַטור. אַ האַרמאָנישע וועלט־אַנשויאונג מיינט אַ צושטאַנד פון דער מענטשהייט, פון אַ פאָלק אָדער פון אַ קלאַס, אין וועלכן די גייסטיקע וועלט און די מאַטעריעלע זיינען צייטווייליק געבראַכט געוואָרן אין גלייכגעוויכט, ווען מענטש און נאַטור, פאָלק און גע־שיכטע, קלאַס און סביבה זיינען איינגעטראָטן אין אַ האַרמאָניע. און אַזאַ צייט קומט דער קינסטלער און שאַפט דאָס קלאַסישע, ד. ה. דאָס גאַנצע, דאָס האַרמאָנישע, אין פולער קראַפט אין־זיך־רוענדיקע ווערק, וואָס פאַרקערפּערט און פאַראייביקט די צייט און איר פילאָזאָפיע. אַזאַ צייט

איז געווען דאָס דרייצנטע יאָרהונדערט וואָס האָט אַרויס־געגעבן דאַנטען; אַזעלכע צייטן זיינען געווען דער פופצנ־טער יאָרהונדערט מיט מיכל אַנדזשעלאָ און ראַפּאַעלן, דער עליזאַבעטישער דור מיט שעקספּירן, דער דור פון לואי דעם 14טן מיט קאָרנעי און ראַסין. עס מאַכט ניט אויס וואָס פון דעם שטאַנדפּונקט פון אַ שפּעטערער צייט איז אַזאַ האַר־מאָניש־קלאַסישע עפּאָכע געווען אין אמת׳ן פול מיט סתירות. דער עיקר איז וואָס אין איר אייגענעם באַוואוסטזיין איז דערגרייכט געוואָרן, געוויינלאַך נאָר אויף אַ קורצער ווײַלע, אַ פול און גאַנץ לעבנסגעפיל.

אַזעלכע צייטן פון בארוטן גייסט זיינען אָבער זעלטן אין דער מענטשלאַכער געשיכטע. די מערסטע צייטן זיינען פיבערדיקע, פּראָבלעמאַטישע, זוכנדיקע. נאָר דער מענטש־לאַכער גייסט קען ניט לעבן אין כאַאָס. זיין ערשט געזעץ איז — געזעץ, זיין ערשטע פונקציע איז אָרדענונג. אַ גע־דאַנק וואָס שטימט ניט מיט דער וועלט איז משוגע. און די פילאָזאָפיע איז יענע גייסטיקע דיסציפּלין וואָס שטרעבט שטענדיק די ערשטע צו געפינען קלאָרקייט אין פאַרווירונג, סטאַביליטעט אין כאַאָס. און די ליטעראַטור האַלט איר מיט און גייט איר נאָך פוס־טריט.

און איינע פון די סיבות פון דעם קריזיס אין דער היינטיקער ליטעראַטור איז דער קריזיס אין דער פילאָזאָפיע, דאָס וואָס דער טעאָרעטישער גייסט אַליין קען זיך ניט אָריענטירן אין דער צייט, קען ניט צוזאַמענעמען די דער־שיינונגען פון דער היינטיקער וועלט אין אַן איינהייטלאַכן, גאַנצן, אָפּגעשלאָסענעם וועלטבילד. די צאָל פאַקטן וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין די לעצטע פּאָר דורות איז אַזוי גרויס, אַז עס וואָלט אין בעסטן פאַל נאָך אומעגלאַך געווען זיי איצט צו קאָאָרדינירן אין אַ סיסטעם. אָבער ערגער פון אַלץ איז דאָס וואָס די נייע פאַקטן וואָס מערן זיך מיט יעדן טאָג זיינען פון אַזאַ כאַראַקטער אַז זיי וואַרפן אום פונ־דאַמענטן. און מען קען זאָגט אַן אַ גוזמא אַז קיינמאָל אין

דער געשיכטע פון אייראָפּעישן געדאַנק איז ניט געווען אַזאַ צעמישעניש אין דעם דענקען און אַזאַ האָפנונגסלאָזיקייט אַף אַ דערלייזונג פון דעם כאַאָס ווי אין אונזער צייט. און די דאָזיקע גייסטיקע פאַרלוירנקייט שפּיגלט זיך אָפּ אין דער ליטעראַטור.

נאָך אין אָנהויב נײַנצנטן יאָרהונדערט, און אודאי אין מיטן זעלבן יאָרהונדערט, האָט אייראָפּע פאַרמאָגט מער אָדער ווייניקער אויסגעהאַלטענע וועלט־אָנשויאונגען. דער נײַנצנטער יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן מיטן ראָמאַנ־טיזם אין דער פילאָזאָפיע. אין פראַנקרײַך איז דער פילאָ־זאָף פון ראָמאַנטיזם געווען רוסאָ, אין דײַטשלאַנד — פיכטע און די שלעגעלס. אין ביידע לענדער איז דער ראָמאַנטיזם געקומען ווי אַ רעאַקציע צו דער אויפקלערונג. די ראָמאַנ־טישע פילאָזאָפיע האָט געשטעלט דעם „איך" אין צענטער פון אוניווערז. זי האָט געלערנט אַז די וועלט און אַלץ וואָס אין איר איז נאָר אַ פּראָדוקט פון דעם גייסט. דער „איך" באַשאַפט די וועלט. די ווירקלאַכקייט איז דאָס וואָס די פאַנטאַזיע טראַכט אויס. אַלע פראַגן צווישן הימל און ערד דאַרפן און קענען געלייזט ווערן מיטן כח פון ריינעם דענקען. געדאַנק איז איבער דער ווירקלאַכקייט, ניין — איז די איינציקע ווירקלאַכקייט.

וואָס פאַר אַ געוואַלטיקן איינפלוס דער ראָמאַנטיזם האָט געהאַט אַף די מוחות פון זײַן צייט קען מען זען פון זײַן ווירקונג אפילו אַף דער וויסנשאַפט. אַן עפּיזאָד פון יענער צייט וועט עס צום בעסטן אילוסטרירן. די קעניגס־בערגער אוניווערזיטעט האָט באַשטימט אַ פּרייז פאַרן בעסטן ענטפער אַף דער פראַגע צי אַ פאַס מיט וואַסער ווערט שווערער ווען מען וואַרפט אין איר אַריין אַ פיש, אָדער ניט. טיפע און גרינטלאַכע טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונגען זײַנען געשריבן געוואָרן איבער דער פראַגע, אָבער עס איז קיינעם ניט אײַנגעפאַלן צו מאַכן אַ לאַבאָראַטאָרישן עקספּערימענט און פּשוט אָפּוועגן די פאַס וואַסער מיטן פיש און אָן אים.

וואָרום די ראָמאַנטישע פאַנטאַזיע האָט ניט געוואוסט פון פּראַקטישקייט, האָט זיך ניט גערעכנט מיט דער ווירקלאַכ־קייט און זיך ניט געלאָזט פון איר רעגולירן. זי האָט געגלויבט אַז זי קען אַלץ אַליין פון זיך דערגיין און אַנטשיידן.

אַז די קלאַסישע פילאָזאָפיע פון גריכנלאַנד האָט אַזוי געהאַלטן איז נאָך פאַרשטענדלאַך. אין יענער צייט איז נאָך ניט געפונען געוואָרן דער שליסל פון מעטאָדישער, עקספּערימענטאַלער פאָרשונג. אָבער דער ראָמאַנטיזם האָט שוין געהאַט הינטער זיך די אַרבעט פון קעפּלער, גאַליליי, קאָפּערניקוס, ניוטאָן. בעיקאָנ׳ס „נאָוואום אָרגאַנום“, מיט זיין באַגרינדונג פון דער אינדוקטיווער לאָגיק, איז שוין באַלד צוויי הונדערט יאָר געווען אויפגעשריבן.

און אויב די ראָמאַנטישע פילאָזאָפיע האָט געקענט אַזוי באַווירקן די וויסנשאַפטלייט, אַ פשיטא שוין די דיכטער און קינסטלער. וויבאַלד די פאַנטאַזיע איז אַלץ און די ווירקלאַכקייט גאָרניט, דעמאָלט איז דער גרעסטער פאַנ־טאַזיאָר דער גרעסטער קינסטלער, און וואָס ווייטער אַ ווערק איז פון דער ווירקלאַכקייט אַלץ אַ גרעסער קונסט־ווערק איז עס. נאָוואַליס, דער גרעסטער דייטשישער ראָמאַנטיקער, האָט זיך אַזוי פאַרפאַנטאַזירט, אַז ער האָט צוגעשריבן דער פאַנטאַזיע די מאַכט פון כשוף; דורך דער פאַנטאַזיע, האָט ער געזאָגט, קען דער מענטש ענדערן וועלט און שיקזאַל. און וויקטאָר הוגאָ, דער גרעסטער פראַנצויזישער ראָמאַנ־טיקער, דערקלערט אין זיין פאָרעדע צו זיין „נאָטר דאַם דע פּאַרי“, אַז ער האָט דאָס ריזיקע ווערק קיין איין מאָל ניט איבערגעשריבן נאָר עס געשיקט צום דרוק אַזוי ווי עס האָט זיך לכתחילה אויסגעגאָסן אָפן פּאַפּיר, און ער שטעלט עס אַוועק פאַרן העכסטן געזעץ פון קינסטלערישן שאַפן: קיין באַאַרבעטונג, נאָר דער ערשטער, פרייער, נאַטירלאַכער אויסגוס פון דער פאַנטאַזיע.

דער ראָמאַנטיזם האָט געגעבן אַ סך גרויסע ווערק אין דער ליטעראַטור, אָבער ניט קיין ווערק פון גרויסער קלאַ־

סישער פאָלקאָמענקייט. ווײַל כאָטש זיין כח אפֿן מענטשן איז געווען גרויס, האָט ער דאָך ניט באַשאַפֿן יענע האַר־מאָנישע גאַנצקייט צווישן מענטש און אומוועלט, וואָס פֿאָדערט זיך פֿאַר דער באַשאַפֿונג פֿון גרויסע האַרמאָנישע קונסטווערק. און ניט באַשאַפֿן האָט ער קיין האַרמאָניע צווישן מענטש און אומוועלט דערפֿאַר וואָס ער האָט די אומוועלט, דיווירקלאַכקייט, אינגאַנצן פֿאַרלייקנט.

דער ראָמאַנטיזם האָט געהערשט ביז נאָכן ערשטן פֿערטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. אַרום 1850 איז שוין גע־וואָרן אַ מאָדע צו רופֿן דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט דער ו ו י ס נ ש אַ פֿ ט ל אַ כ ע ר יאָרהונדערט. אינצווישן איז אויפֿ־געשטאַנען און געפֿאַלן די העגעלישע פֿילאָזאָפֿיע, איבערלאָזנ־דיק נאָך זיך דעם יסוד פֿאַר דער לערע פֿון עוואָלוציע. אין 1828 איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע כעמישע אוניווער־זיטעט־לאַבאָראַטאָריע אין דײַטשלאַנד, אין 1842 איז אַנט־דעקט געוואָרן דאָס געזעץ פֿון דער אומצעשטערבאַרקייט פֿון דער ענערגיע, און דערמיט דערגאַנצט דאָס פֿריער־אַנטדעקטע געזעץ וועגן דער אייביקייט פֿון שטאָף. אַרום יענער צייט איז געמאַכט געוואָרן די אַנטדעקונג אַז די פֿלאַנץ און די חיה באַשטייען פֿון צעלן. אין יענער צייט איז אויך צום ערשטן מאָל איבערגעוואָרפֿן געוואָרן אַ בריק צווישן דער טויטער וועלט און דער לעבעדיקער דורך דער אַנטדעקונג אַז דיזעלבע כעמישע און פֿיזיקאַלישע געזעצן וואָס הערשן אין דער אַנאָרגאַנישער וועלט הערשן אויך אין דער אָרגאַנישער. אין 1859 איז אַרויס דאַרווינ'ס „דער אורשפּרונג פֿון מינים".

די צייט איז באמת געוואָרן וויסנשאַפֿטלאַך. און עס איז ריכטיק באַמערקט געוואָרן, אַז אויב פֿריער האָט געגאָלטן דאָס ווערטל, אַז „אין דער וויסנשאַפֿט איז דאָ נאָר אַזוי פֿיל אמת וויפֿיל ס'איז דאָ אין איר פֿילאָזאָפֿיע", האָט עס שוין איצט געהייסן פֿאַרקערט: „אין דער פֿילאָזאָפֿיע איז דאָ נאָר אַזוי פֿיל אמת וויפֿיל ס'איז אין איר דאָ וויסנשאַפֿט".

סוף־כל־סוף האָט זיך די פילאָזאָפיע געבויגן פאַר דער וויסנשאַפט און זי אָנערקענט. און די ערשטע פילאָזאָפיע וואָס די היינטיקע וויסנשאַפט האָט געבוירן איז געווען דער מאָדערנער מאַטעריאַליזם. און די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע האָט געלערנט: דער מענטש איז אַ מאַשין; די מענטשלאַכע מאַשין אַרבעט לויט אייזערנע געזעצן און געדאַנק, פאַנטאַזיע, גייסט, זיינען אַ פּראָדוקט פון דעם מאַרך פונקט ווי די גאַל איז אַ פּראָדוקט פון דער לעבער און יורין אַ פּראָדוקט פון די נירן.

אָט וואָס עס איז איצט געוואָרן פון דעם ראָמאַנטישן „אַלמעכטיקן גייסט", פון דער פאַנטאַזיע וואָס באַשאַפט די וועלט און אַלץ וואָס אַף איר... גייסט געשטעלט אין איין קאַטעגאָריע מיט — יורין...

אומזיסט האָט שאָפּענהאַוער געקעמפט קעגן דעם מאַטעריאַליזם מיט זיין פילאָזאָפיע פון „ווילן"; אומזיסט האָט בערגסאָן געזוכט צו פאַרהאַלטן דעם שטראָם מיט זיין לערע פון „עלאַן וויטאַל"; אומזיסט האָבן זיך געמיט די אַלערליי „אידעאַליסטישע" שולן. עס איז זיי געלונגען מער־ווייניקער אָפּצושוואַכן דעם מאַטעריאַליזם, אָבער אינגאַנצן אַרויסציען זיין ווירקונג פון דעם אייראָפּעישן געמיט — דאָס איז ביז היינטיקן טאָג ניט געלונגען.

און דער דאָזיקער גייסט פון דער וויסנשאַפט און דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע האָט זיך גלייך געלייגט אַף דער ליטעראַטור.

זאָלאַ האָט געשריבן: „מיר (שרייבער) דאַרפן באַהאַנדלען כאַראַקטערן, ליידנשאַפטן, מענטשלאַכע און געזעלשאַפטלאַכע פאַקטן אַזוי ווי דער כעמיקער און ביאָלאָג באַהאַנדלט מענטשלאַכע קערפּער".

און ער האָט באַשאַפן די טעאָריע פון דעם „עקספּעריִמענטאַלן, דאָקומענטירטן ראָמאַן". וואָס פאַר אַ מהלך דאָס

איז פון הוגאָ׳ם טעאָריע פון דעם פרייען לויף פון דער פאַנטאַזיע !

דער גייסט פון דער וויסנשאַפטלאַכער לאַבאָראַטאָריע איז אַריינגעדרונגען אין דער ליטעראַטור און האָט געבראַכט דעם נאַטוראַליזם און דעם רעאַליזם. און דער רעאַליזם, מיט זיין אָנקניפּן זיך אָן סביבה און געזעלשאַפטלאַכע געזעצן, איז געבליבן די הערשנדיקע ריכטונג אין דער ליטעראַטור אין דער צווייטער העלפט פון ניינצנטן יאָרהונדערט.

אויך דער רעאַליזם, נאָך מער ווי דער ראָמאַנטיזם, האָט געגעבן ריזיקע ווערק. אָבער אויך דער רעאַליזם האָט ניט געגעבן קיין ווערק פון פולקאָמענער, ריינער, האַרמאָ־נישער קלאַסישקייט. דער איינפלוס פון דעם וויסנשאַפט־לאַכן מאַטעריאַליזם איז, אמת, געווען זייער גרויס אויף אייראָפּע, שיר ניט אַזוי גרויס ווי די מאַכט פון קריסטנ־טום אין געוויסע עפּאָכן, אָבער קיין פולע האַרמאָניע צווישן דעם מענטשן און זיין אומוועלט האָט ער ניט געשאַפן, גראַדע ווי דער ראָמאַנטיזם האָט עס ניט באַוויזן צו טאָן. דער ראָמאַנטיזם — דערפאַר ווייל ער האָט עקזאַלטירט דעם מענטשלאַכן „איך" און פאַרלייקנט די נאַטור, און דער רעאַליזם, דערפאַר וואָס ער האָט דערהויבן די נאַטור און נעגירט דעם מענטשלאַכן „איך".

די כאַראַקטערשטריכן פון אַ גרויסן, האַרמאָניש־פאַר־ענדיקטן קלאַסישן קונסטווערק זיינען — פולקאָמענקייט פון פאָרם און אָפּגערונדטקייט פון וועלט־אָנשויאונג, אַ וועלט־אָנשויאונג אין וועלכער אַלע פּראָבלעמען וואָס ווערן אין דעם ווערק אויפגעהויבן ווערן אין אים אויפגעלייזט. דאָס ווערק מעג באַיאָען דאָס לעבן אָדער עס פאַרניינען. אין דעם ערשטן פאַל גיט עס אַ גרויסן געפיל פון פרייד, אין דעם צווייטן — אַ געפיל פון גרויסער בארואיקונג. אַזאַ ווערק טראָגט שטענדיק מיט זיך אַ הויך פון אייביקייט. מען קען גרינג אָנרופן ווערק פון פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטן

וואָס אַנטשפּרעכן דעם דאָזיקן אידעאַל, מ׳קען אָבער ניט אָנרופן קיין איינציק ווערק פון ניינצנטן יאָרהונדערט וואָס זאָל דערגרייכן די דאָזיקע הויך. די בעסטע ווערק אין דער אייראָפּעישער ליטעראַטור פון ניינצנטן יאָרהונדערט זיינען גרויס מיט זייער ראַנגלעניש אָבער ניט מיט זייערע אויפֿלייזונגען. און וואָס זיי ברענגען איז ניט פרייד אָדער באַרואיקונג נאָר פּעסימיזם. און אָן אויפגעקלערטער וועלטאַנשויאונג פעלט זיי פולקאָמענקייט פון פאָרם. ווארום אינהאַלט און פאָרם זיינען צוויי זייטן פון איין מטבע. און אָן פולקאָמענקייט פון פאָרם פעלט זיי דער אַספּעקט פון אומצעשטערבאַרקייט, פון אייביקייט. וועלכע ווערק פון ביז דער וועלט־מלחמה לייענען זיך נאָך היינט מיט ערשטער אָדער אפילו צווייטער פרישקייט?

דאָך איז אין דער ליטעראַטור פון ניינצנטן יאָרהונדערט, אַזוי ווי אין פריערדיקע צייטן, געווען קאַמפּאַס, אָריענטאַציע און דערפאַר — מאַכט. די ליטעראַטור פון זינט נאָך דער מלחמה איז אינגאַנצן אָנמעכטיק געוואָרן. וועלכער שריפטשטעלער היינט אין דער וועלט האָט דעם איינפלוס וואָס עס האָט געהאַט הוגאָ, באַלזאַק, אַנאַטאָל פראַנס אין פראַנקרייך; טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי אין רוסלאַנד; געטע, שילער, האופּטמאַן אין דייטשלאַנד? און זי האָט פאַרלוירן איר מאַכט, ווייל זי איז געבליבן אינגאַנצן אָן אָריענטאַציע, אָן וועלכן עס איז וועגווייזער אין דער פילאָזאָפיע און אפילו אין דער וויסנשאַפט.

וואָס עס איז שייך אַ פילאָזאָפישער אָדער וויסנשאַפטלאַכער אָריענטאַציע איז דער איצטיקער מאָמענט אפשר דער טראַגישסטער וואָס די אייראָפּעישע מענטשהייט האָט דורכגעמאַכט אין גאַנצן משך פון איר געשיכטע. אין יעדער פריערדיקער עפּאָכע האָט אייראָפּע געהאַט אַ פעסטן עפּעס אָן וועלכן זי האָט זיך אָנגעהאַלטן. דער ניינצנטער יאָרהונדערט אַליין האָט געהאַט צוויי. דער אָנהויב פון דעם

יאָרהונדערט האָט געגלויבט אַז אַלץ איז גייסט; דער סוף פון דעם יאָרהונדערט האָט געגלויבט אַז אַלץ איז שטאָף. אָבער איצט, נאָכן ערשטן פערטל פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט, האַלטן מיר דערביי, אַז ביידע באַגריפן, „שטאָף" און „גייסט" האָבן פאַרלוירן יעדן זין.

יעדער שטאָף איז עלעקטריציטעט, זאָגן איינע. נאָר וואָס עלעקטריציטעט אָזי — דאָס איז די פראַגע. יעדער שטאָף איז נאָר אַ מאַטעמאַטישע פאָרמולע — זאָגן אַנדערע (דזשעימס דזשינס); נאָר ווער דער מאַטעמאַטיקער איז — דאָס קען קיינער ניט זאָגן. די גאַנצע וואונדערבאַרע וועלט, וואָס דער וויסנשאַפטלאַכער נײַנצנטער יאָרהונדערט האָט אויפגעבויט און מיט וועלכער ער איז אַזוי שטאָלץ געווען, איז אין בוכשטעבלאַכן זינען פון וואָרט צערונען ווי אַ חלום. וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אומבאַגרייפלאַך איז געוואָרן פאַרשטענדלאַך און וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיכער איז געוואָרן אומזיכער. רוים און צייט זיינען אומענדלאַך און אומבאַגרייפלאַך, האָט דער נײַנצנטער יאָרהונדערט גע־גלויבט; איצט לערנט דער איינשטייניזם אַז רוים איז ענדלאַך און אַז צייט איז די אייגענע זאַך וואָס רוים און — איז אַ פערטע דימענסיע. די וועלט איז געבויט אַף קאַוזאַ־ליטעט — דאָס איז געווען דער „אדני אלהינו אדני אחד" פון דער וויסנשאַפט; איצט הערט מען שוין אַז ניט דאָס געזעץ פון קאַוזאַליטעט ווירקט אין יסוד פון דער נאַטור, נאָר דאָס געזעץ פון וואַרשיינלאַכקייט, און אַז מ'דאַרף בעסער רעדן פון צופאַל אין דער נאַטור איידער פון אורזאַך און רעזולטאַט. מאַטעריע און ענערגיע זיינען אומצעשטער־באַר — האָט די פריערדיקע וויסנשאַפט געהאַלטן פאַר אַ גרונט־געזעץ — און זייער סומע איז אייביק; איצט זאָגט די וויסנשאַפט אַז זיי זיינען ביידע איין זאַך, און מיר הערן טעאָריעס, אַז זיי זיינען ביידע צעשטערבאַר און אַז נייע מאַטעריע און ענערגיע ווערן באַשאַפן פון „עמיצן וואָס שטייט שטענדיק בײַ דער דאַזיקער אַרבעט" (מיליקאַן). די

הײנטיקע פיזיקע, זאָגט עדינגטאָן, באַשטײט שױן אינגאַנצן בלױז פֿון מאַטעמאַטישע סימבאָלן, און װאָס עס שטײט הינטער די סימבאָלן הױבן מיר ניט אָן צו װיסן. און די מאַטעמאַטיק אַלײן, אױף װעלכע אַלץ איז הײנט געשטעלט — װעגן איר זאָגט בערטראַנד ראַסל: אין דער מאַטעמאַטיק װײס קײנער ניט גענױ װעגן װאָס ער רעדט און צי דאָס װאָס ער זאָגט איז אמת אָדער ניט...

אָט דאָס איז די איבערקערעניש און די צעמישעניש װאָס הערשן אין דער הײנטיקער װיסנשאַפֿט, אין יענעם געביט װאָוהין מיר האָבן זיך געװאָוינט זיך צו װענדן נאָך אַבסאָלוטער זיכערקײט און פֿעסטקײט. מען קען ניט בעסער אױסמאָלן די דאָזיקע צעמישעניש װי דאָס האָט געטאָן אײנער פֿון די גרעסטע פֿיזיקער פֿון אונזער צײט, ראָבערט מיליקאַן, װעלכער שרײבט: „מיר (די הײנטיקע פֿיזיקער) האָבן זיך אױסגעלערנט ניט צו נעמען זיך אַזױ ערנסט װי די פֿיזיקער פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן זיך גענומען". „מיר האָבן איצט ניט קײן אײנציקע אױסגעהאַלטענע סבֿעמע לױט װעלכער צו טײַטשן די פֿיזישע דערשײנונגען, און מיר זײַנען געװאָרן קלוג גענוג אײַנצוזעען, און מודה צו זײַן, אַז מיר האָבן ניט".

און אױב עס איז אַזױ מיט דער װיסנשאַפֿט, װי איז עס שױן מיט דער פֿילאָזאָפֿיע?

מיר האָבן שױן פֿריער אָנגעװיזן אַז מיט דעם פֿאַלן פֿון דער העגעלשער פֿילאָזאָפֿיע און מיטן אױפֿשטײַגן פֿון דער װיסנשאַפֿט, האָט די פֿילאָזאָפֿיע מער ניט געװאָגט צו גײן ניט קעגן דער װיסנשאַפֿט, ניט אָן איר. יעדער פֿילאָזאָפֿישע באַטראַכטונג האָט, זינט דעם מיטן פֿון לעצטן יאָרהונדערט, זיך געמוזט אָנשפּאַרן אױף דער װיסנשאַפֿט. אָבער װי זאָגט דאָס ענגלישע שפּריכװאָרט: אַ קײט איז נאָר אַזױ שטאַרק װי איר שװאַכסטער רינגל. אױב די פֿאַרלױרנקײט איז אַזױ גרױס אין דער װיסנשאַפֿט, װי קען די פֿילאָזאָפֿיע גײן זיכער און פֿעסט? די פֿילאָזאָפֿיע, װאָס

האָט זיך אַמאָל באַטראַכט פאַר דער וויסנשאַפט פון אַלע וויסנשאַפטן און פאַר דער חכמה פון אַלע חכמות האָט אין די לעצטע פאַר דורות געפירט זייער אַ באַשיידן לעבן. „ניט זעלטן — שרייבט דער דייטשישער פילאָזאָף אַרטור ליבערט — האָבן די מעטאַפיזיקער (פון די לעצטע עטלעכע צענד־ליק יאָר) זיך געהאַלטן מיט אַ געוויסער מורא און האָבן געזוכט זיך צו פאַרענטפערן גלייך ווי זיי וואָלטן געגאַנגענע אַף פאַרבאָטענע וועגן". וואָס פאַר אַ ווערט האָט, באמת, געהאַט די פילאָזאָפיע ווען יעדן טאָג האָט פון דער וויסנ־שאַפטלעכער לאַבאָראַטאָריע געקענט קומען אַן אַנטדעקונג אָדער אַ היפּאָטעזע און זי אומוואַרפן ווי אַ הייזל פון קאָרטן?

בלויז אין צוויי צייטן איז פאַר דער פילאָזאָפיע מעגלאָך צו פירן אַ פולע און אומאָפּהענגיקע עקזיסטענץ: דעמאָלט ווען עס איז גאָר קיין וויסנשאַפט ניטאָ — יענע צייט איז שוין געוועזן; און דעמאָלט ווען די וויסנשאַפט וועט פאַר־ענדיקן איר אַרבעט — אָבער אַזאַ צייט וועט קיינמאָל ניט זיין. ווייל אויך דאָס איז דער חילוק פון די וויסנשאַפטלייט פון נייַנצנטן יאָרהונדערט ביז די וויסנשאַפטלייט פון היינט: יענע האָבן געמיינט אַז עס פעלט זיי נאָר נאָך אַ פּאָר אַנטדעקונגען און די וועלט־רעטעניש איז געלייזט (העקעל), און די היינטיקע האַלטן אַז וואָס ווייטער זיי גייען אַלץ מער פאַרפּלאָנטערט ווערט די וועלט־רעטעניש. איינשטיין זאָגט וועגן זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע: „איך גלויב אַז זי איז ריכטיק, אָבער זי וועט באַווייזן ווערן ערשט אין 1981 ווען איך וועל שוין זיין טויט"; און עדינגטאָן שרייבט: „אויב די פילאָזאָפישע סכעמע וואָס מיר שטעלן איצט אויף אַף די וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען פון איינשטיין, באָהר, רוטערפאָרד און אַנדערע איז פאַר׳משפט אומצופאַלן אין די קומענדיקע דרייסיק יאָר..."

ווען וועט אַלזאָ די וויסנשאַפט פאַרטיק ווערן מיט איר אַרבעט אַז די פילאָזאָפיע זאָל קענען אָנהויבן אירע?

די איינציקע באַרעכטיקונג פאַר דער היינטיקער פילאָ־זאָפיע איז דאָס וואָס די היינטיקע וויסנשאַפט איז אַליין געוואָרן פילאָזאָפיש. אין די טיפעניש אין וועלכע זי איז פאַרגאַנגען מוז זי זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע פראַגן ווי רוים, צייט, דערקענטניש, וועלכע האָבן פריער געהערט צו דער פילאָזאָפיע אַליין. און דאָ האָט די וויסנשאַפט זיך אויסגעגליכט מיט דער פילאָזאָפיע און די פילאָזאָפיע האָט זיך אויסגעגליכט מיט דער וויסנשאַפט אין — אומ־זיכערקייט.

און אָט די אומזיכערקייט און פאַרווירונג טיילט נאַטיר־לאַכערווייז אויף די גאַנצע ליטעראַטור פון אונזער צייט. וואָס וויל די ליטעראַטור? וואוהין גייט זי? וואוהין פירט זי? וועלכע האָריזאָנטן עפנט זי? וואָס פאַראַ וועלט־געפיל טראָגט זי? אַף די דאָזיקע פראַגן האָט מען געקענט ענטפערן אין 1825; מען האָט אַף זיי געקענט ענטפערן אין 1880; מען האָט אַף זיי געקענט ענטפערן אין אַלע גרויסע ליטעראַרישע עפּאָכן. עס איז אָבער שווער אַף זיי צו ענטפערן היינט. (די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך).

אומקלאָרקייט, פאַרווירונג, ציללאָזיקייט פון אַלע זייטן.

און רופּערט ברוק דריקט אויס די גייסטיקע פאַרלוירנ־קייט פון זיין ליטעראַרישן דור ווען ער זאָגט:

Some, it may be, can get in touch
With Nature there, or Earth, or such...
But these are things I do not know.

אין דער ליטעראַטור דריקט זיך אויס דער פילאָזאָפישער קריזיס, אין ערשטער ליניע, אין דער גרויסער צאָל ליטעראַ־רישע שולן און ריכטונגען. עס גייט כמעט ניט אַריבער קיין האַלב יאָר, אַז ערגעץ־וואו, אין אַ ליטעראַרישן צענטער אָדער אין אַ ליטעראַרישן ווינקל, זאָלן ניט אויפשטיין קיין פאַר נייע ריכטונגען, וועלכע לאָזן אַרויס מאַניפעסטן און

פראָקלאַמירן זיך יעדערע פאַר דער איינציק ריכטיקער. יעדער שול האָט זיך איר פּיצל פילאָזאָפיע, אָבער אַלע צוזאַמען שטעלן זיי פאָר א כאַאָס. דאָס רוב בלייבן די מאַניפעסטן פון די דאָזיקע שולן זייער בעסטער, אַמאָל זייער איינציקער בייטראַג צו דער ליטעראַטור.

נאָך א רעזולטאַט פון דער גייסטיקער פאַרווירונג אין דער ליטעראַטור, איז די אומפאַרשטענדלאַכקייט פונם רוב מאָדערניסטישער פּאָעזיע און פּראָזע. פאַרוואָס שרייבט ט. ס. עליאָט אַזוי פאַרפּלאָנטערט און גערטרוד סטיין אַזוי אומקלאָר? געווען שווערע און אומקלאָרע דיכטער פריער אויך, אָבער זייער אומקלאָרקייט איז געווען אַן אינדיווידועלע און אָרגאַנישע. די אומקלאָרקייט פון אַן עליאָט, די צעדרייטקייטן פון א סטיין און די פּלאָנטערנישן פון א קאָמינגס זיינען אָבער דער קולט פון א שול, דער סטיל פון אַן עפּאָכע. און דאָס איז דערפאַר, ווייל דער מאָדערניסטישער שרייבער זעט ניט קיין קלאָרע וועלט, האָט ניט קיין דייטלאַכע וויזיע, ווייס ניט וואָס ער זוכט און וואו עס צו געפינען. ער איז פאַרלוירן אין דער פילאָזאָפישער פאַרלוירנקייט פון דער צייט. און שטענדיק ווען די דיכטערישע וויזיע ווערט טונקל, ווערט דער סטיל אומקלאָר. און אומקלאָרקייט זאָל ניט פאַרמישט ווערן מיט מיסטיציזם. מיסטיציזם איז שוין אַליין א פילאָזאָפיע. עליאָט, סטיין, קאָמינגס זיינען ניט קיין מיסטיקער; זיי זיינען — מיסטיפיקאַטאָרן, מיסטיפיקאַטאָרן לגבי זיך אַליין, — אַן אויסדרוק פון דעם פילאָזאָפישן טראַגיזם פון אונזער צייט.

און ווי אין דעם סטיל אַזוי אויך אין דער סובסטאַנץ זעט זיך די אייגענע איינגעשרומפּנקייט פון וויזיע און ציל. אין קליינע מאָגערע שורות זעט זיך עס ווי אין גאַנצע ווערק. אַט איז, ווי א ביישפּיל, אַן אַלטמאָדישע שורה פון אַן אַלטמאָדישן דיכטער, די שורה:

טראַג אוועק מיין נשמה אין יענער בלויער ווייט

גענומען פון רוסישן, פון פרוג. קאַרג און פּשוט ווי עס איז ניט די דאַזיקע שורה, פילט זיך אין איר אַ שוואונג, אַ לעכצן, אַ ציל, אַ ריכטונג פון־זיך־אַוועק צו עפּעס אַ ווייטן און לאַקיקן.

שטעלט אַוועק קעגן דער שורה אַ מאָדערניסטישע:

Say—listen—
If you could only take a bath in moonlight!
Grab a star—huh?
Use it for soap.... (John V. A. Weaver).

מאַכן זיך אַ וואַנע פון בלויען לבנה־ליכט און נעמען אַ שטערן פאַר אַ שטיקל זייף... פּונקט אַ פאַרקערטע ריכטונג ווי אין פרוג׳ס שורה. אין פרוג׳ס שורה ווערט דער „איך" גרעסער זיך ציענדיק צו דער וועלט; אין וויוועד׳ס פערז ווערט די וועלט קלענער (און אומריין) זיך פאַר־וואַנדלענדיק אין אַ שווימבאַד...

בא לערמאַנטאָוו׳ן הייסט עס: „די נאַכט איז שטיל, דער מדבר הערט זיך צו צו גאָט, און שטערן רעדט מיט שטערן"... אודאי אויך פון גאָט און פון די סודות פון זיין; און דעם מאָדערניסטישן דיכטער דערמאָנט אַ שטערן נאָר אָן אַ פינף־סענטיקן שטיקל זייף... מיליאָנען־מייליקע אָפּ־גרונטן ליגן צווישן איין פּסיכאָלאָגיע און דער אַנדערער.

אָן אַנדער מאָדערניסטישער דיכטער פאַרגלייכט די אויפגייענדיקע לבנה הינטערן וואַלד צו אַ קעמפּ־פייער אין וואַלד. אָן „אַלטמאָדישער" דיכטער וואָלט עס קיינמאָל ניט געטאָן. ער וואָלט, פאַרקערט, פאַרגליכן אַ קעמפּ־פייער צו דער אויפגייענדיקער לבנה. מ׳קען זאָגן ווי אַ כּלל, אַז די דיכטער פון די פריערדיקע דורות, ווייטע און נאָנטע, האָבן זיך געצויגן צו אויסברייטונג, די מאָדערניסטישע — צו איינשרענקונג; יענע — זיך צום אוניווערז; די — דעם אוניווערז צו זיך. ווייל — — — —

יענע האָבן עמיצן אָדער עפּעס געהאַט דאָרט אין דער אומענדלאַכקייט, די האָבן אין ערגעץ גאָרניט און קיינעם

ניט; יענע האָבן געהאַט אַן אידייע, אַ פילאָזאָפיע, אַ גאָט: די — גאָרניט, אויסער זייער טאַלאַנט און פאַרווירונג...

אין אָנהויב ניינצנטן יאָרהונדערט זינגט שעלי אַ ליד צו דער לערכע. זינגט ער אַריין זיין נשמה אין איר און זויגט אַריין איר נשמה אין זיך און ביידע גייען זיי אויס פון בענקשאַפט צו דער וועלט. אין אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זינגט קאָמינגס אַ ליד וועגן דעם פעלדגריל. זינגט ער, זאָגט ער, אָדער שרייבט ער:

```
                        r-p-o-p-h-e-s-s-a-g-r
        who
   a(s  w(e  loo)k
   upnowgath
              PPEGORHASS
                          eringint  (o-
   aThe)    :1
             eA
                   !p:
   S
                          (r
   rIvIng                  .gRrEaPsPhOs
                                     to
   rea  (be)  rran  (com)gi  (e)  ngly
   , grasshopper  ;
```

ניט די גריל זאָגט אים עפּעס, ניט ער האָט איר עפּעס צו זאָגן. דאָס ליד איז נאָר אַ טאַנץ פון אותיות וואָס גיבן, אָדער דאַרפן געבן, אַן אָפּטישע אילוזיע פון דער שפּרינגנ־דיקער גריל. אַז מען זאָל זיין זייער גנאָדיק קען מען זאָגן: דאָס איז ריינע פאָרם. פאָרם אינגאַנצן אויסגעליידיקט פון אינהאַלט. און דאָס איז צו וואָס עס שטרעבט די דאָזיקע אולטראַ־מאָדערנע פּאָעזיע. זי שטרעבט צו אַ ניהיליזם פון אינהאַלט.

וועגן דזשיימס דזשאָיס, וואָס אייניקע רופן אים אָן דער האָמער פון דער מאָדערנער נשמה, האָט מען גע־זאָגט: ער איז צעשטערער פון יעדער פאָרם.

דער צעשטערער פון יעדער פאָרם קען ניט זיין, ווייל פאָרם איז אומצעשטערלאַך. עס קען זיין פאָרם אָן אינ־

האַלט אָבער עס קען ניט זיין קיין אינהאַלט אָן פאָרם. אינ־האַלט און פאָרם זיינען אַזוי ווי ליכט און פינצטערניש. ליכט מוז האָבן אַ קוואַל, פינצטערניש עקזיסטירט אין זיך אַליין: וואו עס איז ניטאָ קיין ליכט דאָרט הערשט במילא פינצטערניש. דזשיימס דזשאָיס איז נאָר דער צעשטערער פון פריעריקע פאָרמען. שרייבנדיק כאַאָטיש האָט ער אַ כאַאָטישע פאָרם, אָבער ער איז ניט אינגאַנצן אָן פאָרם.

אָבער צעשטערן אַלטע פאָרם — דאָס האָט ער געטאָן. און אין דזשיימס דזשאָיס און אין זיינע חברים האָבן מיר דעריבער אַ שטרעבונג צו ניהיליזם פון פאָרם, אַזוי ווי אין קאָמינגס און זיינע חברים געפינען מיר אַ ניהיליזם פון אינ־האַלט. ביידע איניינעם שטעלן זיי פאָר דעם עצם פון דאָס וואָס איז דאָס סאַמע מאָדערנסטע אין דער ליטעראַטור: ניהיליזם.

און דאָס איז נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון דער פילאָ־זאָפישער קראַנקייט פון דער צייט.

עמיצער האָט אַמאָל געזאָגט: „די פילאָזאָפיע איז אַ שפּיטאָל פאַר קראַנקע דיכטער". ווען די פילאָזאָפיע איז געזונט קען זי ווירקלאַך היילן קראַנקן דיכטערישן גייסט דורך געבן אים וויזיע און זין. אָבער אין אונזער צייט נויטיקט זיך די פילאָזאָפיע אַליין אין אַ שפּיטאָל.

עס מאַכט ניט אויס וואָס די פּאָעטן, — זיכער די מערסטע פון זיי, — באַשעפטיקן זיך ווייניק דירעקט מיט די פּראָבלעמען פון דער וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. זיי ווערן פונדעסטוועגן דורכדעם ניט אַנטרונען פון זייער איינפלוס. די וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע אַליין, סיי ווען זיי זיינען געזונט סיי ווען זיי זיינען קראַנק, זיינען נאָר טיילווייז די באַשאַפער פון דעם טעמפּעראַמענט פון דער צייט: טייל־ווייז איז זייער צושטאַנד אַליין אַ רעזולטאַט פון דעם צייט־גייסט, וועלכער אַנטשטייט פון טויזנט אורזאַכן און באַ־איינפלוס די וויסנשאַפטלייט, די פילאָזאָפן און די פּאָעטן גלייך.

ניט נאָר די סענזיטיווע פּאָעזיע רעפלעקטירט די היינטיקע גייסטיקע קאַטאַסטראָפן פון דער וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, נאָר אויך דער מער סאָלידער ראָמאַן. מיר האָבן געזען ווי אַזוי די וויסנשאַפט פון ניינצנטן יאָר־הונדערט, מיט אירע מיקראָסקאָפּישע באַאָבאַכטונגען, לאַבאָ־ראַטאָרישע מעטאָדן און שטרענגער לאָגיק האָט באַאיינ־פלוסט די מעטאָדן, דעם סטיל און די וועלט־אָנשויאונג פון דעם ראָמאַן און באַשאַפן דעם נאַטוראַליזם און דער רעאַליזם. איינער פון די גרונט־יסודות פון דעם נאַטוראַליסטיש־רעאַליסטישן ראָמאַן איז געווען דאָס גרונט־געזעץ פון דער וויסנשאַפט — דאָס געזעץ פון קאַוזאַליטעט. שטרענגע מאָטיווירונג אין האַנדלונגען, אַבסאָלוטע געזעצמעסיקייט פון אורזאַך און רעזולטאַט אין פּאַסירונגען — דאָס זיינען געווען די פונדאַמענטן אַף וועלכע עס האָט גערוט דער עסטעטישער בנין פון דעם רעאַליסטישן און נאַטוראַליסטישן ראָמאַן. דאָס איז געוואָרן דער יסוד פון דער ליטעראַטור־עסטעטיק בכלל. ווען מען פלעגט וועלן דעפינירן דעם אונטערשייד צווישן „ליטעראַטור" און „שונד" פלעגט די ערשטע זאַך, אַף וועלכער מען פלעגט אָנווייזן, זיין: אין ליטעראַטור גייען די געשעענישן נאַטירלאַך, לאָגיש, געזעצ־מעסיק, און אין שונד פּאַסירן זיי פּלוצלינג, ניט־מאָטיווירט, אַזוי ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. און מאָטיווירונג און געזעצמעסיקייט זיינען נאָך ביז היינטיקן טאָג פאַר אַ סך די פּרוביר־שטיינער פאַר „קינסטלערישער" ליטעראַטור. עס האָט ניט אויסגעמאַכט וואָס אַזאַ שטאַנדפּונקט האָט געשטעלט כמעט די גאַנצע פאַרגאַנגענע ליטעראַטור, און דער עיקר די ראָמאַנטישע, מחוץ פון דעם גדר פון קונסט: די נאַטוראַליסטיש־רעאַליסטישע ליטעראַטור האָט זיך טאַקע באַטראַכט פאַר דער איינציק אמת'ער קונסט, אַזוי ווי די וויסנשאַפט אַף וועלכער זי איז געווען געבויט האָט זיך באַטראַכט פאַר דער איינציקער באַזיצערין פון דעם אַבסאָ־לוטן אמת.

ווי איז אָבער איצט ווען דאָס גנזעץ פון קאַוזאַליטעט איז אונטערגעגראָבן געוואָרן אין דער וויסנשאַפט, און אַף זיין אָרט ווערט אַרויסגערוקט וואַרשיינלאַכקייט אָדער צופאַל ווי די יסודות פון דער נאַטור? די וויסנשאַפט קען שוין היינט מער ניט גאַראַנטירן מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט אַז אַ קעסל וואַסער אַפן פייער וועט דוקא אויפזידן. עס קען טעאָרעטיש געמאָלט זיין, אַז דאָס וואַסער אַפן פייער זאָל גאָר פאַרפרוירן ווערן. וואָס בלייבט דעמאָלט מיט קאַוזאַ־ליטעט אין דער ליטעראַטור?

ווי שוין פריער געזאָגט: דער איבערבראָך אין דער היינטיקער ליטעראַטור איז שוין געשען. דער נייער באַגריף האָט שוין איינגעביסן אין דער ליטעראַטור. אַ נייע שול איז שוין דאָ וואָס איז, כאָטש אפשר אומבאַוואוסט פאַר איר אַליין, געבויט אַף דעם דאָזיקן באַגריף. דאָס איז דער סור־רעאַליזם, וועלכער וויל „אויסברוך" אָנשטאָט געזעצמעסי־קייט, און דעם גלאַטן, אומגעשטערטן, „שטראָם פון באַ־וואוסטזיין" — וואָס דער שטראָם זאָל ניט ברענגען צוטראָגן — אָנשטאָט די רעגלמעסיקע „אורזאַך און רעזולטאַט". אינטערעסאַנט איז, אַז דאָ באַגעגנט זיך דער סור־רעאַליזם מיטן ראָמאַנטיזם וואָס איז געווען איינגעשטעלט אַפן פרייען לויף פון דער פאַנטאַזיע און האָט געלערנט אַז אַ קונסטווערק שאַפט זיך ווי אַ חלום חלומ'ט זיך, אָפּגעבונדן פון יעדן געזעץ. אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ליטעראַטור איז שוין אויס־געוואַקסן אין דעם זשאַנר. די וויכטיקסטע אויפטוער דאָ זיינען מאַרסעל פּרוסט און דזשיימס דזשאָיס. אָבער זאָל דאָס זיין אַ וועג אין דער ליטעראַטור אָדער זאָל עס ווערן דער וועג? די ליטעראַטור וועט מוזן געבן אַן ענטפער אַף דער פראַגע. דערווייל אָבער האָט דער איבערבראָך צוגעטראָגן זיין חלק צו דער גייסטיקער מהומה אין דער היינטיקער ליטעראַטור און צו דער אָפּשוואַכונג פון איר איינפלוס און מאַכט.

## IV

## די ליטעראַטור באַ פרעמדע טישן

אין פאַריקן קאַפּיטל האָבן מיר, אַלזאָ, געזען ווי אַזוי די ליטעראַטור פון אונזער עפּאָכע איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון די נאַטור־וויסנשאַפטן פון דער עפּאָכע און האָט דורכדעם פאַרלוירן איר זעלבסטשטענדיקייט. אָבער דער נײַנצנטער יאָרהונדערט האָט געבוירן צוויי נײַע וויסנשאַפטן, הומאַנע, וועלכע זײַנען אויפגעשטאַנען ווי דירעקטע קאָנקורענטן צו דער ליטעראַטור. דאָס זײַנען די סאָציאָלאָגיע און די פּסיכאָלאָגיע. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע טרעט אויף דער „פּסיכאָלאָג" און דער „סאָציאָלאָג" ווי אַ טיפּ, ווי אַ פאַכמאַן, ווי אַ שעפער. סאָציאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע זײַנען, נאַטירלאַך, געווען פריער אויך, אָבער ערשט באַם סוף פון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָבן זיי געקראָגן דעם מעמד פון וויסנשאַפטן. אין אַ קורצער צײַט האָבן זיי צונויפגעזאַמלט אַן אומגעהויערן וויסן וועגן דעם מענטשן אין דער געזעלשאַפט און האָבן אויך אויסגעאַרבעט יעדע אַ מעטאָדיק און אַ טעכניק פאַר עקזאַקטן פאָרשן. מיט דעם אויפשטייגן פון די דאָזיקע צוויי נײַע צווייגן האָט די ליטעראַטור אויפגעהערט צו זײַן דער איינציקער קוואַל פאַר דער מענטשהייט צו שעפּן איר וויסן און פאַרשטענדעניש פונם מענטשלאַכן לעבן. נאָכמער: די סאָציאָלאָגיע און די פּסיכאָלאָגיע האָבן אפילו אָפּגעלייקנט דעם ווערט פון דער ליטעראַטור ווי אַ וועגווייזערין אין די דאָזיקע צוויי געביטן און האָבן מיט אַ סך שאַרפזין באַוויזן אַז די ליטעראַטור גופא איז אַ זאַך וואָס דאַרף אונטערגעוואָרפן ווערן אונטער דער קאָנטראָל פון די דאָזיקע צוויי וויסנשאַפטן, און אַז זי דאַרף שטודירט ווערן, און קען צום בעסטן פאַרשטאַנען ווערן, נאָר אין ליכט פון זיי. אפילו די יסודות פון דער ליטעראַרישער עסטעטיק גופא זײַנען געוואָרן אַ זאַך פאַר דער סאָציאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע צו דערפאָרשן און באַ־

גרינדן. אַ סך טינט איז אויסגעשריבן געוואָרן אַף צו דער־ווייזן אַז עס איז פֿאַראַן אַ טיפֿער אונטערשייד צווישן דער פּסיכאָלאָגיע וואָס די ליטעראַטור שילדערט און דער פּסיכאָלאָגיע וואָס די וויסנשאַפֿט דערפֿאָרשט, און אַז, ווי אַן אינסטרומענט, איז די וויסנשאַפֿטלעכע פּסיכאָלאָגיע אַן אַן ערך ניצלעכער ווי די ליטעראַרישע. מיט דער פּסיכאָלאָגיע פֿון אַ וואונדט אָדער אַ פֿרויד קען מען עפּעס פּראַקטיש אויפֿטאָן, אָבער מיט דער פּסיכאָלאָגיע פֿון אַ דאָסטאָיעווסקי איז שווער עפּעס אָנצופֿאַנגען. אָפֿן סמך פֿון אַ וואונדטישער פּסיכאָלאָגיע קען מען פֿאָרויסזאָגן מענטשלעכע האַנדלונגען; קאָנטראָלירן מענטשלעכע האַנד־לונגען, אָרגאַניזירן מענטשלעכע האַנדלונגען; מיט דער הילף פֿון אַ פֿרוידישער פּסיכאָלאָגיע קען מען היילן נערוון־קראַנקייטן; אָבער אַ דאָסטאָיעווסקישע פּסיכאָלאָגיע שעפּט זיך אוים דערמיט וואָס זי גיט אָן עסטעטישע איבערלעבונג באַם לייענען און אַ געוויסע באַפֿאַרבונג, אַ צייטווייליקע אָדער פּערמאַנענטע, דעם כאַראַקטער פֿון יחידים אָדער פֿון אַ כּלל, כאָטש פֿון דאַנען הויבט זי אָן צו ווירקן אויך ווי אַ סאָציאַלער כּח. עס איז בכלל דער חילוק צווישן ראַציאָ־נאַליזירטער און עסטעטישער פּסיכאָלאָגיע, און אין אַן עפּאָכע פֿון ראַציאָ, פֿון שׂכל און וויסנשאַפֿט, מוז די ערשטע גובר זיין די צווייטע. אין קרימינעלע פּראָצעסן פֿון מאָרד, למשל, האָט נאָך קיין געריכט ניט אַרויסגערופֿן אַ דאָס־טאָיעווסקין אָדער אַ טאָלסטאָיען — די גרויסע קענער פֿון מענטשלאַכן הארצן — פֿאַר עקספּערטן, נאָר יענע, וואָס זיינען „געלערטע" פֿון „קרימינעלער פּסיכאָלאָגיע" — וואָס איז געוואָרן אַ נייע וויסנשאַפֿט.

וואָס איז שייך סאָציאַלע פּראָבלעמען טרעט דאָ נאָך קלערער אַרוים דער חילוק צווישן דער וויסנשאַפֿטלאַכער סאָציאָלאָגיע און דער ליטעראַרישער. אין דעם אַכצנטן יאָרהונדערט האָט נאָך רוסאָ געקענט מיט אַ ראָמאַן אָנמאַכן אַ רעוואָלוציע אין דער קינדער־דערציאונג, אָבער היינט,

ווען די דערציאונג איז, מיט דער הילף פון דער פּסיכאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע, געוואָרן אַ וויסנשאַפט אין איר אייגענעם רעכט, וועט קיינעם מער ניט איינפאַלן צו גיין זיך לערנען דעם ענין בײַ אַ ליטעראַרישן קינסטלער, כאָטש אַזאַ קינסט־לער קען דאָ אָן ספק אפילו נאָך היינט אַ סך בײַ־טראָגן. נאָך אין די אַכציקער יאָרן האָט געאָרג בראַנדעס זיך גענומען צו שרײַבן זײַנע „הויפּטשטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון נײַנצנטן יאָרהונדערט", כדי, ווי ער זאָגט אין זײַן אַרײַנפיר, צו געבן די פּסיכאָלאָגיע פון דער עפּאָכע. אָבער היינט וועט שוין קיינעם ניט אײַנפאַלן צו גיין אויף די אומזיכערע וועגן פון דער ליטעראַטור צו זוכן די פּסיכאָלאָגיע פון דער צײַט. פאַראַן דערויף אַ מער קאָמפּעטענטע ליטעראַטור — די פּסיכאָלאָגישע, די סאָציאַל־פילאָזאָפישע, די עקאָנאָמישע. די השפּעה פון ליטעראַטור באַם לייזן געזעלשאַפטלעכע פראַגן איז היינט ניט מער אַזוי גרויס ווי זי איז נאָך געווען באַם סוף פון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

עס איז פאָרגעקומען אַן איבעררוקן פון גרעניצן צווישן דער וויסנשאַפט און דער ליטעראַטור. די וויסנשאַפט האָט צוגענומען בײַ דער ליטעראַטור ברייטע טעריטאָריעס. אָבער די ליטעראַטור האָט שוין צופיל נאָכגעגעבן. אין דער צײַט, וואָס די וויסנשאַפט האַלט „ליטעראַרישקייט" פאַרן גרעסטן חטא בײַ זיך, ווייזט די ליטעראַטור אַרויס אַ נייגונג צו נעמען בײַ דער וויסנשאַפט אַלץ וואָס זי געפינט דאָרט, גאָר אָן קריטיק. עס קען ניט זײַן קיין גרעסערער פאָרוואורף פאַר אַ וויסנשאַפטלאַכן ווערק ווי עס אָנצורופן „ליטע־ראַריש". דאָס מיינט גאַנץ פּשוט — „ניט וויסנשאַפט־לאַך", ניט גענוג באַגרינדעט, ניט פעסט דורכגעקאָנטראָלירט. אָבער די ליטעראַטור, צוליב'ן גרויסן פּרעסטיזש פון דער וויסנשאַפט און צוליב איר אייגענעם אייביקן הונגער נאָך נײַער טעמאַטיק, כאַפּט־אויף לײַכטזיניק אַלץ וואָס די וויסנשאַפט טראָגט אונטער.

און דאָס האָט אפשר מער ווי יעדער אַנדער פאַקטאָר געווירקט אָפּצושוואַכן דעם פּרעסטיזש פון דער ליטעראַטור. וואָרום עס האָט שוין אָפּט פּאַסירט אַז די וויסנשאַפט האָט פּאָפּולער געמאַכט אַ געדאַנק און די ליטעראַטור האָט אים אויפגענומען, און שפּעטער האָט זיך די וויסנשאַפט פון אים אָפּגעזאָגט. די ליטעראַטור איז דאַן געבליבן ווי יענער וואָס וויל זיך אַנידערזעצן, נאָר עמיצער כאַפּט פּלוצלונג אַרויס דאָס בענקל פון אונטער אים.

די ליטעראַטור פון די לעצטע יאָרצענדלינג איז אַף טריט און שריט פאַרזייט מיט אַזעלכע אומגעפאַלענע ווערק.

נעמען מיר כאָטש די ערשטע דראַמע, „פאַר זונענ־אויפגאַנג", מיט וועלכער געהאַרדט האופּטמאַן האָט זיך אַ נאָמען געוואונען. דער העלד פון דער דראַמע איז אַ סאָציאַליסט וואָס פירט אַ ליבע מיט אַ מיידל. עס איז נאָך דעמאָלט געווען די נאַיווע צייט פון סאָציאַליזם, ווען מ'האָט געגלויבט, אַז די אויפגאַבע פון סאָציאַליזם איז ניט נאָר צו שאַפן אַ העכערן טיפּ געזעלשאַפט נאָר אויך אַ ביאָלאָגיש העכערן טיפּ מענטש. אין יענער צייט האָט מען אויך געגלויבט, אַז אַלקאָהאָליזם גייט איבער בירושה. נו, געפינט אויס איינמאָל דער סאָציאַליסטישער העלד פון דער דראַמע אַז זיין געליבטער'ס פאָטער איז אַ שכור און אַף אַזוי ווייט אַ פאַרדאָרבענער מענטש, אַז ער האָט געוואָלט פאַר־גוואַלטיקן זיין אייגענע טאָכטער. דער העלד איז אַף אַזאַ אופן געשטעלט געוואָרן פאַרן פּראָבלעם: זאָל ער אויס־קלויבן די געליבטע און ברענגען אַ פאַרדאָרבענעם דור אַף דער וועלט, אָדער זיך אָפּזאָגן פון דער געליבטער צוליבן אידעאַל? ער קלייבט אויס דאָס צווייטע און די געליבטע מאַכט אַ סוף צו איר לעבן.

האופּטמאַנ'ס דראַמע האָט אין איר צייט געמאַכט אַ רושם, היינט אָבער זעט זי אויס זייער נאַיוו. ווייל אירע צוויי גרונט־יסודות זיינען איינגעפאַלן. אין דעם סאָציאַליזם רעדט מען מער ניט פון דעם ביאָלאָגישן העכערן מענטשן:

דאָס איז אין בעסטן פאַל געוואָרן אַן ענין פאַר די יוזשעני־קער. און אין דער וויסנשאַפט האָט מען זיך שוין לאַנג אָפּ־געזאָגט פון דעם געדאַנק אַז שכרות גייט איבער בירושה. און אַזוי האָט זיך אַ ליטעראַריש ווערק חרוב געמאַכט דורך דער וויסנשאַפט.

אַפּן זעלבן אופן זיינען איבסען'ס בעסטע ווערק אַלט געוואָרן פאַר דער צייט, ווייל זיי זיינען באַזירט געווען אַף וויסנשאַפטלאַכע באַגריפן פון ביאָלאָגישער ירושה וואָס זיינען אַלט געוואָרן; אַזוי אויך האָט אַ גרויסער טייל פון זאָלאַ'ס ווערק פאַרלוירן זייער קראַפט, ווייל די וויסנ־שאַפטלאַכע טעאָריעס אַף וועלכע זיי זיינען באַגרינדעט געוואָרן זיינען איצט איבערגעלעבט.

און פונדעסטוועגן איז ניטאָ איצט קיין וויכטיקע סאָציאַלע פילאָזאָפיע אָדער קיין גרויסע וויסנשאַפטלאַכע טעאָריע וואָס האָט ניט איר אָפּשפּיגלונג אין דער ליטע־ראַטור. דער קאָמוניזם אין דער פּראָלעטאַרישער ליטע־ראַטור און דער פאַשיזם אין דער יונג־איטאַליענישער — פון זיי איז שוין אָפּגערעדט. ה. ג. וועלס האָט כמעט די גאַנצע וויסנשאַפט פאַרוואַנדלט אין ראָמאַנען. פּיראַנדעלאָ האָט געמאַכט פאַר זיין קינסטלערישע טעמע די ר'עלאַטי־וויטעט פון געפילן. אפילו די פערטע דימענזיע האָט שוין געפונען איר קינסטלער, וואָס האָט זי אָנגעקליידט אין אַ מעשה (האָווארד הינטאָן: „סטעלאַ").

נאָר מער פון אַלץ, און אַף אַ מער פרוכטבאַרן אופן, איז אין דער ליטעראַטור פאַרוועגדט געוואָרן דער פרוידיאַ־ניזם. דער פרוידיאַניזם איז געבויט אַפּן יסוד פון געשלעכט און די ליטעראַטור אויך — וואָס איז נאַטירלאַכער אַז די ליטעראַטור זאָל זיך אָנכאַפּן אָן דער דאָזיקער לערע? די ליטעראַטור האָט געבאָרגט באַם פרוידיאַניזם אינהאַלט, פאָרם און סטיל. פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז אין דער היינ־טיקער ליטעראַטור גייט כמעט אָן אויסנאַם אונטערן צייכן

פון פסיכאָאַנאַליז. קיין זאַך, אויסער דער וועלט־מלחמה און דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט ניט אַזוי טיף באַווירקט די היינטיקע ליטעראַטור ווי די פרוידיאַנישע פסיכאָלאָגיע.

אָבער די פרוידיאַנישע פסיכאָלאָגיע איז סוף כּל סוף ניט מער ווי אַ ריכטונג, אַ שול, אַ טעאָריע, אין דער פסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט. עס קען זיין אַז זי וועט בלייבן אויף שטענדיק, אַזוי ווי דאַרווינ׳ס טעאָריע פון עוואָלוציע, און עס קען זיין אַז זי זאָל אומגעוואָרפן ווערן. קיין זאַך איז ניט פעסט אין דער וויסנשאַפט. די וויסנשאַפט איז נאָר אונזער בעסטער וויסן, אָבער איז ניט קיין אַבסאָלוטער וויסן. אפילו היינט איז דער פרוידיאַניזם ניט אַנערקענט פון דער גאַנצער פסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט־וועלט. מיטן פסיכאָאַנאַליזם האָבן מיר די אינטערעסאַנטע דערשיינונג וואָס ער איז מער פּאָפּולער באַם „מענטש פון גאַס״ איידער באַם געלערנטן, און צווישן פרויען מער ווי צווישן מענער.

וואָס וועט געשען מיט דעם גאַנצן ריזיקן געביט פון דער פרוידיאַניש־באַהויכטער ליטעראַטור אויב די פרוידיאַנישע טעאָריע וועט פאַרעלטערט ווערן אַזוי ווי עס איז פאַר־עלטערט געוואָרן די טעאָריע פון אַלקאַהאַליזם?

די דאָזיקע פראַגע האָט ניט סתם אַ טעאָרעטישן ווערט בנוגע דער צוקונפט נאָר אַ פּראַקטישן ווערט פאַר איצט אויך. מ׳קען זאָגן ווי אַ כּלל: אויב אַ ווערק טראָגט אין זיך די סכנה פון איבערוואַונדן ווערן שפּעטער קען עס שווין ניט זיין קיין גרויסווירקנדיק ווערק איצט, ווייל גרויסע ליטעראַטור האָט שטענדיק אין זיך עפּעס פון אַבסאָלוטן און אייביקן. זאָל דאָס זיין די סיבה פאַרוואָס די היינטיקע ליטעראַטור אימפּאָנירט אַזוי ווייניק — ווייל זי טראָגט שוין איצט אין זיך דעם אָנזאָג פון פריען פאַרבליען, און דאָס דערפאַר וואָס זי האָט אירע וואָרצלען פאַרפלאַנצט אין גרינגען באָדן פון צייטווייליקע טעאָריעס?

קיין זאַך ווייזט ניט קלערער ווי אַזוי די ליטעראַטור איז צוריקגעטראָטן פון איר אַמאָליקער הויכער פּאָזיציע ווי

דוקא איר באַציאונג צום פּראָווינציאַליזם און פאַרקערט, די באַ־ציאונג פון דעם פּראָווינציאַליזם צו איר. עס איז זייער כאַראַק־טעריסטיש, אַז איינער פון די וויכטיקסטע קוועלן פון וואַנען פרויד האָט געשעפּט באַווייזן פאַר זיין טעאָריע איז געווען די ליטעראַטור. פון דער ליטעראַטור האָט ער גענומען אַ גרויסן טייל פון זיין טערמינאָלאָגיע. דער אָדיפּוס־קאָמ־פּלעקס, צום ביישפּיל, איז געשאַפן אָפּן נאָמען פון די אָדיפּוס דראַמען אין דער גריכישער טראַגעדיע. פרויד איז געגאַנגען צו באַרימטע ווערק אין דער ליטעראַטור, צו ווערק פון שעקספּיר, לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, געטע, איבסען און האָט פון זיי געוויזן ווי אַזוי די דיכטער האָבן אין זייער קונסט געשילדערט אינטואיטיוו, דאָס וואָס ער האָט געפונען לויט וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן אין זיין קליניק. פרויד האָט זיך ניט געפוילט צו נעמען אַן אומבאַקאַנטע דערציילונג פון אַן אומבאַקאַנטן שרייבער, „גראַווידאַ" פון ווילהעלם יענסען, און איר געבן אַ ברייטן און טיפזיניקן אַנאַליז און זי אַרויסשטעלן פאַר אַ באַווייז און שטיצע פאַר זיין טעאָריע פון חלומות און אילוזיעס. איצט איז געקומען די ליטעראַטור און האָט איבערגעקערט די יוצרות און איז אַוועק נאָך באַ־גייסטערונג צום פּראָווינציאַליזם. אין אַנדערע ווערטער, אַ טעאָריע וואָס האָט לכתחילה געשעפּט כח פון דער ליטעַ־ראַטור האָט די ליטעראַטור שפּעטער געמאַכט פאַר איר פּירערין און וועגווייזערין. דאָס הייסט: אין געביט פון פּסיכאָלאָגיע האָט די ליטעראַטור אָפּגעטראָטן דעם אויבנאָן דער וויסנשאַפט.

פרויד האָט דאָ געהאַט אַ געזינטערע באַציאונג צו דער ליטעראַטור ווי די ליטעראַטור האָט אָנגענומען בנוגע זיך אַליין אונטער דער השפּעה פון זיין וויסנשאַפט.

פרויד האָט דאָ געהאַט אַ געזינטערע באַציאונג צו דער לערישן שאַפן בכלל, דעם כח צו וויסן אַליין, בלינדערהייט, אומבאַוואוסטזיניק, אַלץ וואָס די פּסיכאָאַנאַליטישע וויסנ־שאַפט האָט דערפאַרשט מיט וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן.

אָבער די ליטעראַטור גופא האָט פּראָוואָרפּן איר אינטואיציע און בעסער אָנגענומען די וויסנשאַפטלעכע פאָרמולעס פון דער פּסיכאָלאָגיע. באַלזאַק, דאָסטאָיעווסקי, פּשיבי־שעווסקי האָבן געקענט פּסיכאָאַנאַליטישע פּסיכאָלאָגיע אַז פרויד׳ס פאָרמולעס.

עס וואָלט פאַרפירט צו ווייט צו באַטראַכטן דאָ דעם גאַנצן שאָדן וואָס די ליטעראַטור האָט זיך אַליין אָנגעטאָן דערמיט. זינט מען האָט אָנגעהויבן טעאָרעטיזירן וועגן דער ליטעראַרישער קונסט און פאַרשטיין אירע געזעצן — און דאָס איז שוין זייער לאַנג — ווייס מען, אַז די ליטעראַטור פאַר־טראָגט ניט קיין פילאָזאָפישע טעזיסן, קיין פּריידיקן, קיין מאָראַליזירן. וואָרום אַ פילאָזאָפיע און אַ טעזיס אין אַ קונסט־ווערק איז אַ פאַרזוך צו געבן אַ פאָרמולע פון יענעם שטיק לעבן, וואָס איז אין יענעם ווערק אַנטהאַלטן. נאָר ווי פּשוט עס זאָל ניט זיין דאָס דאָזיקע שטיקל לעבן און ווי טיף עס זאָל ניט זיין די פילאָזאָפישע פאָרמולע, בלייבט אַלץ דאָס דאָזיקע לעבן דורך יענער פאָרמולע ניט אויפגעקלערט — ווייל דאָס לעבן, אין זיין קלענסטן ווי אין זיין גרעסטן, איז אַ געהיימניס נישט אויפצוקלערן. און פון דאַנען ווערט פאַר־שטענדלאַך פאַרוואָס טעזיס־ליטעראַטור גיט קיינמאָל ניט קיין עסטעטישע באַפרידיקונג: דרינגען פון (קליינער) פילאָזאָפיע אַף (גרויסן) לעבן גיט דעמזעלבן „שאָק״ אונזער עסטעטיק וואָס דאָס דרינגען פון פּרט אַף כּלל גיט אונזער לאָגיק. די דאָזיקע עסטעטישע קאַטעגאָריע האַרמאָניזירט מיט דער לאָגישער קאַטעגאָריע.

זאָל דאָס הייסן אַז די ליטעראַטור דאַרף זיך אָפּשליסן פון דער צייט און אירע איינפלוסן?

ווען דאָס וואָלט אַזוי געווען, וואָלט עס געמיינט, וויי־ניקסטנס טעאָרעטיש, אַז די ליטעראַטור וואָלט אייביק געדאַרפט בלייבן באַם פּרימיטיוו. אָבער עס איז פאַראַן אַ וויכטיקער אונטערשייד צווישן צייט און מאָדע. די היינטיקע

ליטעראטור ווייזט ארויס א צו שטארקע נייגונג אויפצו־
כאפן די מאָדע.

וואס איז „מאָדע" און וואס איז „צייט"? די לערע
פון פסיכאאנאליז איז נאך מאָדע, די לערע פון עוואָלוציע
איז שוין צייט. די לערע פון עוואָלוציע איז אויך א פראָ־
דוקט פון דער איצטיקער עפּאָכע, אָבער זי האָט שוין אינ־
גאנצן דורכגעדרונגען אונזער באוואוסטזיין. זי איז שוין
געוואָרן א טייל פון אונז און מיר טראכטן שוין גאָרניט
וועגן איר, מיר פילן זי שוין. און ניט נאָר שאָקירן אונז
ניט, נאָר עס דריקן אויס אונזער טיפסטן מאָדערנעם געמיט
אזעלכע שורות ווי:

My veins are streets. Millions of men rush through them.
Which, in this terrible multitude is I?
(Conrad Aiken).

שורות וואס דריקן אויס דעם פּרינציפּ פון עוואָלוציע פון
אומענדלאכע דורות אף דורות; אָדער שורות ווי די פאָלגנ־
דיקע וועגן דער חיה וואס

Restless and hungry, still it moves and slays
Feeding its beauty on dead beauty's bones,
Most merciless in all 'ts million ways,
Its breath for singing bought by dying groans.
(John Masefield).

שורות וואס דריקן אויס דעם תמצית פון דארווינ'ס לערע
פון „קאמף פאר עקזיסטענץ" און אנטוויקלונג פון פאָרם אין
דער נאטור.

דאָס איז „צייט" וואס איז שוין געוואָרן געמיט און
פון געמיט איז זי שוין ראווי פאר קונסט.

אָבער פּרווידיאניזם איז נאך מאָדע און קען נאך פאר
קונסט ניט פארווענדט ווערן. ווען איר זעט אָדער לייענט
א פּרווידיאניש שטיק ווי יודזשין אָניל'ס „דער עלעקטרא
פאסט טרויער" הערט עס אויף גרויס צו זיין אין דעם
אויגנבליק ווען עס ווערט אייך קלאָר אז דער דיכטער גייט

דאָ נאָך אַ באַשטימטע פּרווידיאַנישע פאָרמולע: ווייל אין יענעם אויגנבליק הערט איר אויף זיכער צו זיין צי עס רעדט דאָ צונ'אייך דאָס לעבן אָדער פּרויד...

אין די ערשטע צייטן ווען עס האָט אָנגעהויבן אויפצו־קומען דער מאָדערנער סוחר'ישער קלאַס, האָבן די פּאָר־טרעטן־מאָלער געהאַט אַ געוויסע פאָרמולע ווי אַזוי איבער־צוגעבן דעם פאַקט, ווען זייער סוביעקט איז געווען אַ סוחר. אַ ספּעציעלע כאַראַקטעריסטיק פון דעם סוחר'שן קלאַס אין יענער צייט איז געווען — דאָס בריוו־שרייבן. אין די אַנדערע שיכטן האָט מען פון קיין בריוו־שרייבן כמעט ניט געוואוסט. איז ווען אַ מאָלער פלעגט מאָלן דעם פּאָרטרעט פון אַ סוחר פלעגט ער אויסמאָלן אַ מענטשן מיט אַ בריוו אין האַנט...

דער בריוו האָט באַטייט — אַ סוחר. מען קען נאָך זען אַזעלכע פּאָרטרעטן אין די מוזייען.

אַ ליטעראַריש ווערק ווי אָניעל'ס „עלעקטראַ", אַ ווערק מיט אַ פאָרמולע — יעדער פאָרמולע, ניט נאָר אַ פּסיכאָ־אַנאַליטישע — איז אַזאַ סוחר מיט אַ בריוו אין האַנט.

דער פּסיכאָאַנאַליזם האָט זיך אויך געפונען אַ שול אין דער קריטיק. האָבן מיר ליטעראַטור געשריבן באַוואוסט־זיניק לויטן פּסיכאָאַנאַליטישן רעצעפּט און קריטיק וואָס אַרבעט לויטן זעלביקן פּסיכאָלאָגישן רעצעפּט. אָבער וואָס פאַראַ זין האָט עס ווען דער קריטיקער זוכט אויפצודעקן דעם שרייבער'ס „קאָמפּלעקס" ווען דער שרייבער אַליין האָט באַוואוסטזיניק געזוכט דעמזעלבן קאָמפּלעקס בײַ זיינע העלדן? וואָרום וואָס איז דען דער פּסיכאָאַנאַליזם? אַ מעטאָדע צו ראַציאָנאַליזירן אונזער איראַציאָנאַלע פּסיכאָ־לאָגיע, אַרויפצוברענגען צום קלאָרן באַוואוסטזיין דעם אומ־קלאָרן אונטערבאַוואוסטזיין. אָבער ווען די ליטעראַטור און קריטיק גייען לכתחילה צו צו זייער אַרבעט מיט דער ראַציאָנאַליזירנדיקער מעטאָדע, צעשטערן זיי שוין דערמיט

אַליין דעם אונטערבאַוואוסטזיין, צערודערן אים און מאַכן אים ווערטלאָז ווי אונטערבאַוואוסטזיין. מיר קענען קיינמאָל ניט באַאָבאַכטן אונזער אייגענע פּסיכאָלאָגיע ווי זי אַרבעט אומבאַאָבאַכטערהייט.

עס איז דאָ, קעגן טענדענץ-ליטעראַטור, איינצואווענדן פון טויזנט זייטן. ניט די קלענסטע איינווענדונג איז — לאַנגווייליקייט. ווען הונדערטער שרייבער נעמען זיך האַמערן אַף איין פּונקט און אין איין סטיל מוזן זייערע ווערק ווערן לאַנגווייליק. די פּסיכאָאַנאַליטיש-אָריענטירטע ליטעראַטור איז איין באַווייז. די ליטעראַטור וואָס אָריענ־טירט זיך אַפן מאַרקסיזם איז אַ צווייטער באַווייז. לייענט מען איין שרייבער איז גלייך ווי מען האָט געלייענט אַלע. אָבער עס קיין ניט זיין אַז דאָס לעבן איז אַזוי איינטאָניק ווי סיי די פּסיכאָאַנאַליטיקער סיי די מאַרקסיסטן ווילן האָבן.

אָבער די ליטעראַטור פון טענדענצן און פאָרמולעס טראָגט פאַר זיך אַליין נאָך אַ גרעסערע סכנה ווי איינטאָניקייט און לאַנגווייליקייט: זי טראָגט אַ טענדענץ זיך אינגאַנצן איבעריק צו מאַכן, זיך אָפּצומעקן. מיר האָבן שוין אויבן געזען: אין אַ געביט וואוהין די וויסנשאַפט גרייפט אָן מוז די ליטעראַטור צוריקטרעטן. ניט אַליין דערפאַר וואָס די אויפגאַבע פון דער ליטעראַטור איז ניט צו דערקלערן, נאָר צו פאַרשטיין; נאָר דער עיקר דערפאַר, וואָס אין וויסן קען זיך די ליטעראַטור קיינמאָל ניט אויסגלייכן מיט דער וויסנשאַפט. ווען למשל, די סאָציאַלע וויסנשאַפט איז אַזוי פאַרצווייגט און פאַרטיפט ווי אין אונזער צייט, און פאַר־זען מיט אַזאַ שאַרפער און ראַפינירטער מעטאָדיק—וואָס קען אַ קינסטלעריש ווערק צוטראָגן צום טעאָרעטישן אָדער פּאַקטישן וויסן פון קאָמוניזם, סאָציאַליזם אָדער קאַפּי־טאַליזם? און כדי צו קענען דעם פּסיכאָאַנאַליזם — וואו־הין זאָל איינער בעסער גיין: צו אַן „אויסגעטראַכטן" ראָמאַן וואָס באַצייכנט זיך, ווי עס איז געוואָרן די מאָדע,

„פראווידיאַנישער ראָמאַן“, אָדער צו פּרויד'ס אייגענע, אויטענ־טישע, פון זיין קליניק אַנטנומענע „קראַנקענגעשיכטן“?

בפרט נאָך אַז אַ פּרויד שרייבט היינט אויך ווי אַ קינסטלער...

און דאָ קומען מיר צו איינער פון די סאַמע וויכטיק־סטע דערשיינונגען אין דער מאָדערנער ליטעראַטור.

די ראָמאַנישע פילאָזאָפן, ווי פיכטע, למשל, האָבן גע־שטעלט די קונסט איבער אַלץ. זיי האָבן געזען אין דעם קונסטווערק דעם העכסטן אויסדרוק פון מענטשלאַכן גייסט. די היינטיקע פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט, אין זייער גרויסן רוב, לערנען אויך דאָס אייגענע, מער ניט, זיי האַלטן אַז וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע זיינען אויך קונסט.

דזשאַן לאַנגדאָן־דייוויס, למשל, שרייבט אַז „דער דראַנג צו אַנטדעקן אַ וויסנשאַפטלאַכן פאַקט אָדער צו פאַרפולקאָמען אַ וויסנשאַפטלאַכע טעאָריע איז גענוי דער זעלבער ווי דער דראַנג צו שרייבן אַ פּאָעמע — און עס איז פאַלש אָפּצוטיילן צווישן וויסנשאַפט און קונסט: ביידע זיינען זיי קינדער פון דער פאַנטאַזיע און ביידע זיינען זיי מעטאָדן צו אַנטדעקן און געניסן שיינקייט“. דזשיימס דזשינס זאָגט: „די געזעצן לויט וועלכע עס גייט די נאַטור דערמאָנען ווייניקער אָן די געזעצן פון אַ מאַשין ווי אָן די געזעצן וואָס דער מוזיקער פאָלגט שרייבנדיק אַ פוגע אָדער דער פּאָעט קאָמפּאָנירנדיק אַ סאָנעט“. גראַף הערמאַן קאַיזערלינג האָט אָנגעשריבן אַ בוך מיטן כאַראַקטעריסטישן נאָמען „די פילאָזאָפיע אַלס קונסט“ און זיין גאַנצע שול פון „לעבנס ווייזהייט“ איז אַ שול פון לעבן און דענקען ווי אַ קונסט. און עס איז באַקאַנט איינשטיינ'ס געדאַנק, אַז די העכסטע קונסט און די העכסטע וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע קומען פון איין קוואַל. זיין אייגענער קינסטלערישער נאַטור האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס וואָס זיין

לערע איז אזוי גרינג פארשפרייט געווארן אין דער וועלט. ער האט דער ערשטער באוויזן דעם וואונדער צו דעראבערן די וועלט, דעם למדן און דעם הדיוט צוגלייך, מיט דער שיינקייט פון מאטעמאטישע פארמולעס.

און אט דער באוואוסטזיין פון דער פילאזאפיע און וויסנשאפט, אז זיי זיינען אין תוך קונסט, האט געשאפן א נייעם סטיל אין יענע צוויינגן. קיינער וועט ניט קענען לייקענען דעם פאקט, אז די גרעסטע ווערק פון אונזער צייט, די ווערק מיט די בעסטע שריפטשטעלערישע אייגנשאפטן — סאלידע קולטור, חוש פאר קראפט און ריטם פון ווערטער, קלארע קאמפאזיציע, פיינע באטאנונג, פסיכאלאגישע טיפ־קייט און שארפע געדאנקען — געפינט מען היינט ניט אין דעם געביט פון בעלעטריסטיק, נאר אין דער פילאזאפיע, וויסנשאפט און געשיכטע. בערגסאן האט עס אנגעהויבן אין פראנקרייך און ניטשע אין דייטשלאנד. איבערהויפט איז אין דייטשלאנד ווייט אוועק די אנטוויקלונג פון פילא־זאפישן סטיל אין דער קינסטלערישער ריכטונג. די שווער־קייט פון די דייטשישע פילאזאפן איז געווען א שם־דבר. קאנט האט זיך אליין באקלאגט אף דער פארפלאנטערטקייט פון זיין „דארשטעלונג" און כדי צו מאכן זיינע ווערק צוגענגלאכער האבן אנדערע זיי א פאר מאל איבערגעשריבן. שאפענהאוער האט פיכטען און העגעלן געשאלטן מיט טויטע קללות פאר זייערע פארפלאנטערטע געדאנקען און שפראך „וואס זיינען אליין געגנוג — האט ער געזאגט — צו פארא־ליזירן דעם מארך". היינט אבער ווערן אין דייטשלאנד געשריבן פילאזאפישע ביכער מיט פאעטישן סטיל. גע־האלפן דערצו האט דער עיקר — די פארטונקעלונג פון דער מעטאפיזיקע. עס איז שוין אין א פריערדיקן קאפיטל גערעדט געווארן ווי אזוי, אונטערן דרוק פון דער וויסנ־שאפט, איז די ריין ספעקולאטיווע פילאזאפיע צוריקגע־טראטן, און פון דער מעטאפיזיקע איז זי אריבער צו די סאציאלע, ד. ה. די נענטער מענטשלאכע וויסנשאפטן. און

דאָ האָט דער גאַנצער גאַנג פון דעם סטיל זיך געביטן. און גרויסע, ריזיקע, טיפע ווערק, מאָנומענטן פון מענטשלאַכן געדאַנק, ווערן דאָ געשריבן, וואָס לייענען זיך ווי ראָמאַנען. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן, ווי ביישפּילן, קאַיזערלינג׳ס „רייזע־טאָגעבוך איינעם פילאָזאָפן", טעאָדאָר לעסינג׳ס „אייראָפּע און אַזיען", בעלטשע׳ס „די ליבע אין דער נאַטור", מארטין בובער׳ס „חסידישע ביכער", און עמיל לודוויג׳ס מאָרואַ׳ס און סטרעיטש׳ס ביאָגראַפיעס. נאָך דעם גרעסטן טריאומף אין דעם דאָזיקן זשאַנר שטעלט פאָר שפּענגלער׳ס „אונטערגאַנג דעם אבענד־לאַנדעס" (דער אונטערגאַנג פון אייראָפּע). דאָס איז אַ „פילאָזאָפיע פון געשיכטע", אָבער וואָס פאַר אַ געוואַלטיק קונסטווערק דאָס איז! וואָס פאַרא פאַנטאַסטיק דאָ איז אַריינגעלייגט, וואָס פאַרא פּאָעטישע בילדער־רייכקייט, וויפיל טעמפּעראַמענט, וויפיל פייער, וויפיל דיכטערישע וויזיע! און וויפיל איינבליק און גריב־לעריי אין דער נשמה פון מענטשן, פעלקער, לענדער, עפּאָכן, קולטורן!

מען מעג ניט מסכים זיין מיטן געדאַנקן־גאַנג אַליין פון דעם ווערק, אָבער יעדערער מוז זיך בויגן פאַר זיין פּאָעטישער גראַנדיעזקייט. און אויך דאָס דאָזיקע ווערק — וואָס איז גרעסער ווי טאָלסטאָי׳ס „קריג און פרידן", און דאַרף פאַרנעמען אַ פּלאַץ באַ דער זייט פון באַלזאַק׳ס „מענטשלאַכער קאָמעדיע" — איז אין דייטשלאַנד גע־לייענט געוואָרן „ווי אַ ראָמאַן". עס איז זיך צעגאַנגען אין צענדליקער טויזנטער קאָפּיעס און דינסטמיידלאַך האָבן עס דיסקוסירט. זיין פּאָעטישער קראַפט צו פאַרדאַנקען איז דאָס ווערק אויך דורכגעדרונגען ווייט און ברייט איבער דער וועלט.

נאַטירלאַך, אַזעלכע ווערק ווערן ניט געשריבן יעדן טאָג, אַזוי ווי אַ „קריג און פרידן" ווערט ניט יעדן טאָג געשאַפן. אָבער „דער אונטערגאַנג דעם אבענדלאַנדעס" האָט באַוויזן ווי ווייט די פילאָזאָפיע קען אַליין ווערן ליטעראַטור. פראָ־

מעטעום האָט צוגע׳גנב׳עט דעם פייער בא צעוסן... וואָס וועט געשען מיט דער ליטעראַטור ווען קאַנט וועט אָנהויבן שרייבן ווי טאָלסטאָי, און איינשטיין וועט ווערן זיין אייגע־נער זשול ווערן?...

דאָס לעצטע איז געזאָגט א „טרויעריקן״ אמת אין שפּאַסיקער פאָרם. דאָס איז נאָר געטריבן צום ווייטסטן עקסטרעם דעם זין פון א טענדענץ אין דער היינטיקער שריפטשטעלעריי. אָבער די טענדענץ איז געוויס פאַראַן. און ניט נאָר אין דייטשלאַנד נאָר אויך אין אַנדערע לענדער. העוועלאָק עלים טעאָרעטיזירט וועגן ליבע שענער ווי ניין פון יעדע צען ראָמאַניסטן. דזשיימס דזשינס און אַרטור עדינגטאָן שרייבן פון זייערע וויסנשאַפטן מיט דער לייכט־קייט און לעבעדיקייט פון פראַנצויזישע סקיצן־שרייבער. מעטערלינק שרייבט א בוך וועגן בינען, וואָס פאַרטונקלט זיינע דראַמען, און א רוסישער אינזשעניר פאַרפאַסט א קינדער־ביכל וועגן דעם פינפיאָריקן פּלאַן וואָס ווערט אין דער גאַנצער וועלט באַגריסט ווי א מייסטערווערק.

אין אַנדערע ווערטער: דאָס איז די עסיי־פאָרם וואָס מאָנטעין האָט פאַרפלאַנצט מיט איבער דריי הונדערט יאָר צוריק, און וואָס האָט אין אונזער צייט זיך אויסגערייפט און ווייזט אַרויס אַזא קאָלאָסאַלע קראַפט. דער אויפגאַנג פון דער עסיי ווי א קינסטלערישער זשאַנר איז אפשר די וויכטיקסטע דערשיינונג אין דער ליטעראַטור־געשיכטע פון אונזער צייט. מען קען שוין דוכט זיך איצט מיט א גרויסער מאָס זיכערקייט זאָגן אַז די עסיי וועט ווערן די טיפּישע ליטעראַרישע פאָרם פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַזוי ווי דער ראָמאַן איז געווען דער ליטעראַ־רישער אויסדרוק פון נײַנצנטן. די עסיי קען דעפינירט ווערן ווי א ליטעראַרישער זשאַנר וואָס שטרעבט צו געבן קינסטלערישע פאָרם צו געדאַנק, פּלאַסטישע געשטאַלטונג צו אידייע. דער הויפּט כח פון דער עסיי באַשטייט דערין, וואָס זי נעמט אין זיך אַריין די בעסטע אייגנשאַפטן פון

דער פּובליציסטיק, — אידייע און גייסט, און די בעסטע אייגנשאַפטן פון דער בעלעטריסטיק — בילד און עמאָציע. פאַר דער פּובליציסטיק מיינט עס אַ פאָרטשריט, פאַר דער בעלעטריסטיק מיינט עס — אַ ריקגאַנג, אַן אָפּשוואַכונג פון יענער העגעמאָניע, וואָס זי האָט אַזוי רייך גענאָסן אין ניינצנטן יאָרהונדערט.

קיינער דאַרף ניט און קיינער קען ניט געבן דער ליטעראַטור „אינסטרוקציעס“. נאָר אָפּן סמך פון באָאָבאַכטונג לאָזט זיך מאַכן דעם אויספיר, אַז אָנשטאָט נאָכצולויפן דער וויסנשאַפט דאַרף די ליטעראַטור שטענדיק צוריקטרעטן אין יענע געביטן וואָס בלייבן פאַר דער וויסנשאַפט טונקל. דעריאָגן די וויסנשאַפט וועט זי סיי־ווי ניט. די מענטשלאַכע נשמה איז אַזוי באַשאַפן אַז בלאָנדזשענישן זיינען איר אַזוי וויכטיק ווי זיכערקייטן. זיכערקייט געהער דער וויסנשאַפט, בלאָנדזשעניש — דער ליטעראַטור. די וויסנשאַפט איז דעם מענטשנ'ס צוויי אויגן; די קונסט איז זיין דריט אויג. די וויסנשאַפט איז זיינע פינף חושים, די קונסט — דער זעקסטער.

## V

## די ליטעראַטור אַף אונטערגעגראָבענע יסודות

די וועלט־קאַטאַסטראָפע פון 1914 האָט צעטרייסלט די יסודות פון דער געזעלשאַפט און דערמיט די יסודות פון דער ליטעראַטור.

קודם — די מאָראַלישע יסודות.

די ליטעראַטור פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָט געזעגלט אונטערן צייכן פון עוואָלוציע. און עוואָלוציע האָט געמיינט פּראָגרעס, דאָס הייסט, אַ גאַנג פון נידעריק צו העכער, פון וויייניק קאָמפּליצירטן צו מער קאָמפּליצירטן. אַריבערגעטראָגן אַפן מענטשלאַכן געביט, האָט פּראָגרעס געמיינט

פאַרשריט ניט נאָר אין ביאָלאָגישן, נאָר אויך אין עטישן זין, אַנטוויקלונג פון ערגערן צום בעסערן, פון גרעבערן צום איידעלערן.

די דאָזיקע אידייע פון פּראָגרעס אַלס עטיק, וואָס האָט באַהערשט אייראָפּע אין די ערשטע יאָרן פון דאַרוויניזם און בכלל פון דער לערע פון עוואָלוציע, האָט די ליטעראַטור אַנגענומען פון די סאָציאַלע וויסנשאַפטן און זי געמאַכט פאַר איר קאַמפּאַס און איר פירנדיקן שטערן. דער אומענד־לאָכער ויכוח צווישן דער טעאָריע פון „קונסט פאַר קונסט" און דער טעאָריע פון קונסט ווי סאָציאַלע קריטיק איז אייגנטלאַך געווען נאָר אַ קאַמף אַרום דער פראַגע צי איז די ליטעראַטור אַ „זאַך פאַר זיך" אָדער אַ מיטל צו אַ העכערן ציל. גובר געווען האָט דער עטישער פּרינציפּ אין דער ליטעראַטור. די גרעסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דעם ראָמאַן אין דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט — ווי טאָלסטאָי, דאָסטאָ־יעווסקי, זאָלאַ, דיקענס — און די גרעסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער דראַמע — ווי איבסן און האַופּטמאַן — האָבן אַנערקענט אַז די ליטעראַטור דאַרף דינען דער אידייע. און אפילו די „קונסט פאַר קונסט" ריכטונג האָט ניט אָפּגעלייקנט דעם מאָראַלישן ווערט פון דער ליטעראַטור; זי האָט נאָר גע'טענה'ט, אַז אַ קונסטווערק דאַרף זיך ניט שטעלן דעם צוועק צו דערציען דעם מענטשן מאָראַליש: ווען דאָס קונסטווערק באַווירקט דעם מענטשן עסטעטיש, דערהויבט עס אים שוין במילא אויך עטיש. אין תוך, הייסט עס, האָבן אַלע ליטעראַרישע ריכטונגען אײַנגעשטימט אַז די שיינע ליטעראַטור איז אַ פּראָגרעסיווער כח, אַ פאַקל וואָס פירט צום בעסערן מענטשן.

די שיינע ליטעראַטור האָט אפילו געוואַגט צו קוקן אַף זיך ווי אַפן וויכטיקסטן עטישן כח, ווי אַפן ליכטיקסטן פאַקל, וויכטיקער און ליכטיקער ווי די רעליגיע און די סאָציאַלע פילאָזאָפיע. וואָרום די רעליגיע איז אין נײַנצנטן יאָרהונדערט אומעטום געשטאַנען אין שאָטן, און די פילאָ־

זאָפיען זיינען גייסטיקע דיסציפּלינען וואָס רעדן צום פאַר־שטאַנד, בשעת די ליטעראַטור רעדט צום האַרצן; און מאָראַל איז אַן ענין פונם האַרצן.

דער דאָזיקער אילוזיע פון דער ליטעראַטור האָבן נאָך צוגעדינט אַ סך פאַקטאָרן, דער ווילכטיקסטער — די אַלגעמיינע פאָלקסבילדונג וואָס האָט מיט דער אינדוס־טריעלער אַנטוויקלונג און מיטן וואוקס פון דעמאָקראַטיע, זיך פאַרשפּרייט איבערן גרעסטן טייל פון אייראָפּע און אַמעריקע. דאָרט וואו פריער זיינען געווען צענדליקער לעזער זיינען איצט געוואָרן מיליאָנען, און די מיליאָנען האָבן מער פון אַלץ געלייענט די שיינע ליטעראַטור. קיינמאָל פריער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט האָט די שיינע ליטעראַטור ניט געהאַט אַזאַ פאַרשפּרייטונג ווי זי האָט געקראָגן אין ניינצנטן און אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט.

און די ליטעראַטור האָט אויפריכטיק געגלויבט, אַז זי וועט דערציען אַ נייע מענטשהייט. זי דאַרף נאָר דורכגיין דורך די הערצער פון די מענטשן־מאַסן, דורכגליען זייער בלוט, פאַנאַנדערצינדן זייער פאַנטאַזיע, ווייזן זיי אין איר שפּיגל די מיאוסע זייטן פון מענטשלאַכן כאַראַקטער און אויסמאָלן פאַר זיי דעם אידעאַלן מענטשן, און די מאַסן און פעלקער וועלן באַנייט ווערן, דערהויבן און געלייטערט ווערן, און עס וועט געבוירן ווערן אַ נייע וועלט, אַ שיינע און גערעכטע, אַ וועלט פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידער־לאַכקייט. מען דאַרף די מענטשן נאָר אויפקלערן. „ווייסן איז געוויסן".

מיט דער דאָזיקער אילוזיע האָט די ליטעראַטור גע־לעבט ביז 1914.

אין 1914 איז געקומען די וועלט־מלחמה און האָט באַוויזן, אַז די געבילדעטע און דערצויגענע מענטשהייט איז געווען נאָר ווי יענע איידל־דערצויגענע קאַץ, וואָס האָט

פארגעסן איר גאַנצע דערציאונג אין דעם אויגנבליק וואָס זי האָט דערזען אַ מויז.

ווען די מלחמה איז שוין געווען אין פולן ברען האָט מען זיך נאָך אַלץ ניט געקענט פאָרשטעלן אַז זי איז מעגלאָך. ווי קען עס זיין, האָט מען געפרעגט, אַז דאָס גרויסע דייטש־לאַנד וועט באַפאַלן דאָס קליינע בעלגיע? עס איז דאָך ניט עטיש! און ווי איז עס מעגלאָך, אַז דער דערצויגענער פראַנצויז און דער באַלעזענער דייטש וועלן באַפאַלן איינער דעם אַנדערן ווי פשוטע חיות אין וואַלד?

עס קען ניט זיין! — האָט מען גע׳טענה׳ט — „עס וועט ניט אויסהאַלטן!"

אָבער עס האָט אויסגעהאַלטן. צוערשט די מלחמות און דערנאָך די רעוואָלוציעס.

גנבה, גזילה און רציחה, שרפה, הרג און חנק, פאַלש־קייט, באַטרוג, פאַראַט — אַלע טויטלאַכע זינד האָבן ווי אַ מבול פאַרפלייצט די וועלט.

און דער דאָזיקער מבול האָט אונטערגעפלייצט די יסודות פון דער ליטעראַטור.

אָבער דער ליטעראַרישער קינסטלער דאַרף האָבן נאָרמען, פעסטע באַגריפן פאַר זיין ווערק, ווי דער מוליאַר פעסטע ציגל פאַר זיין בנין.

לאָמיר נעמען ווי אַ ביישפּיל דאָסטאָיעווסקי׳ס „פאַר־ברעכן און שטראָף", איינס פון די קלאַסאַלסטע ווערק אין ניינצנטן יאָרהונדערט. די טעמע איז באַקאַנט: אַ יונגער־מאַן, וואָס האָט זיך געפילט פאַר אַן איבערמענטש, כדי צו קענען דערגרייכן זיינע הויכע צילן, דערמאָרדעט ער און באַרויבט אַן אָפּגעלעבטע אַלטיטשקע. אָבער זיין אייגענער געוויסן און די געזעלשאַפטלאַכע גערעכטיקייט דערפירן אים צו אַ טראַגישן סוף.

וואָס איז דער יסוד אַף וועלכן דאָס ווערק איז געבוים?

דער מאָראַלישער באַגריף פון דער הייליקייט און אומ־באַרירלאַכקייט פון מענטשלאַכן לעבן.

פאַרוואָס לעבן איז אַזאַ הייליקע און טייערע זאַך איז דאָ ניט די פראַגע. אפשר דערפאַר, וואָס דאָס איז די גרעסטע געהיימנים אין דער וועלט. אפשר דערפאַר, וואָס דאָס איז די ציטעריקסטע זאַך אין דער וועלט. אפשר דער־פאַר, וואָס דאָס איז די איינציקע זאַך אין דער וועלט, וואָס איז אינגאַנצן פאַרגענגלאַך. אַלץ וואָס עקזיסטירט איז אייביק: עס קען ניט אונטערגיין; עס קען נאָר בייטן די פאָרם. בלויז לעבן, ווען עס גייט אונטער, גייט עס אונטער אַבסאָלוט. און לעבן נאָכן טויט — קיינער ווייס עס ניט, קיינער האָט עס ניט פאַרזוכט, און אפילו די וואָס גלויבן דערין ווייסן ניט צי עס איז דאָרט די אייגענע זאַך וואָס דאָ. דאָס איז אָבער דאָ אַ זייטיקער ענין. וויכטיק איז און קלאָר איין זאַך: ווען אין דאָסטאָיעווסקין וואָלט ניט געלעבט דאָס געפיל פון דער הייליקייט און אומבאַריר־לאַכקייט פון לעבן, וואָלט ער ניט געקענט אויפבויען אַזאַ ריזיקע דראַמע איבערן מאָרד פון אַן אָפּגעלעבטער זקנה. און ווידער: אין אַ געזעלשאַפט, וואָס וואָלט ניט געווען אויפגעצויגן אַף אַזאַ געפיל, וואָלט „פאַרברעכן און שטראָף" ניט געקענט דערגיין צו אַזאַ ווירקונג און דערגרייכן אַזאַ חשיבות, ווי עס האָט דערגרייכט אין רוסלאַנד און אין דער גאַנצער וועלט.

וואָס איז אָבער היינט, נאָך 1914?

זינט 1914 ווען צוועלף מיליאָן יונגע לעבנס זיינען אויסגעראָטן געוואָרן; ווען עס איז ניטאָ כמעט קיין הויז אַן אַ דערמאָרדעטן און קיין הויז אַן אַ מערדער,—אין אַזאַ צייט האָט לעבן געמוזט ווערן אַ לייכטער ענין, אַ ביליקע זאַך. און אין אַזאַ צייט, וואָס איז די לאַגע פון אַ קונסטווערק ווי „פאַרברעכן און שטראָף"? ניט דער אַלטער „פאַרברעכן און

שטראָף" קען אויפהאַלטן זיין אַמאָליקע באַדייטונג, ניט אַ נייער „פאַרברעכן און שטראָף" קען געשריבן ווערן. פון ביידע צדדים איז אַזאַ ווערק אומעגלאַך געוואָרן: מצד דעם דיכטער און מצד דעם לעזער. עס איז איינפאַך אונטער־געגאַנגען די פסיכאָלאָגיע פון וועלכער אַזאַ ווערק האָט געקענט אויפקומען און צו וועלכער אַזאַ ווערק וואָלט געקענט רעדן. עס איז איינגעפאַלן אַ יסוד וואָס האָט צעטרייסלט דעם ליטעראַרישן בנין.

אַ צווייטער ביישפּיל מיט אַן אַנדער מאָראַלישן יסוד: שעקספּיר'ס „קעניג ליר". די טעמע: די אומדאַנקבאַרקייט און גרויזאַמקייט פון קינדער צו עלטערן. אויך דאָס דאָזיקע ווערק האָט געקענט אַנטשטיין און אויפשטייגן נאָר אַנטקעגן דעם הינטערגרונט פון אַ געוויסער געזעלשאַפטלאַכער נאָרם, פון אַ באַשטימטער איינגעפונדעוועטער פילאָזאָפיע, די פילאָ־זאָפיע פון „כבד את אביך ואת אמך". פאַרוואָס איז כבוד פאַר עלטערן אַזאַ הייליקע זאַך? די באַדייטונג פון דעם דאָזיקן גרונט־זאַץ פון די „עשרת הדברות" ווערט באמת קלאָר, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז עס איז געווען אַ צייט, ווען אַז אַ טאַטע־מאַמע פלעגן אַלט ווערן און מער ניט קענען אַליין שאַפן פאַר זייער חיונה, פלעגט זייער שבט, און זייערע קינדער, זיי — טויטן און אויפעסן. אַ העכערע מדרגה פון קולטור איז שוין געווען, ווען מען פלעגט אויפהערן אַלטע לייט צו עסן, נאָר מען פלעגט זיי איבערלאָזן אין פעלד — וועלף זאָלן זיי אויפעסן, אָדער זיי זאָלן אַזוי אומקומען.

ווען מען דערמאָנט זיך אין דעם דאָזיקן פאַקט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, דעמאָלט קען מען ערשט רעכט שאַצן דעם זין און די באַדייטונג פון דעם געבאָט, „כבד את אביך ואת אמך". און נאָר אין אַ געזעלשאַפט־לאַכער פסיכאָלאָגיע אין וועלכער דער דאָזיקער געבאָט איז געוואָרן אַ צווייטע נאַטור, האָט געקענט געשאַפן ווערן און אָפּגעשאַצט ווערן אַ ווערק ווי שעקספּיר'ס „קעניג ליר".

און היינט?

אפנים, אַז אפילו אייגנשאַפטן וואָס זיינען געוואָרן אַ צווייטע נאַטור באַם מענטשן קענען אויך באַ געוויסע אומשטענדן גרינג אויסגעוואָרצלט ווערן. סאָוועט רוסלאַנד ליפערט דעם שאַרפסטן ביישפּיל.

אין סאָוועט רוסלאַנד איז עס אַ הייליקער געבאָט פאַר קינדער צו שפּיאָנירן אַף זייערע עלטערן און זיי צו פאַרמסורן אויב זיי זינדיקן קעגן דער מאַכט. ווען עס איז דאָרט פאָרגעקומען דער באַרימטער פּראָצעס פון די צוועלף אינזשענירן, האָט זיך אַ יונגער זון פון איינעם פון די אָנגעקלאָגטע באַרימט געמאַכט מיט אַ בריוו אין דער פּרעסע, אין וועלכן ער האָט געפאָדערט אַז מען זאָל זיין פאָטער אומבאַדינגט שיסן. שפּעטער איז פאָרגעקומען די טראַגעדיע מיט די צוויי ברידערלאַך וואָס האָבן פאַר׳מסור׳ט זייער פאָטער און זיינען דערפאַר דערמאָרדעט געוואָרן דורך די פּויערים פון זייער דאָרף. און דאָס גאַנצע קאָמוניסטישע רוסלאַנד האָט אי דעם ערשטן אי די לעצטע אַרויסגעשטעלט ווי אַן אידעאַל פאַר דער יוגנט. און בכלל די קלאַסןפּאָליטיק פון דעם קאָמוניזם אין רוסלאַנד האָט געלויטעט: פאַר דעם עלטערן דעקלאַסירטן דור דאַרף ניט געזאָרגט ווערן: זאָלן זיי אויסשטאַרבן פון הונגער.

די דאָזיקע פּאָליטיק — איז זי דען ניט אַף איין מדרגה מיט יענע ווילדע שטאַמען, וואָס האָבן זייערע עלטערן איבערגעלאָזט אין וויסטן פעלד — וועלף זאָלן זיי אויפעסן, אָדער זיי זאָלן אַזוי שטאַרבן אין פאַרלאָזנקייט?

די דאָזיקע מאָראַל איז געפּריידיקט און פּראַקטיצירט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד — אַ זעקסט־חלק פון דער וועלט, און ווערט געטראָגן, ווי אַ הייליקער געבאָט, אין האַרצן פון מיליאָנען קאָמוניסטן אויסערהאַלב רוסלאַנד, פאַר דער צייט ווען עס וועט אויך דאָרט קומען דער מאָמענט פון „דעם לעצטן אַנטשיידנדן קאַמף". קיינמאָל איז אין דער וועלט ניט פאָרגעקומען אַזאַ פּערווערזיע פון מאָראַלישע

ווערטן לשם אַן אידעאַל און קיינמאָל איז אַף אַזאַ קאָלאָסאַלן מאַסשטאַב ניט באַוויזן געוואָרן דער אמת פון געטע׳ס באַ־רימטן וואָרט, אַז „דער מענטש איז ניט קיין מלאך און ניט קיין חיה; און דאָס אומגליק וויל, אַז ווער עס וויל פון אים מאַכן אַ מלאך, מאַכט פון אים אַ חיה״.

אָט דאָס איז די פּסיכאָלאָגיע פון דער צייט. און אין מיטן פון אַזאַ פּסיכאָלאָגיע, אָדער אפילו נאָר אין שאָטן פון אַזאַ פּסיכאָלאָגיע, ווי קען דער אַלטער „קעניג ליר״ באַהאַלטן זיין ווערט ווי אַ ליטעראַריש קונסטווערק אָדער ווי קען אַ נייער „קעניג ליר״ באַשאַפן ווערן?

צי וואָלט באַם פּאַרצייטיקן עלטערן־עסנדיקן שטאַם די טראַגעדיע „קעניג ליר״ ניט אויסגעזען אַ קאָמעדיע?

עס איז איינגעפאַלן אַ יסוד פון דער ליטעראַטור, און עס איז פּאַרטונקלט געוואָרן אַן אידעאַל אירער, איר אַלטער אידעאַל צו דערציען דעם עטישן מענטשן.

נאָך דער וועלט־מלחמה איז עס געוואָרן נאַיוו אין דער ליטעראַטור צו רעדן צו דעם עטישן מענטשן, אָדער פון דעם עטישן מענטשן. וואַסערמאַנ׳ס „קריסטיאַן וואַנשאַפע״ איז דערווייל געווען דער לעצטער גרויסער פּאַרזוך, נאָך דער מלחמה, אַרויפצובאַשווערן דעם עטישן אידעאַליסט ווי אַ העלד אין אַ גרויסן קונסטווערק. און וואָס די מלחמה האָט אָנגעהויבן, האָט דער קאָמוניזם פאַרענדיקט. דער באָלשעוויזם האָט ניט נאָר אַריבערגעטראָטן אַלע עטישע פּרינציפּן, אויפשטעלנדיק צוריק דעם אַלטן יעזואיטישן כלל, אַז דער צוועק הייליקט די מיטל, נאָר ער האָט בכלל פאַר־שפּאָט די עטיק ווי „אינטעליגענטישע צעקראָכנקייט״. אפן אָרט פון עטיק האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ פּאַרוואולגאַריזירטן באַגריף פון קלאַסן־קאַמף. קלאַסן־קאַמף מיינט נאָך ניט די נעגאַציע פון עטיק. וואָרום אַ קאַמף דאַרף אויך געפירט ווערן לויט עטישע פּרינציפּן. אין אַ מלחמה זיינען אויך דאָ זאַכן, וואָס מען טאָר ניט טאָן. אפילו אין דעם שאַרפסטן

קלאַסן־קאַמף־אויסדרוק פון קאָמוניסטישן מאַניפעסט, „עקס־פּראָפּריאירן די עקספּראָפּריאַטאָרס", ליגט איינגעוויקלט אַן עטישער פּרינציפּ: אָפּנעמען פון די וואָס האָבן פאַרכאַפּט, פאַר די, וואָס האָבן געשאַפן: ד. ה., דער עטישער פּרינציפּ פון רעטריבוציע. אָבער די קאָמוניסטן האָבן דעם עטישן באַגריף פון קלאַסן־קאַמף פאַרוואַנדלט אין דעם וואולגאַרן באַגריף פון קלאַסן־שנאה. און אויך דעם דאָזיקן באַגריף האָבן זיין נאָך וואולגאַרער געמאַכט דערמיט, וואָס זייער בעסטע שנאה האָבן זיי אָפּגעגעבן, ניט די קאַפּיטאַליסטן און פאַשיסטן, נאָר זייערע קלאַסן־ברידער — די סאָציאַליסטן. און אַזוי איז עס געשען וואָס בעת אין דער פאַר־מלחמה־דיקער ליטעראַטור איז דער אַרבעטער געשילדערט געוואָרן ווי אַ פּראָמעטעוס, דער שעפער אין קייטן, ווערט ער אין דער באָלשעוויסטישער ליטעראַטור געשילדערט ווי הער־קולעס מיט דער דובינע. דער עטישער מאַרטירער איז פאַרביטן געוואָרן אָפן פּרייזפּייטער. און דאָס איז אָן ספק די סבה פאַרוואָס די גאַנצע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור האָט נאָך ביז איצט ניט באַשאַפן קיין ערשט־ראַנגיקן העלד אין אַן ערשט־ראַנגיקן ווערק.

און עס זעט אויס אַז אויך דאָ — אין דער מאָראַלישער איבערדערציאונג פון דעם מענטשן — האָט די ליטעראַטור פאַרלוירן איר העגעמאָניע, פאַרלוירן זי אַף שטענדיק, צו דער וויסנשאַפט. ווארום דאָס וואָס די ליטעראַטור האָט זיך דערוויזן צו שוואַך צו דערגרייכן, דאָס נעמט זיך די וויסנשאַפט אונטער צו טאָן. זינט די וויסנשאַפט האָט באַוויזן צו שאַפן נייע מינים פלאַנצן און פרוכטן און דער־ציען העכער פאַרפולקאָמטע חיות, רעדט זי מיט אַלץ מער און מער זיכערקייט וועגן איר כח צו פאַרפולקאָמען אויך דעם מענטשן. נאָך גרעסער איז געוואָרן איר זיכערקייט זינט עס איז דער ביאָלאָגיע געלונגען דורך אָפּעראַציעס פאַרן געבורט, צו באַאיינפלוסן די אברים בּאַ געוויסע באַשעפענישן און אפילו צו דעטערמינירן זייער געשלעכט.

אין דער ביאָלאָגיע גלויבט מען היינט אין דער מעגלאַכקייט, דורך אַ מער זיכערער קאָנטראָל איבער די האָרמאָנען, צו באַשטימען דעם טעמפּעראַמענט פון מענטשן, זייערע מאָרך־פּייאיקייטן, זייערע ליבע־נייגונגען און אויך זייערע עטישע נייגונגען.

אַ פּאָזיציע וואָס די ליטעראַטור האָט אַזוי לאַנג און מיט אַזאַ שטאָלץ געהאַלטן, האָט זי פאַרלוירן.

פון סאָוועט־רוסלאַנד קומט נאָך איין גרויסער שטראָם, וואָס שווענקט אונטער נאָך אַ פונדאַמענט פון דער היינטיקער ליטעראַטור. דאָס איז די שטרעמונג צום קאָמוניסטישן קאָלעקטיוויזם. צום קאָלעקטיוויזם איז פאַראַן אַ שטאַרקע טענדענץ אויך אין אַנדערע לענדער — אומעטום, וואו די שאַרפערע פאָרמען פון אינדיווידואַליסטישן קאַפּיטאַליזם גייען דורך אַ קריזיס. און דער דרוק קעגן דעם אינדיווידואַליזם אין דעם פּאָליטיש־עקאָנאָמישן לעבן ווערט אויך אָנגעווענדט אַף דעם עסטעטישן אינדיווידואַליזם אין דער ליטעראַטור.

געווען אַ צייט אויך אין דעם סאָציאַליזם ווען מען האָט געלייגט גרויסן ווערט אַף אינדיווידואַליזם. דער סאָציאַליזם האָט געפאָדערט אַן עקאָנאָמישן קאָלעקטיוויזם, אָבער ניט קיין פּסיכישן. ער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט די ניוועלירונג פון דער מענטשלאַכער פערזענלאַכקייט, פון דער קאָמפּליצירטער און אייגנאַרטיק־דיפערענצירטער אינדיווידואַליטעט. פאַרקערט, זעענדיק, אַז די פיינע פאַרשיידנאַרטיקייט איז דער גאַנג פון דער נאַטור, און אַז איר גרעסטע שיינקייט ליגט דוקא אין איר דינער דיפערענציאַציע פון זאַכן, האָט דער סאָציאַליזם געזאָגט, אַז עס איז נויטיק די זעלבע פאַרשיידנאַרטיקייט אויפהיטן אויך אין דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט. יעדער מענטש אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט זאָל, טאַקע פאַר דער טובה פון דער געזעלשאַפט, האָבן די מעגלאַכקייט פריי צו אַנטוויקלען און

קולטיווירן אַלע זײַנע אייגנשאַפטן. דאָס איז געווען דער אידעאַל פון סאָציאַליזם. דאָס איז געווען זײַן פילאָזאָפיע פון מענטשלאַכן גליק. ער האָט געזען זײַן ציל דער עיקר אין דעם — צו באַשאַפן אַזאַ מענטשלאַכע אָרדנונג, וואו אַנטי־סאָציאַלע געפילן זאָלן זיך ניט קענען אויסלעבן לרעה פון אַנדערע, אָבער ניט שטערן דער אויסלעבונג פון אַלע איבעריקע געפילן. פאַרקערט, זיי פאַרהעלפן.

דער דאָזיקער אידעאַל, וואָס איז אַן אידעאַל פון דיסציפּלין אין פרײַהייט, איז איצט געבליבן נאָר דער אידעאַל פון דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם. דער קאָמוניזם האָט זיך געשטעלט אַן אַנדער ציל: ערשטנס, די אַנטי־סאָציאַלע געפילן — ניט דיסציפּלינירן, ניט אומשעדלאַך צו מאַכן, נאָר — אינגאַנצן אויס־צוראָטן; צווייטנס, אויסצוראָטן ניט בלויז די אַנטי־סאָציאַלע געפילן, נאָר אויך די ניט סאָציאַלע, דאָס הייסט, די פּערזענלאַכע און אינדיווידועלע. אַף אַזאַ אופן וועלן אין דעם מענטשן במילא בלײַבן נאָר די געזעלשאַפטלאַך־גינציקע געפילן.

דעם מענטשלאַכן איך, ווי מיר קענען אים היינט, פּאַסט אויף דער קאָמוניזם אין גאַנצן ווי אַ „בורזשואַזן איך", אין וועלכן דער קאָלעקטיווער איך ליגט פאַרשאָטן אונטער אַן אַנטי־סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע. און כדי אַרויסצוהויבן דעם קאָלעקטיוון איך, נעמט דער קאָמוניזם אַראָפּ געפיל נאָך געפיל: פּרײַנטשאַפט, פאַמיליען־זין, ליבע, רחמנות, בענק־שאַפט, פּיעטעט, טרוימערײַ, מיסטיק, רעליגיעזיטעט, אַנגסט פאַרן טויט, און הונדערט אַנדערע טריבן, וואָס האָבן ביז איצט צונויפגעשטעלט דעם „איך". און ווען דער מענטש באַזיצט ניט מער די אַלע „בורזשואַזע" אייגנשאַפטן, וואָס דערשיינען דעם קאָמוניזם נאָר ווי אַ סומע פאָראורטיילן, דעמאָלט איז ער צוגעגרייט צו דינען דעם קאָלעקטיוו. די קאָמוניסטישע פילאָזאָפיע פון אַ „פרייען" מענטשן איז — דער קאַסטרירטער מענטש.

אָבער אַזאַ סאָרט מענטש ווי דער קאָמוניסטישער פּאָליטיקער זוכט, איז פּונקט דער היפּך פונם מענטשן, וואָס דער ליטעראַרישער קינסטלער דאַרף. ניט וואָס ווייניקער געפילן, נאָר וואָס מער זוכט דער קינסטלער. עס איז די גלאָריע פון דער מאָדערנער ליטעראַטור און איר באַזונדערער בייטראַג אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַרישער קונסט, דאָס וואָס זי האָט אַנטדעקט דעם קאָמפּליצירטן העלד. דער „העלד" אין דער ליטעראַטור האָט דורכגעמאַכט אַ סך פאַזן פון אַנטוויקלונג. אַמאָל איז ער געווען דער „העלד" בפועל ממש, דער העלד אין קריג, ווי מיר זעען אים אין דער אַלטער פאָלקס־ליטעראַטור, למשל, אָדער בײַ האָמערן. שפּעטער איז ער געווען דער „אויסנעמלאַכער מענטש", ווי דער קעניג אָדער פירער בײַ שעקספּירן, אָדער „טיפּ" ווי בײַ מאָליערן. ערשט אין אַכצנטן און נײַנצנטן יאָרהונדערט איז געקומען דער „כאַראַקטער", אָדער "פּערזענלאַכקייט", און גאָר צולעצט, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — די „אינדיווידואַליטעט". „אַ שילדערער פון דער נשמה, פון דער רײַנער, נאַקעטער אינדיווידואַליטעט, און ניט פון דער נאַרישער, אין רוים און צײַט באַגרעניצטער פּערזענלאַכקייט — דאָס איז דער מאָדערנער קינסטלער", — אַזוי האָט גלענצענד דעפינירט דעם נײַעם קינסטלער פּשיבישעווסקי. אפילו די דינע, לאַנצעטישע כאַראַקטער־מאַלערײַ פון אַ טאָלסטאָי און אַ באַלזאַק האָבן אים שוין דערמאָלט, אין די נײַנציקער יאָרן, אויסגעזען צו האַמעטנע און נאַיוו, און ער האָט געשטרעבט נאָך צו אַ גרעסערער קאָמפּליצירטקייט. און ער האָט אָנגעוויזן וואו זי צו זוכן — אין דער אינדיווי־דואַליטעט. און „אינדיווידואַליטעט" האָט פּשיבישעווסקי דעפינירט ווי יענעם „עפּעס" אין אונז, „וואָס איז וואַך ווען מיר שלאָפן, יענעם געהיימען עפּעס, וואָס פירט אַן אַנדער לעבן, ווי דאָס לעבן, וואָס ווערט מיר באַוואוסט, און וואָס פאַרמאָגט פײַנערע חושים ווי די, וואָס שטייען מיר צו דינסט". אַלזאָ, דער „אונטערבאַוואוסטזײַן" — דער

אונטערבאַוואוסטזיין, „וואָס איז עלטער פון דעם מענטש־לאַבן מארך" — דאָס האָט פשיבישעווסקי, נאָך צום סוף פון לעצטן יאָרהונדערט אָנגעצייגט פאַר דער אמת'ער טעמע פאַר דער ליטעראַטור. אָן אמת'ער פאַרלויפער פון דעם פּרווידיאַ־ניזם אָן פּרווידיאַנישע פאָרמולעס. און פשיבישעווסקי איז ניט געווען דער איינציקער, און ניט דער גרעסטער. און אין דעם דאָזיקן אָנגעצייכנטן וועג איז די ליטעראַטור ווירקלאַך אַוועק צו אַ נייער וועלט, צו אַ נייעם שיקזאַל.

איצט קומט דער קאָמוניסטישער קאָלעקטיוויזם און וויל פאַרקירעווען די ליטעראַטור צוריק צו אַ מדרגה, וואָס איז נאָך אפילו פשוט'ער און פריער פון דער „העלד"־מדרגה. ער וויל די ליטעראַטור אומקערן שיעור ניט צו אַ פּרימיטיוון צושטאַנד.

דער קאָמוניסטישער פּאָליטיקער דאַרף האָבן אַזאַ פּרימיטיוון מענטשן. ווי אַ דיקטאַטאָר, וואָס וויל קאָמאַנ־דירן און דיקטירן ריזיקע מענטשן־מאַסן, ווייס ער, אַז פאַר אַזאַ צוועק איז דער פּאַסיקסטער מענטש דער רעגימענ־טירטער, דער דיסציפּלינירטער, דער דרעסירטער, ווי די דרעסירטע חיה, וואָס קען נאָר טאָן אַ פּאָר קונצן און טוט זיי גלאַט און גלייך, ווי נאָר מען באַפעלט איר. דער קאָמו־ניסטישער אידעאַל איז אַ געזעלשאַפט ווי די געזעלשאַפט פון מוראַשקעס אָדער בינען. דאָרט איז דער יחיד רעדוצירט צו אַן איינהייט פון פונקציעס און עקזיסטירט נאָר פאַרן כלל דורך זיין פונקציע. אויסער זיין אַרבעט פאַרן כלל און זיין כלל־אַרבעט, איז ער גאָרניט. און ווען עס זאָל פּאַסירן, אַז אין אַזאַ געזעלשאַפט פון מוראַשקעס זאָל פּלוצים געבוירן ווערן אַ מוראַשקע אַ שריפטשטעלער, וואָלט ער, טעאָרעטיש גערעדט, געקענט אָנשרייבן נאָר איין ווערק — אַ שילדערונג איינמאָל פאַר אַלעמאָל, ווי אַזוי עס לעבט דער קאָלעקטיוו און דער יחיד אין אים. איין ווערק וואָלט פאַרפיקסירט דאָס גאַנצע לעבן, וואָס איז שטענדיק „פיקס". אין דער

מוראַשקע־געזעלשאַפט איז אפשר דאָ פּלאַץ פאַר אַ היסטאָ־ריקער, צו פאַרשרייבן די כראָניקעס פון מלחמות און קאַ־טאַסטראָפעס, וואָס קענען באַפאַלן אַ מוראַשקע־געזעלשאַפט. אָבער עס איז דאָרט ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַ קינסטלער.

דאָס זעלבע וואָלט געמוזט זיין מיטן מענטשלאַכן קינסטלער אין דער אידעאַלער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. אין דער אידעאַלער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וואו דער מענטש איז נאָר אַן עקאָנאָמישער „איינס", און וואו קיין ליבע, למשל, און קיין עסטעטישע געפילן זיינען ניטאָ, קענען, טעאָרעטיש, קיינמאָל קיין שום קאָמפּליקאַציעס ניט זיין צווישן מאַן און פרוי, קיין קאַמף פון געשלעכטער און קיין וואַל פון געשלעכטער. עס קען ניט זיין אַזאַ זאַך ווי אַז אַן אידעאַלער קאָמוניסט זאָל פון צוויי מיידלאַך אויס־קלייבן דווקא די שענערע און די קליגערע. ווען דער מאַן איז נאָר אַן „איינס" אַן „ער", און די פרוי איז נאָר אַן „איינס" אַ „זי" — וואָס איז דעמאָלט דער חילוק? איינסן זיינען גלייך.

אָבער פאַרן קינסטלער איז דעמאָלט ניטאָ וואָס צו טאָן. ער האָט קיין קינסטלערישן שטאָף ניט.

עס איז, נאַטירלאַך, פאַראַן אַ גאָר קנאַפּע סכנה, אַז דער קאָמוניזם זאָל אויסראָטן דעם פּסיכישן אינדיווידואַליזם, און דער דאָזיקער קאַמף פון די קאָמוניסטן קעגן דער פּסיכאָ־לאָגיע, אָדער דער פּסיכיק, איז נאָר אַליין אַן אינטערעסאַנטע טעמע פאַר קינסטלער. די סכנה איז קליין שוין דערפאַר אַליין, וואָס די קאָמוניסטן איבערטרייבן דעם כח פון פּעדאַגאָגיק. זיי מיינען באמת, אַז מען קען פון דעם מענטשן אַלץ „מאַכן". די סכנה איז אויך קליין דערפאַר, וואָס אַ סך זאַכן, וואָס די קאָמוניסטן נעמען אָן פאַר „בורזשואַזע פאָראורטיילן", זיינען אין אמת'ן גרונט־עלעמענטן פון דער מענטשלאַכער נאַטור, פּרימערע אייגנשאַפטן. נאָר ווען אפילו דער אינדיווידואַליזם וואָלט ניט געווען פאַרוואָרצלט

אין דער מענטשלאַכער נאַטור, און עס וואָלט געלונגען אים אויסצוראָטן, וואָלט ער ווידער אַנטשטאַנען שוין דערפון, וואָס אַ מענטש וועט אפילו אונטערן קאָמוניזם, צוליב ריין־היגענישע צוועקן, ניט עסן מיט יענעמס לעפל, ניט אָנטאָן יענעמס אומריינע זאַכן, זיך ניט ווישן די נאָז מיט יענעמס טיכעלע, און ניט אַריינגיין אין דער וואַנע וואַסער וואו אַן אַנדערער האָט זיך געבאָדן. און אַזוי לאַנג ווי עס וועלן געניים ווערן קליידער מיט קעשענעס, וועט זיין אינדיווידואַליזם, און וועט זיך אָנהויבן יעדעס מאָל אַפּסניי, ווען מען וועט אים פאַרניכטן.

ווי געזאָגט, עס איז ניטאָ קיין האָפענונג און קיין סכנה, אַז דער פסיכישער אינדיווידואַליזם, וואָס איז די רייכסטע מינע פאַר דער היינטיקער ליטעראַטור, זאָל אָפּגעשאָפּט ווערן. אָבער די אַטאַקעס פון דעם קאָלעקטיוויזם, כל זמן זיי דויערן, האָבן דאָך אַ שטערערישע ווירקונג אויף גאַנג פון דער ליטעראַטור.

ליבע איז נאָך אַ יסוד פון דער ליטעראַטור, וואָס די צייט האָט צעטרייסלט, — איר גרעסטער יסוד. וואָרום די איין גרויסע טעמע, וואָס פאַרשאָטנט אַלע אַנדערע אין דער ליטעראַטור, איז די ליבע. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, געהערט צו דער מעטאַפיזיקע פון דער ליטעראַרישער קונסט. איך זאָג בכיוון „די ליטעראַרישע קונסט", ווייל אין די אַנדערע קונסטן פאַרנעמט ניט די ליבע אַזאַ גרויסן אָרט, אפילו ניט אין דער מוזיק — די עמאָציאָנעלסטע פון אַלע קונסטן.

מער ווי איין מאָל איז שוין אויפגעהויבן געוואָרן אַ רעוואָלט קעגן דער טיראַניי פון דער ליבע אין דער ליטע־ראַטור. פאָול שערבאַרט אין דייטשלאַנד האָט געפירט אַ באַוועגונג פאַר אַן אַנטי־עראָטישער קונסט. ראָמען ראָלאַן האָט געשריבן זיינע „וועלף", אַ דראַמע אָן אַן איינציקער פרוי, צו באַווייזן, אַז אויך אַנדערע עמאָציעס, אויסער דער

ליבע, קענען ווירקן פון דער בינע. פשיבישעווסקי האָט געשאָלטן די פרוי, „דעם שטנ׳ס צוקערלעקאַכל”, ווייל ער האָט נאָך געוואוסט פאַר פרוידן, אַז „דאָס געשלעכט איז די אַקס פון לעבן”, און אַז די קונסט איז „דאָס שפּיל, וואָס דאָס געשלעכט טרייבט מיטן געהירן”.

נאָר דאָס אַלץ איז אַ באַזונדערער ענין. דער פאַקט בלייבט, אַז די ליבע איז געווען און איז געבליבן די גרעסטע טעמע פון דער ליטעראַטור, און די דאָזיקע טעמע, אין אונזערע טעג, איז אויך קראַנק.

אין פאַרשיידענע צייטן האָט די ליבע געהאַט אַן אַנדער חן. עס איז געווען די ליבע פון די מינעזינגער, און די ריטער, למשל, וואָס איז געווען אַ ליבע אָן אַן אָביעקט. די געליבטע איז געווען אַן אויסגעטרוימטע זאַך, — ריינע אידייע, אַן אידעאַל ניט צו דערגרייכן, אפילו ניט צו זוכן אין פאַרקערפּערטער פאָרם. דאָס ליבע־געפיל אַליין איז געווען געניגן, געווען אַלץ. דאַנטע׳ס ליבע צו בעאַטריטשען איז געווען אַזאַ ליבע, און אויך דאָן קיכאָט׳ס צו דאַלציניייען. עס איז געווען די פּלאַטאָנישע ליבע, די אַריסטאָקראַטישע ליבע, די פּאַסטאָראַלע ליבע, די ראָמאַנטישע ליבע, און די לעצטע פון אַלע — די רעאַליסטישע ליבע פון „מאַדאַם באָוואַרי” און „אַננאַ קאַרענינאַ”. אין אַט די אַלע היסטאָרישע סאָרטן ליבע — און אַ סך אַנדערע צו זיי — האָט מען געהאַלטן אַ פּולקאָמענע ליבע פאַרן „אידעאַל פון אידעאַלן”, און יעדער פאַרליבט אינגל, און יעדער פאַרליבט מיידל, האָט צוגעזאָגט ניט ווייניקער ווי „אייביקע” ליבע און ניט ווייניקער פאַרלאַנגט.

די ליטעראַטור פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָט נאָך געשפּילט אַ גאַנץ באַזונדערע ראָלע בנוגע דער ליבע. ווען מען זאָל װעלן כאַראַקטעריזירן די דאָזיקע ראָלע, וואָלט מען געדאַרפט זאָגן: די ליטעראַטור פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָט געקעמפט פאַר צוויי זאַכן: פאַר קאַמעראַדשאַפט פון

די געשלעכטער אפן אָרט פון מענלאכער אויבערהערשאפט, און פאר דער באפרייאונג פון דער ליבע, פאר איר באפריי־אונג פון דעם דרוק פון דער מאָראַל. ביידע זאכן, כדי צו געבן דעם ליבע פולערן און גרעסערן רוים זיך אויסצושפילן.

און היינט, אין אונזערע טעג פון זאכלאכקייט און ציניזם, איז ניטאָ קיין מער פאר׳חוזק׳ט וואָרט ווי „ליבע". קיין בעסערע טעמע האָבן גאָר די וויצבלעטער ניט. די שאַרפסטע וויצן ווערן געפלאָכטן ארום דעם וואָרט „ליבע", און אין איין וועג אויך אַרום „מאַן", „ווייב", „געטריי־שאַפט", „פאמיליען־גליק". בא דער יוגנט, נאָך מער ווי באם עלטערן דור, קלינגט „ראָמאַנטישע ליבע" ווי נאַיווע קינדישקייט. און ווען די נאַיווע אַמעריקאַנישע פילמען ווייזן אַ ראָמאַנטישע ליבע־סצענע אפן לייוונט צעלאַכט זיך קינד און קייט אין טעאַטער.

די ליבע, ווי אַ געפיל, איז כמעט פארלוירן געגאַנגען, און איר אָרט האָט פארנומען נאַקעט געשלעכט.

און עס האָבן זיך געביטן די יוצרות. געווען אַ צייט, ווען געשלעכט איז געווען פארבאָטן אין דער ליטעראַטור; אפילו אנאַטאָמיקער פלעגן זיך אַנטשולדיקן ווען זיי פלעגן באשרייבן אין זייער ווויסנשאַפט די געשלעכטלאַכע טיילן. דער גרויסער האַקסלי האָט נאָך אין ניינצנטן יאָרהונדערט זיך געשעמט צו רעדן דערפון און האָט עס אויסגעמידן אין זיינע וויסנשאַפטלאַכע ווערק. היינט איז עס אַזאַ געוויינ־לאַכע זאַך, אַז עס פאַדערט זיך שוין מער ניט, ווי פריער, קיין מוט אָדער חוצפה דאַרויף. דערפאַר אָבער וועט היינט אַ שרייבער וואָס איז „מאָדערן" זיך שעמען צו רעדן ערנסט פון ליבע, ווייל מען וועט פון אים לאַכן.

אַזוי איז מיט ליבע אין דער היינטיקער ליטעראַטור, און אַזוי אויך מיט דער הייראַט. דער „ענאָך אַרדען" מאָטיוו, למשל, ווען אַ מאַן געפינט, אַז זיין ווייב האָט אָפּגעגעבן איר ליבע אַן אַנדערן מאַן. ווי אַזוי איז די דאָזיקע

סיטואַציע אויפגעלייזט געוואָרן אין דער ליטעראַטור פריער, און ווי אַזוי ווערט זי אויפגעלייזט היינט?

אין טערענצ׳ס „פאָרמיאָ“ דערפילט זיך דער מאַן דער־הויבן, וואָס ער האָט זוכה געווען, אַז „גאָט“ (ווי ער מיינט) זאָל טיילן זיין בעט מיט אים. בײַ מאָליערן און בײַ קלייסטן באַגעגנט מען נאָך אָט די אידילישע לייזונג פון דעם אַלטן לאַטיינישן דראַמאַטורג. (אפילו פושקין איז געווען שטאָלץ, וואָס אים איז אָנגעקומען בייראָנ׳ס געוועזענע געליבטע). שפּעטער, אין ריטערלאַכן ראָמאַן, האָט דער שטאָלצער, אָפּגענאַרטער ריטער גערופן זיין קעגנער אויף אַ דועל. אין דער ראָמאַנטישער ליבע האָט דער אָפּגענאַרטער מאַן זיך באַזייטיקט, — איז שטיל אַוועק, פאַרשוואונדן, כדי נישט צו שטערן דאָס גליק פון זיין געליבטער. אין דער רעאַליס־טישער ליטעראַטור פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, ווען מאַן האָט געפונען דאָס ווייב אומטריי, האָט ער געשאָסן, אַמאָל דאָס ווייב, אַמאָל דעם פריינט, אַמאָל זיך, אַמאָל אַלע דריי.

אַזוי וויכטיק איז נאָך געווען ליבע און הייראַט און דער ליטעראַטור פון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

און אַ היינטיקער מאַן, ווען ער קומט און געפינט זיין ווייב מיט אַ פרעמדן מאַן — וואָס טוט ער אין היינטיקן ראָמאַן?

ער דרייט זיך אויס און גייט אַוועק און זאָגט: שיין, ריין פּטור געוואָרן...

אַזוי זיינען היינט ליבע און פאַמיליען־גליק אין דער ליטעראַטור. אין משך פון טויזנטער יאָרן איז די ליבע געווען אַ קראַפט, מיט וועלכער דער קינסטלער האָט געקענט פירן זיינע העלדן צו די געוואַגטסטע הויכן. און דער לעזער איז אים נאָכגעגאַנגען, ווייל ער האָט אים געגלויבט. היינט, צום ערשטע מאָל אין לאַנגע דורות, איז די דאָזיקע קראַפט אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין דעם קינסטלער׳ס הענט. עס

איז היינט אומעגלעך געוואָרן צו שילדערן אַ ראָמעאָ, אַ ווערטהער, אָדער אַ קאַרעניגאַ. היינט איז דער ליטע־ראַרישער העלד — קאַזאַנאָווע, אָדער, נאָך ערגער, פּיט־גירילי׳ס העלדין, וואָס ברענגט אַהיים אין אַן אורנע דעם אַש פון איר קרעמירטן געליבטן, און זעצט זיך אין איילעניש אָנשרייבן אַ ראַנדעוואו־צעטעלע צו אַ ניי עם „פריינט״, און ווען זי געפינט ניט צו דער האַנט קיין קלעק־פּאַפּיר, באַשיט זי די נאַסע טינט מיטן אַש פון געליבטן.

עס קען ניט זיין קיין בעסערער ביישפּיל פון דעם אומגלויבן אין דער ליבע פון דער היינטיקער צייט ווי פּיטיגרילי׳ס העלדין איז.

און ווען מיט דער ליבע איז עס אַזוי, ווי שוין מיט אַנדערע עמאָציעס?

מען זאָגט, עס זיינען דאָ זעקס און דרייסיק גרונט־טעמעס אין דער ליטעראַטור, לגבי זעקס און דרייסיק גרונט־עמאָציעס אין מענטשלאַכן הארצן. מען וואָלט מסתמא געקענט זיי אַלע אויסרעכענען און איינזען אַז זיי אַלע זיינען, אַזוי ווי די ליבע, אָפּגעשוואַכט אָדער צעקרומט געוואָרן. עמאָציעס און סענטימענטן זיינען היינט דיס־קרעדיטירט. און די עמאָציעס זיינען די יסודות פון דער ליטעראַטור. און ווען זיי האָבן זיך אַראָפּגעזעצט, האָט אויך די ליטעראַטור זיך געמוזט אַראָפּזעצן.

## VI

### די ליטעראַטור אין אַן איבערגעוואַקסענער וועלט

די ליטעראַטור פון אַלע פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטן האָט געהאַט איין קוואַל פון איר כח אין דער — סובלימאַציע, אין דער דערהויבונג פון לעבן. דאָס לעבן פון דער מענטש־הייט האָט גערעדט מיט אַ שטילן און געלאַסענעם קול, גע־שעענישן האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט מיט אַ לאַנגזאַמען

טעמפּ און גרויסע פּאַסירונגען זיינען שטענדיק פאָרגעקומען — ערגעץ ווייט. וואו עפּעס איז ניט געשען און וואָס עס איז ניט געשען — מיטגעמאַכט האָט עס נאָר אַ קלייניקער טייל פון דער מענטשהייט. צו דער גאַנצער איבעריקער גרויסער וועלט איז עס דערגאַנגען שפּעט, פון ווייט, ווי אַ קלאַנג, ווי אַן עכאָ, און אין די אָפּגעלעגענערע טיילן פון דער וועלט איז עס אָפּט אינגאַנצן ניט דערגאַנגען.

וואָס האָט, אין אָט די אַלע שטילע עפּאָכן פון דער געשיכטע אויסגעפילט די לאַנגווייל פון די מענטשן און באַפרידיקט זייער בענקשאַפט נאָך „לעבן", נאָך מעשים, נאָך געברויז פון געפילן?

. די פאַנטאַזיע, און איר קינד, די ליטעראַטור.

אויב עס איז ניט געווען קייןווירקלאָך לעבן האָט מען געפונען באַפרידיקונג אין פאַנטאַסטישן, אין אויסגעטראַכטן לעבן. און דעמאָלט, אין יענער שטילער און רואיקער וועלט, איז אַן אינטערעסאַנטע מעשה געווען אַ טייערער אוצר. מיט עטלאַכע מעשות האָט אַ שטעטעלע געקענט אָפּלעבן דורות, מיט צוויי טוץ לידער אויסגעבן קינדער און קינד'ס קינדער. אין אַזאַ צייט איז אַ מעשה, ד. ה. ליטעראַטור, געווען מער ווי אַ זאַך צו טויטן די לאַנגווייל דערמיט. נאָר אַ לעבנס־באַדערפעניש. אַזוי אין ווייטן עבר און אַזוי נאָך אין גאַנץ נאָענטן עבר, כמעט ביזן סוף פון נייַנצנטן יאָרהונדערט.

ווייל די פאַנטאַזיע איז געווען רייכער ווי די ווירקלאַכקייט.

היינט אָבער, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע די ווירקלאַכקייט רייכער געוואָרן פון דער פאַנטאַזיע.

מיט דעם כח פון טעלעגראַף, פילם, ראַדיאָ און טעלע־גראַפישער פאָטאָגראַפיע איז דער ערד־באַל אַזוי קליין געוואָרן, אַז אַלץ וואָס געשעט ערגעץ איבער דער גאָרער

וועלט געשעט באַ יעדן איינעם אונטער דער נאָז. און אויב אַמאָל האָבן די פּסיכאָלאָגישע ענערגיען ניט געהאַט גענוג מיט וואָס זיך אויסצולעבן, קלעקט היינט ניט געגוג ענערגיע אַלץ מיטצולעבן.

גייט אַ מענטש איבער דער גאַס אין נויאָרק. פון אַלע ווינקלען בלענדט אַ פּאָעמע פון ליכט; אונטער זיינע פיס לויפט אַ ליד — סאַבוויי; איבער זיין קאָפּ פליט אַן עפּאָ־פּייע — צעפּעלין; אַרום אים יאָגן ריטמען — אַטאָמאָבילן; באַ זיינע זייטן הייבן זיך הימנען — וואָלקן־קראַצער; פון אַ וואַנט שטראָמט אַן אָדיסייע — אַ ראַדיאָ־באַריכט פון אַ רייזע צום זיד־פּאָל; די צייטונג טראָגט אים אונטער אַ דראַמע — אַן אימפּעריע אין אַן אַנדערן עק וועלט נאָר־וואָס געפאַלן — אַ קאַטאַראַקט לעבן שטראָמט אַף אים פון אַלע זייטן, אָן אָפּהאַלט, אָן רו; קען עס אַ בינטל נערוון אַלץ אריינגעמען? און קען אַ פאַנטאַזיע דערצו עפּעס צוגעבן?

הייזער זיינען געוואָרן קליגער ווי מענטשן; נאַקעטע פאַנטאַזיע שפּאַנט אין די גאַסן, און אין די בולוואַרן שטראָמען גרעסערע וואונדער ווי אין חלומות.

געמאַכט האָט עס די וויסנשאַפט, און זי זאָגט צו אַף שפּעטער נאָך מער. עס וועט קומען אַ צייט, זאָגט די וויסנשאַפט — און די צייט איז ניט ווייט — ווען מיט דער ענערגיע וואָס ליגט פאַרשלאָסן אין אַ הויפן שניי וועט מען קענען וואַרעמען אַ הימל־קראַצער הונדערט ווינטערס, און מיטן כח וואָס אין דעם פּאַפּירענעם באַן־בילעט וועט מען קענען טרייבן אַ צוג צוואַנציק מאָל אַרום דער ערד. און פון אַלט יונג, פאַרשפּרעכט די וויסנשאַפט, וועט זי מאַכן, און זי פאַרזיכערט אַז זי האָט שוין אויסגעאַרבעט די גענע־טישע פאָרמולע ווי אַזוי צו פּראָדוצירן אַף באַשטעלונג באַכס און איינשטיינס (פּראָפ. סי. ס.י הוירסט, ענגלאַנד).

מיט אַזאַ פאַנטאַסטיק איז שווער געוואָרן דער ליטע־ראַרישער פאַנטאַזיע צו קאָנקורירן. און צום ערשטן מאָל

אין איר געשיכטע איז די ליטעראַטור געשטעלט געוואָרן אין אַ נייעם סטאַטוס:

אַמאָל איז מען געגאַנגען צו איר זיך אויסצולעבן; היינט גייט מען צו איר זיך אָפּצורוען.

„ליטעראַטור און·טעאַטער פאַרן מידן געשעפטסמאַן" — דאָס איז ביז איצט געווען דער קינסטלערישער רעצעפּט אין אַמעריקע. היינט רעדט מען שוין פון אים אין אייראָפּע אויך.

צו גרויס איז אונזער צייט געוואָרן פאַר דער ליטעראַטור ניט נאָר מיט די וויסנשאַפטלאַך־טעכנישע דערגרייכונגען, נאָר אויך מיט די מענטשלאַך־געשיכטלאַכע געשעענישן.

וואו, למשל, איז די פאַנטאַזיע וואָס זאָל קענען ארומ־כאַפּן די וועלט־מלחמה אָדער זאָל קענען קינסטלעריש באַ־צווינגען די רוסישע רעוואָלוציע? גרויסע ליטעראַרישע עפּאָכן זיינען קיינמאָל ניט געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט גרויסע היסטאָרישע עפּאָכן. גרויסע ליטעראַטור אַנטשטייט ענטווע־דער פאַר גרויסע געשעענישן אין היסטאָרישן לעבן אָדער נאָך זיי. אין ערשטן פאַל איז זי די אָנזאָגערן פון גרויסעס, אין צווייטן — די אָפּשאַצערן. אָבער אינמיטן פון די גע־שעענישן גופא קען זי נאָר זיין אַ נאָכלויפערן. די איניציאַ־טיווע געהערט דעמאָלט ניט איר, און זי קען ניט זיין קיין שעפערן אין ערשטער אינסטאַנץ און אין איר אייגענעם רעכט. און די וועלט־מלחמה מיט אירע נאָכווייען און די רוסישע רעוואָלוציע האַלטן נאָך אינמיטן. געשעענישן פון אַזאַ כאַראַקטער האָבן זיך קיינמאָל ניט געלאָזט איינגאַנצן איינצאַמען אין קונסטווערק, ניט בשעת און ניט דערנאָך. בפרט נאָך היינט וואָס ווען זיי קומען פאַר, קומען זיי פאַר אָף אַזאַ קאָלאָסאַל פאַרפילפאַכטן מאַסשטאַב. בלויז עפּי־זאָדן, מאָמענטן, קליינע סעקטאָרן פון אַזעלכע היסטאָרישע קאַטאַקליזמען קענען נאָך אַרויסגעבראַכט און אויפגעשטעלט

ווערן דורך דער ליטעראַטור. אָבער לגבי דעם גרויסן גאַנצן מוז זי בלייבן אָפּהענטיק און הילפלאָז.

די ליטעראַטור, אין דעם פוטוריזם, האָט געמיינט זי האָט געפונען אַ וועג אַף אויסצודריקן דעם שרייאיקן וויר־וואַר פון דער מאָדערנער צייט — אין דער טעאָריע פון „גלייכצייטיקייט" און „גערויש". עס האָט געהייסן, אַז גראַדליניקע, לאָגישע אַנטוויקלונג אין שרייבן איז אויס־געשפּילט; מען דאַרף שילדערן און דורכפלעכטן טויזנט האַנדלונגען און איינדרוקן אַף אַמאָל און אויפזאַמלען די קולות פון „שרייבמאַשינען, קעסלפּויקן, גראַגערס און טאַפּ־דעקלאַך", אַף צו שילדערן „דאָס דערוואַכן פון דער גרויס־שטאָט". אָבער די דאָזיקע קונסט האָט דעם מאָדערנעם ליאַרעם ניט באַמייסטערט; זי האָט אים נאָר פאַרגרעסערט.

און ווען דאָס איז היינט דער שיקזאַל פון דער ליטע־ראַטור — איר שיקזאַל אין אַ וועלט וואָס ווערט וואָס ווייטער אַלץ שווערער צו פאַרשטיין און אַלץ שווערער אַרויפצונעמען אַף דער פעדער — איז עס געווען אומפאַרמיידלאַך אַז דער דאָזיקער פאַקט גופא, דער פאַקט פון דער אָנמעכטיקייט. זאָל געפינען זיין אָפּקלאַנג אין דער ליטעראַטור. און אָפּגעקלונגען האָט עס ווי אַ מאָטיוו און ווי אַ סטיל. ווי אַ מאָטיוו — אין דעם דאַדאַיזם. דער דאַדאַיזם איז געווען אַ ליטעראַרישע שול פון פאַרצווייפלונג. אַנטוישט פון דער האָפנונג צו קענען אַריינברענגען זין און פאָרם אין דעם כאַאָס פון דער מאָדערנער צייט, האָט דער דאַדאַיזם זיך גענומען אַלץ צו פאַר׳חוזק׳ן, צו רעדן אין דער ליטעראַטור ווי עס רעדט אַ קליין קינד, וואָס קען נאָר זאָגן: דאַ... דאַ... דאָס, זאָגט מען, איז דער שורש פונם נאָמען „דאַ־דאַיזם", אָדער ווי אַנדערע מיינען, דאָס פראַנצויזישע וואָרט „דאַדאַ", אַ קינדיש שפּילצייג — עפּעס אַ נאַריש־אויסזעענ־דיק פערדל, — וואָס עס איז אייגנטלאַך די זעלביקע זאַך.

דאָס איז געווען די אָפּשפּיגלונג פון דער טראַגעדיע פון דער ליטעראַטור אין אַ מאָטיוו. און ווי אַ סטיל האָט

דער נייער שיקזאַל פון דער ליטעראַטור זיך אויס־געדריקט אין אומפאַרשטענדלאַכקייט. אַ שטיק צייט האָט געהערשט דער דאַזיקער סטיל פון אומפאַרשטענדלאַכ־קייט אין דער מאָדערניסטישער פּאָעזיע און פּראָזע. די אומפאַרשטענדלאַכקייט, וואָס די ליטעראַטור האָט נאָך ביזן היינטיקן טאָג זיך ניט אויסגעלעבט פון איר, איז ניט גע־קומען פון קינסטלערישן קאַפּריז אָדער אָנשטעל: זי איז געווען אַן אויסדרוק פון דער קינסטלערישער פּסיכאָלאָגיע פון פאַרצווייפלונג.

ביידע, אי דער דאַדאיזם, אי דער קולט פון אומפאַר־שטענדלאַכקייט זיינען געווען נעגאַטיווע דערשיינונגען. אָבער די גרויסע פאַרצווייפלונג אין דער ליטעראַטור, איר באַ־וואוסטזיין פון מאַכטלאָזיקייט אין אָנגעזיכט פון דער נייער צעוואַקסענער וועלט האָט געפונען אויך אַ פּאָזיטיוון אויס־דרוק, אין אַ סטיל וואָס איז נאָך אין דער ליטעראַטור ניט געווען און וואָס האָט געקראָגן אין דייטשלאַנד דעם נאָמען: „די נייע זאַכלאַכקייט".

„די נייע זאַכלאַכקייט" שטייט נאָענט פאַרוואַנדט דעם מאָדערנעם רעפּאָרטאַזש. דער אידעאַל פון דעם צייטונגס־רעפּאָרטאַזש איז צו שילדערן אַ זאַך אַבסאָלוט אָביעקטיוו, צו געבן אַ מאַקסימום פון דערווירקלאַכקייט מיט אַ מינימום פון זיך אַליין. דאָס אייגענע טוט „די נייע זאַכלאַכקייט". נאָר אויב דער רעפּאָרטאַזש שטעלט זיך אַזאַ ציל ווי אַ חוב צום אמת, שטעלט זיך „די נייע זאַכלאַכקייט" אַזאַ ציל פון דרך ארץ צום אָביעקט. אויך דער נאַטוראַליזם פריער האָט געשטרעבט צו געבן אַ געטריי בילד פון דער ווירקלאַכקייט, ווי „די נייע זאַכלאַכקייט" היינט. אָבער אין דעם נאַטוראַ־ליזם איז געלעגן גאווה, דאָס באַוואוסטזיין אַז ער קען די ווירקלאַכקייט אויסשעפּן; אין דער „נייער זאַכלאַכקייט" איז דאָ אָפּשיי, פּיעטעט, דאָס באַוואוסטזיין, אַז די ווירק־לאַכקייט איז צו טיף אויסגעשעפּט צו ווערן. דער נאַטוראַ־ליזם און דער רעאַליזם האָבן זיך געשטעלט איבער דער

ווירקלאַכקייט, „די נייע זאַכלאַכקייט" שטעלט זיך באַשיידן אונטער איר. דער קינסטלער פון דער „נייער זאַכלאַכקייט" רעדט ווייניק פון זיינע געפילן; ער באַמיט זיך פיל מער צו געשטאַלטן זאַכן, וואָס האָבן די געפילן אין אים אַרויסגערופן.

אַפּטאָן סינקלער האָט געהאָלפן דעם סטיל פון רעפּאָר־טאַזש זיך צו פאַרפלאַנצן אין אייראָפּע. אין קנוט האַמ־סון'ס שפּעטערע ווערק האָט דער דאָזיקער סטיל געקראָגן זיין קינסטלערישן תיקון; אין רעמאַרק'ס „אַפן מערב־פראָנט קיין נייס" האָט ער דערגרייכט זיין העכסטן טריאומף. אויסער דער ביבל איז קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען אַזאַ פשטות פון שפּראַך לגבי אַזאַ גראַנדיעזקייט פון מאַטעריאַל ווי אין רעמאַרק'ס בוך פון דעם וועלט־קריג. בלויז דאָס איינפאַכסטע וואָרט האָט געקענט זאָגן דאָס וואָס איז איבער יעדן מענטשלאַכן לשון אויסצודריקן; בלויז די אַבסאָלוטע ניכטערקייט האָט געקענט געבן אַ באַגריף פון דער גרעסטער וועלטן־משוגעת, די אַבסאָלוטע ניכטער־קייט, נאַקעטקייט, באַשיידנקייט, וואָרהאַפטיקייט, די אַבסאָ־לוטע ז א כ ל א כ ק י י ט.

אין דער דאָזיקער „נייער זאַכלאַכקייט", וואָס איז ניט נאָר אַ נייער סטיל, נאָר אַ נייער וועלט־געפיל, — אַ מין רעליגיעזער געפיל צו זאַכן — האָט, ווי עס שיינט, די מאָדערנע ליטעראַטור ענדלאַך געפונען אַ שטיקל וועג אין אירע פאַרווירענישן. אָבער עס איז אַ וועג וואָס פירט צו אַ נייעם קוק אויף ליטעראַטור און אויף קונסט בכלל. דער אַלטער קוק איז געווען, אַז די קונסט איז העכער פון לעבן און שטייט איבער אים; דער נייער בליק מוז זיין־ אַז די קונסט שטייט אונטערן לעבן און איז נאָר אַ שוואַכער מענטשלאַכער אָפּגלאַנץ פון אַ וועלט, וואָס איז געוואָרן איבערמענטשלאַך.

# דער פאנאנדערפאל פון דער אידישער ליטעראטור

אין דעם לאנגן משך פון זייער געשיכטע האָבן אידן געלעבט אונטער אַ סך קלימאַטן און אין שכנות מיט אַ סך פעלקער. פון ירושלים ביז מאָסקווע, פון פוילן ביז ארגענטינע — אַף אַלע שליאַכן פון דער וועלט זיינען זיי געגאַנגען און אַלע טראַכטן האָבן זיי שוין איבערגעטראָגן, פון דער אַראַבישע אַבאַיע ביזן רוסישן העמדל, און פון כינעזישן געגאָלטן קאָפּ ביזן אַמעריקאַנישן געגאָלטן פנים. און אומעטום און שטענדיק, וואו און ווען נאָר זיי האָבן זיך פאַרוואָרצלט אין אַן אָרט און פאַרפעסטיקט אַ ישוב האָבן זיי אַנטוויקלט אַ קולטור. יעדער קולטור אַזאַ איז געווען אַ מין סינטעז פון דעם אידישן פאָלק און פון דעם אָרט וואו עס האָט אויפגעשטעלט זיין בנין.

עס האָט אָפט פּאַסירט אַז עס זיינען געווען אַ פּאָר אַזעלכע ישובים אין דער איינענער צייט וואָס האָבן געשאַפן זייערע קולטורן זעלבסטשטענדיק. אַזוי, למשל, האָט דער אידישער ישוב אין אַראַבישן שפּאַניען אויפגעבליט נאָך איידער דער אידישער ישוב אין בבל האָט אינגאַנצן אָפּגעבליט, און די הערלאַכע עפּאָכע פון רש״י, די בעלי תוספות, רבנו גרשם און רבנו תם אין פראַנקרייך האָט זיך צוזאַמענגעקייטלט מיט דער גאָלדענער עפּאָכע פון דער אידישאַראַבישער קולטור אין שפּאַניע. דאָס רוב אָבער האָט עס פּאַסירט אַז אַ אידישער ישוב פלעגט אונטערגיין אין איין אָרט און אַ נייער פלעגט אויפגיין אין אַ צווייטן אָרט. אָבער אַלע פון זיי, ליגנדיק אַף די סאַמע שליאַכן פון דער וועלט, זיינען איינער נאָכן אַנדערן, איינער פריער איינער שפּעטער, צעטראָטן געוואָרן אונטער די האַרטע טריט פון

דער געשיכטע און צעמאָלן געוואָרן אונטער אירע שווערע רעדער. דער אידישער ישוב מיט זיין אייגנאַרטיקער קולטור אין בבל איז אונטערגעגאַנגען מיטן אונטערגאַנג פון בבל; דער אידישער ישוב מיט זיין קולטור אין שפּאַניע איז חרוב געוואָרן אין דעם קאַמף צווישן קריסטנטום און איסלאַם; די אידישע קולטור אין פראַנקרייך איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן דורך די קרייץ־צוגן.

און אַזוי דורכאויס. ביז עס איז אָנגעשטאַנען די רייי פון דעם גרויסן אידישן ישוב אין דער רוסישער אימפּעריע.

דער פּאַנאַנדערפאַל פון דעם פיל יאָרהונדערטן־אַלטן אידישן ישוב אין דער אַלטער רוסישער אימפּעריע דאַרף געשטעלט ווערן אין איין היסטאָרישער קאַטעגאָריע מיט די אונטערגעגאַנגענע אָדער צעבראָכענע אידישע ישובים אין בבל, שפּאַניע, איטאַליע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד.

ביז 1914 איז דאָס רוסישע אידנטום געווען דער רוקנ־ביין פון אידישן פאָלק און דער אידישער קולטור. אונטער דער רוסישער פאָן וואָס האָט מיט איר שאָטן באַדעקט אַ סך לענדער האָט געלעבט כמעט אַ העלפט פון דער אידישער אומה. און אין דעם לויף פון די לאַנגע יאָרהונדערטן האָבן די אידן דאָ אַנטוויקלט אַ גרויסע און פאַרשיידנאַרטיקע קולטור. רבנות, חסידות, השכלה, אַ וועלטלאַכע העברעישע ליטעראַטור, נאַציאָנאַליזם, ציוניזם, אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג — דאָס זיינען געווען די זעלטענע און טייערע פּירות וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אַפן אידישן קולטור־בוים אין רוסלאַנד. און אפשר די זעלטנסטע פון אַלע — די אידישע שפּראַך און ליטעראַטור.

ווען די אידן זיינען אָנגעקומען פון דייטשלאַנד קיין פּוילן מיט דער התחלה פון אידיש אין זייער מויל האָבן זיי דאָרט פאַרנומען אַ לאַגע וואָס איז געווען גינציק פאַר דער אויפהאַלטונג און ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון זייער

אייגענער שפּראַך. די אידן האָבן דאָ פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ באַזונדער ראַסע, אַ באַזונדער עטנישע גרופּע, אַ באַזונדער רעליגיע און אַ באַזונדערן קלאַס — אַ פאַר־מיטלערישן שטאַטישן קלאַס צווישן דער אַריסטאָקראַטיע און די פּויערים. די פּויערים זיינען געווען צו נידעריק און די אַריסטאָקראַטיע צו הויך אַז די אידן זאָלן זיך אויס־מישן מיט זיי שפּראַכלעך.

שפּעטער, אונטער דער הערשאַפט פון די רוסישע צאַרן, זיינען צוגעקומען אַנדערע גרויסע היסטאָרישע כחות, וואָס האָבן געווירקט אין דער זעלבער ליניע. דער צאַריזם האָט קאָנצענטרירט די אידישע מאַסן אין אַ תחום און זיי ניט געלאָזט זיך צעזייען איבער דער ריזיקער אימפּעריע, און אין דעם תחום גופא האָט ער זיי אויסגעשלאָסן פון די דערפער און קאָנצענטרירט אין די שטעט און שטעטלאַך. אידן זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון די מאָדערנע פּראָפעסיעס און דער מאָדערנער אינדוסטריע און זיינען מיט געוואַלט איינגעשמידט געוואָרן אין באַשטימטע, באַגרעניצטע עקאָ־נאָמישע צווייגן. דער פאַרבאָט אף צוטריט צו מאָדערנער בילדונג האָט זיי צוריקגעוואָרפן צו זייער אייגענער בילדונג, צו דער אייגענער שפּראַך און קולטור.

און אַזוי האָבן די אידן אין רוסלאַנד, אין צוגאָב צו זייער אייגענעם היסטאָרישן דראַנג זיך אויפצוהאַלטן ווי אידן, אין משך פון לאַנגע דורות פאַקטיש געהאַט דאָ אַ ל ע באַדינגונגען פון אַ באַזונדער נאַציע. אַ באַזונדער נאַציע טעריטאָריעל, עקאָנאָמיש פּאָליטיש און קולטורעל. דאָס זיינען, אמת, אַלץ געווען נעגאַטיווע באַדינגונגען; די אידען אין רוסלאַנד האָבן געלעבט ווי אין אַ מין נעגאַטיווער געשיכטע; זיי האָבן דאָ געהאַט אַ מין אַנטי־פּאַטערלאַנד, אַן אַנטי־מדינה, אָבער כאָטש אין נעגאַטיווער געשטאַלט זיינען עס פאָרט געווען אַלע נויטיקע היסטאָרישע באַדינגונגען פאַר אַן אייגענער שפּראַך

און אַן איינגענער ליטעראַטור. פאַר דער אידישער שפּראַך און אידישער ליטעראַטור.

און אַזוי האָט די אידישע ליטעראַטור אין אַלטן רוס־לאַנד זיך אַנטוויקלט מיט היסטאָרישער נויט־ווענדיקייט.

ביז עס איז געקומען די וועלט־מלחמה און די רוסישע אימפּעריע איז צעריסן געוואָרן. און מיט איר איז אין שטיקער צעריסן געוואָרן דער אַלטער איינגעפונדעוועטער איינהייטלאַכער אידישער ישוב דאָרט.

דער דאָזיקער היסטאָרישער פאַקט האָט אַנטשידן דעם גורל פון דער אידישער ליטעראַטור.

אַ האַלבע אידישע אומה — אַ גאַנצע אין זיך אַליין — האָט געלעבט אין פריערדיקן רוסלאַנד. די דאָזיקע אומה איז נאָך דער וועלט־מלחמה צעריסן געוואָרן צווישן אַ סך לענדער: סאָוועט־רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע, ליטע, לאַטוויע, און אין סאָוועט־רוסלאַנד גופא — צווישן עטלאַכע קולטורעל־אויטאָנאָמע רעפּובליקן. און מיט דער אומה איז אויך די אידישע ליטעראַטור צעברעקלט געוואָרן אויף אַזוי פיל באַזונדערע שטיקער, און איר איינהייטלאַכע באַזע איז אינ־גאַנצן צעשמעטערט געוואָרן.

דאָרט וואו די אידישע ליטעראַטור האָט פריער געלעבט אונטער איין פאַן לעבט זי איצטער אונטער עטלאַכע. דאָרט וואו זי איז פריער געווען אַרומגערינגלט מיט איין אָרט באַדינגונגען איז זי איצט באַלאַגערט מיט אַלערליי אָרטן באַדינגונגען. דאָרט וואו זי האָט פריער געהאַט אויס־צושטיין דעם דרוק פון איין סביבה דאַרף זי איצט אויס־האַלטן דעם דרוק פון עטלאַכע סביבות. דאָרט וואו זי האָט פריער געדאַרפט קאָנקורירן מיט איין הערשנדער שפּראַך און קולטור מוז זי איצט קאָנקורירן מיט דער מאַכט פון אַ סך שפּראַכן און קעמפן קעגן דעם עגאָיזם פון אַ סך

קולטורן, שפּראַכן און קולטורן וואָס זיינען אָקאָרשט אַליין געווען אונטערדריקטע און דעריבער זיינען זיי אייפערזיכטיק און קנאָיש און ווילן ניט דולדן די אידישע שפּראַך פאַר אַ שכנה.

שוין אט די צעברעקלונג אַליין, און די באַדריקונג פון אַלע זייטן דורך פיינטלאַכע כחות, זיינען גענוג צו ברעכן אַ ליטעראַטור. אבער אין די דערמאָנטע לענדער קומט־פאַר נאָך עפּעס, וואָס מוז ווירקן ווי אַ צעשטערערישער כח אויף דער אידישער ליטעראַטור. אין פריערדיקן רוסלאַנד האָט די אידישע ליטעראַטור געלעבט אין אַן אגראַרישער סביבה, אינמיטן פון אַ פּויערישער לאַנד־באַפעלקערונג, אבער די איצטיקע לענדער, באַזונדערס רוסלאַנד, זיינען אַרויף אויפן וועג פון טעכנישער אַנטוויקלונג. און די אידישע ליטעראַטור האָט אין קיין איינציקן פאַל ניט באַוויזן זיך צו פאַרוואָרצ־לען אין אַ מאָדערנער טעכניש־אינדוסטריאַליזירטער סביבה. אין דעם אגראַרישן רוסלאַנד איז מעגליך געווען פאַר די ברייטסטע אידישע מאַסן צו לעבן בלויז מיט דער אידישער שפּראַך; אָבער אין די אינדוסטריאַליזירטע לענדער מוז יעדער איד, פון עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט, לערנען די לאַנדשפּראַך. און ווען ער טרעט אַריין אין דער הערשנדיקער שפּראַך ווערט ער האַלב־פאַרלוירן פאַר אידיש. דער צווייטער אידישער דור אין אַ מאָדערנער אינדוסטריעלער סביבה איז שוין אינגאַנצן פאַרלאָרן פאַר דער אידישער שפּראַך און לי־טעראַטור. דאָס איז די דערפאַרונג וואָס עס לערנען אונז דייטשלאַנד, ענגלאַנד, אַמעריקע, און דאָס אייגענע חזר'ט זיך שוין איבער אין סאָוועט־רוסלאַנד, און וועט געוויס אויך געשען אין די איבעריקע לענדער, לויט דעם גראַד פון זייער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג.

פון וועלכער זייט מען זאָל דאָס גרויסע פּראָבלעם ניט באַטראַכטן מוז מען קומען צו איין אויספיר: די היסטאָרישע געשעענישן זינט 1914 אין די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער זיינען שיקזאַל־געשעענישן פאַר דער אידישער ליטעראַטור.

די באַזע פון דער אידישער ליטעראַטור איז צעשלאָגן געוואָרן און די קליינע קאָלאָניעס פון דער אידישער ליטעראַטור וואָס זיינען צעשפּרייט איבער שבע ימים זיינען געבליבן אָן אַ הינטערלאַנד. מען הערט אָפט בײַ אונז די פּייערלאַכע פראַזע: „אויף אידיש גייט קיינמאָל די זון ניט אונטער!" אָבער דאָס איז אַ פאַרפירעריש בילד. אמת'ער איז צו פאַרגלייכן די לאַגע צו אַן ארמיי־פראָנט וואָס איז דורכגעבראָכן געוואָרן אויף טויזנט פונקטן. די מעכטיגסטע ארמיי, ווען זי ווערט דורכגעריסן, פאַרלירט איר קראַפט און שלאַג־פיי־איקייט.

דער פיל הונדערט־יעריקער אידישער ישוב אין רוסלאַנד איז צעבראָכן געוואָרן און האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אין איין שורה מיט די אַלטע פאַרגאַנגענע אידישע ישובים אין בבל, שפּאַניע, איטאַליע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד. מיט יענע צעפאַלענע אידישע ישובים זיינען פאַנאַנדערגעפאַלן די באַזונדערע קולטורן וואָס די אידן האָבן דאָרט געשאַפן. מיטן פאַנאַנדערפאַל פון דעם אידישן ישוב אין פריערדיקן רוסלאַנד האָט זיך אנגעהויבן דער פאַנאַנדערפאַל פון דער אידישער ליטעראַטור.

# דער שיקזאל פון אידיש אין אַמעריקע

א.

שוין היפּשע יאָרן אַז עס הערשט אַ קריזיס אין דעם אידישן בוך־מאַרק אין אַמעריקע. דאָס אידישע בוך ווערט ניט געלייענט. דאָס אידישע וואָרט ליגט פאַרשעמט אַף די פּאָליצעס. אָפט און ברייט איז שוין די דאָזיקע פראַגע באַהאַנדלט געוואָרן אין דער פרעסע, אָפט און רירנד האָבן די שעפער פון אידישן וואָרט זיך געווענדט צום אידישן לעזער. אָבער דער אידישער לעזער האָט אויסגעדרייט זיין רוקן צום אידישן בוך און וויל אים זיין פּנים מער ניט ווייזן.

וואָס זאָל דער אידישער שרייבער אין אַמעריקע טאָן?
אויפהערן שרייבן?

קיין אמת׳ער שרייבער קען ניט אויפהערן צו שרייבן. און ווען אַ בוך איז אָנגעשריבן בעט עס זיך מען זאָל עס אָפּדרוקן. אָבער דער אידישער שרייבער מוז זיין בוך אַליין דרוקן... שוין שיינע עטלאַכע יאָר ווי אַ אידיש בוך אין אַמעריקע איז ניט אַרויס מיט דער הילף פון אַ פאַרלאַג. אָרעם ווי דער אידישער שרייבער איז ניט, דרוקט ער פונדעסטוועגן זיין בוך מיט אייגענע קאַרגע מיטלען. אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. צו זיין אַ אידישער שרייבער איז אַזאַ גרויסע זאַך; צו קענען אַריינזאָגן אַ וואָרט, ניין, צו קענען אפילו נאָר אָן איינציקן אות צולייגן צו אַ פיר טויזנט־יאָריקער קולטור אין אַזאַ גרויסער כבוד; צו פאַרדינען, אַז אפילו נאָר דער נאָמען זאָל ערגעץ וואו קומען אין דער משפּחה פון נעמען פון אַ רמב״ם און אַ רבי יהודה הלוי און

אַ היינע און אַ פּרץ און אַ שלום עליכם איז אַזאַ גרויסע זכיה, אַז דער אידישער שרייבער מעג דערפאַר באַצאָלן.

ניט אין דעם גייט עס.

אָבער עס אַנטשטייט אַן אַנדער פראַגע, אַ ברייטערע:

ווי זאָל די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע זיך באַגיין אָן לעזער? קען אַ ליטעראַטור באַשטיין אָן לעזער?

עס וועט פאַר אַ סך אפשר קלינגען מאָדנע, אָבער זאָל דאָ געזאָגט ווערן:

יאָ, אַ ליטעראַטור קען געמאָלט זיין אָן לעזער.

אמת, על פּי נויט און מיט ווייטיק קומען מיר צו דעם דאָזיקן ענטפער. דאָס וואָרט האָט אודאי ליב געהערט צו ווערן; אַ געדאַנק וויל פאַרשפּרייט ווערן; אַ קונסט־ווערק בענקט געקעכלט צו ווערן. אָבער ווען דער אויער צו וועלכן עס איז געשיקט וויל עס ניט הערן, זאָל דאָס וואָרט דערפאַר פאַרשטומט ווערן?

ניין. מיר זאָגן: מיט לעזער איז אודאי גוט, אָבער אָן לעזער איז, ווער ווייס — אפשר נאָך בעסער!

און אָט איז אַ באַרג מיט ראיות, אַז אַ סך לעזער זיינען גאָר ניט אַזוי נויטיק פאַר אַ ליטעראַטור ווי מען מיינט געוויינטלאַך. אַ סך לעזער זיינען אין אמת'ן פאַר אַ ליטעראַטור נאָר אַ לוקסוס, און ווי יעדער לוקסוס, איז ער אָפט מער שעדלאַך ווי נוצלאַך.

צום ביישפּיל:

טויזנטער יאָרן אַז עס עקזיסטירט אַ פילאָזאָפישע ליטעראַטור. וויפיל לעזער האָט די פילאָזאָפיע אין אַ דור? שניים מעיר ואחד ממשפּחה. דער פילאָזאָף האָט שטענדיק געוואוסט אַז ער שרייבט נאָר פאַר איינציקע. איז די פילאָ־זאָפיע דערפאַר אונטערגעגאַנגען? פאַרקערט, זי איז גע־וואָרן וואָס זי איז — אַלס גייסטיקע דערגרייכונג דער העכ־

סטער אויסדרוק פון מענטשלאַכן געדאַנק — נאָר דערפאַר וואָס זי איז געווען אַ ליטעראַטור פון איינציקע און גע־קליבענע. וואָס וואָלט פון דער פילאָזאָפיע געוואָרן ווען זי וואָלט זיך געזוכט אַ גרויסן לעזער־קרייז? זי וואָלט דערפון געליטן. זי וואָלט געמוזט זיך צופּאַסן צו אַ נידעריקער מדרגה פון אינטעליגענץ און וואָלט פאַרפלאַכט און פאַר־וואַסערט געוואָרן. אָבער זי האָט זיך שטאָלץ איזאָלירט. זי איז אין גרויסער ווירדע געזעסן און געוואַרט: ווער עס דאַרף מיך זאָל קומען צו מיר. און אָט דורך דעם האָט די פילאָזאָפיע באַוויזן אַרויפצושטייגן צו אַזאַ הויך, וואו ניט יעדער קען זיך דערוועגן אַרויפצוקלעטערן און זי — אַרונ־טערשלעפּן.

אָדער נעמט די מאַטעמאַטיק. וויפיל מאַטעמאַטיקער פאַרמאָגט די וועלט, אמת'ע, גרויסע מאַטעמאַטיקער? אויף די פינגער איבערצוציילן. עס איז דאָך סוף־כּל־סוף אמת, אַז נאָר צוועלף מענטשן זיינען פאַראַן אויף דער וועלט מיט גענוג מאַטעמאַטישן וויסן צו פאַרשטיין איינשטיין'ס לערע. און ווען ניט צוועלף — נאָר צוועלף הונדערט, און ווען ניט צוועלף הונדערט — נאָר צוועלף טויזנט, איז עס דאָך אויך ניט מעלה און ניט מוריד. אין פאַרגלייך מיט דער פּלאַ־נעטן־סיסטעם איז דאָך אַ קנאַפּע נפקא מינה צווישן אַן איי און די אַלפּן־בערג. פרעגט זיך: האָבן די מאַטעמאַטיקער דערפאַר אויפגעהערט צו חשבונ'ען? האָט די מאַטעמאַטיק זיך אָפּגעשטעלט? האָט די מאַטעמאַטישע ליטעראַטור ניט געקענט לעבן אָן לעזער? און צוריק גערעדט: וואָס וואָלט געווען ווען די מאַטעמאַטיקער וואָלטן געזוכט און געפונען אַ גרויסע צאָל לעזער פאַר זייער ליטעראַטור, צי וואָלט די מאַטעמאַטיק ניט געבליבן שטעקן ערגעץ האַלב־וועג? צי וואָלט ניט די קאָמפּאַקטע מאַסע מיט איר שווערקייט זי אַראָפּגעצויגן צו דער ערד, און צי וואָלט ניט אָט די העכסטע און לויטערסטע קונסט ערגעץ וואו פאַרפלאַכט, פאַרביליקט און פאַרשונדעוועט געוואָרן?

די פילאָזאָפיע און מאַטעמאַטיק זיינען ניט די איינציקע ליטעראַטורן וואָס זיינען געגאַנגען זייער איינזאַמען און גלאָררייכן וועג. די מאַלעריי איז נאָך אַזאַ ליטעראַטור, די סקולפּטור איז נאָך איינע. פּאַקטיש יעדע ספּעציעלע פאַך־שאַפונג איז אַזאַ ליטעראַטור. די קינסטלער, יעדער מיטן ביסעלע וואָס גאָט האָט אים באַשערט, האָבן אַליין מיט ציטערדיקע הענט זיך דערלאַנגט דעם טייערן אוצר פון דור צו דור און פון יאָר־טויזנט צו יאָר־טויזנט.

הונדערטער יאָרן האָט די העברעישע ליטעראַטור געלעבט מיט גאָט'ס ניסים.

עס זיינען אפילו פאַראַן גאַנצע ליטעראַטורן וואָס קלייבן פאַר זיך אויס מיטן אייגענעם רצון דעם שיקזאַל פון איינזאַמקייט. בידיים שיידן זיי זיך אָפּ פון דער ברייטער וועלט. אונטער זיבן ריגלען פאַרשליסן זיי זיך און אונטער זיבן שלייערן באַהאַלטן זיי זייער געזיכט. מיר אידן אַליין, פאַרמאָגן אַזאַ ליטעראַטור: די קבלה. נאָר יחידים, יחידי־סגולה, זיינען צו איר צוגעלאָזט געוואָרן. אַנדערע פעלקער האָבן אויך געהאַט אַזעלכע באַהאַלטענע ליטעראַטורן. און נענטער צו אונזער באַזונדערן געביט, צום געביט פון דער שיינער ליטעראַטור, געפינען מיר אויך די אייגענע דער־שיינונג. עס איז שוין אָפּט פאָרגעקומען אין דער געשיכטע פון דער שיינער ליטעראַטור, אַז עס איז אויפגעשטאַנען אַ דור שרייבער וואָס האָט שטאָלץ פּראָקלאַמירט, אַז ער זינגט ניט פאַר קיינעם, ער זינגט נאָר פאַר זיך. כמעט נאָך אין אונזערע אייגענע טעג האָט אין דייטשלאַנד דער קרייז פון רילקע, סטעפאַן געאָרגע און אַנדערע פון זייער דור אַף אַזאַ אופן אָנגעהויבן זייער ליטעראַרישע קאַריערע. דאָסזעלבע איז אויך געווען אין אַנדערע לענדער. מען האָט די ווערק געדרוקט נאָר אין געציילטע עקזעמפּליאַרן. מען האָט ניט געוואָלט און ניט געזוכט קיין פאַרשפּרייטונג, אויסער צווישן זיך אַליין און די נאָענטסטע. און דאָס איז ניט געווען אַ פּאָזע אַזאַ. דאָס איז געווען אַ טיפע באַדערפניש. און ביז

היינטיקן טאָג זיצט נאָך סטעפאַן געאָרגע אַזוי אָפּגעשיידט און פאַרפרעמדט פון דער וועלט, אַז ער עפנט ניט און ענטפערט ניט קיין בריוו. זיין זאַך איז נאָר צווישן גאָט, אים און זיין קונסט.

דער דאָזיקער אידעאַל פון קינסטלערישער איזאָלירט־קייט איז אָפט שטאַרק קריטיקירט געוואָרן ווי סנאָביזם אָדער אַריסטאָקראַטישקייט. געוויס, אַזאַ אידעאַל און פאָר־שטעלונג פון קונסט האָט ניט געקענט זיין פּאָפּולער אין אַן עפּאָכע פון דעמאָקראַטיע. עס איז קיין ספק ניט, אַז די פּאַסיקסטע קינסטלערישע פאָרם פאַר דער דעמאָקראַטיע איז דער נאַטוראַליזם און רעאַליזם. וואָרום דאָס זיינען צוויי ליטעראַרישע זשאַנרן וואָס זיינען קלאָר און פאַרשטענדלאָך; זיי ליגן אַלץ אַרוים אַף אַ טעלערל: די אידעאַלע פאָרם פאַר דער דעמאָקראַטיע — פאַר מענטשן וואָס האָבן זיך אָקאָרשט אויסגעלערנט לייענען. און אין נאָמען פון דער דעמאָקראַטיע האָט מען אַ סך אַנדערע זשאַנרן, די טונקע־לערע, די פאַרנעפּלטע, פאַרשריגן פאַר אַריסטאָקראַטישע, סנאָבישע, עלפנביין־טורעמדיקע.

אָבער עס בלייבט דאָך אַ פאַקט, אַז אַפילו אין דעם סאַמע גלאַנץ־פּעריאָד פון דער דעמאָקראַטיע איז דאָך אין דער ליטעראַטור אויפגעשטאַנען שול נאָך שול, וואָס האָט געהאַט דעם ווילן זיך אָפּצוציען וואָס ווייטער פון דער ברייטער וועלט און זיך איינצושליסן וואָס טיפער אין זיך אַליין. ווען עס איז געקומען, צום ביישפּיל, די סימבאָליס־טישע שולע, אָדער די פוטוריסטישע, און אַפילו די עקס־פּרעסיאָניסטישע וועלכע האָבן גענומען בכיוון, אויסגערעכנט — און אפשר פון קינסטלערישן טריב באַשטימט — צו שרייבן אַזוי, אַז עס איז שווער געוואָרן צו פאַרשטיין — איז עס דען ניט גלייך ווי זיי וואָלטן געזאָגט: מיר ווילן ניט די סך לעזער, די ברייטע דעמאָקראַטיע, מיר ווילן די איינציקע, געקליבענע, יענע וואָס קענען קנייטשן אַ שטערן איבער אַ ווערק? און אין אַזאַ ליכט דאַרף דאָך געזען

ווערן פּאַקטיש יעדע ליטעראַרישע ריכטונג וואָס איז אויפֿ־געשטאַנען אַלס רעאַקציע צום רעאַליזם. די קונסט־פֿאַר־קונסט שול, די דעקאַדענטישע שול, די עקספּרעסיאָניסטישע, די פֿוטוריסטישע — אַלע זיינען זיי געווען שולן, וועלכע האָבן ניט געצויגן צו דער דעמאָקראַטיע און האָבן ניט גע־דאַרפֿט די ברייטע לעזערשאַפֿט כּדי צו עקזיסטירן.

פֿון די רייד דאַרף ניט פֿאַרשטאַנען ווערן אַז די אַלע דערמאָנטע ריכטונגען זיינען אויפֿגעקומען דווקא ווי אַ רעאַקציע קעגן דער דעמאָקראַטיע אַלס פֿילאָזאָפֿיע. נאָר וואָס מיר ווילן דאָ דערפֿון אַרויסלערנען איז, אַז אויך אין דער שיינער ליטעראַטור, אַזוי גוט ווי אין דער פֿילאָזאָפֿישער און מאַטעמאַטישער, איז אָפֿט געווען אַ שטרעבן, אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער באַוואוסטזיניק, זיך איינצוציען אין זיך, אָוועקצולויפֿן פֿון די טומלדיקע מערק. אויך פֿאַר דער שיינער ליטעראַטור איז דער פֿילצאָליקער לעזער ניט אַלע־מאָל געווען אַ לאַו־דווקא. זי האָט ניט געהאַלטן אַז איר לעבן הענגט אָפּ אינגאַנצן אָן אים. זי האָט ניט געפֿילט אַז פֿאַר איר קיום מוז זי זיך יאָגן נאָך — צירקולאַציע.

און ווען מיר גייען ווייטער און ווייטער צוריק, און קומען צו אַ צייט ווען עס זיינען ניט געווען ניט נאָר קיין לעזער, נאָר אויך ניט קיין שרייב־מיטל, קיין פּאַפּיר און קיין דרוק, קיין טינט און קיין פֿעדער — צי איז דעמאָלט קיין ליטעראַטור ניט געווען? געווען אויך אַ צייט, ווען ניט נאָר דער שקלאַף און אָרעמאַן, נאָר אויך דער קעניג און ריטער, האָבן ניט געקענט לייענען און שרייבן, — איז דעמאָלט דען קיין ליטעראַטור ניט געווען? יע, אפֿילו דעמאָלט ווען ביכער האָבן געדאַרפֿט געקנאָטן ווערן פֿון ליים און ווערק האָבן געדאַרפֿט געהאַקט ווערן אין שטיין האָט די ליטעראַטור ניט אויפֿגעהערט צו זיין. און אפֿילו דעמאָלט ווען מען האָט ווערק ניט נאָר ניט געלייענט, נאָר זיי געברענט אַף שייטערהויפֿנס, אָפֿט איניינעם מיט די מחברים, האָבן שרייבער ניט אויפֿגעהערט צו שרייבן.

פאַרוואָס זשע זאָל קלינגען משונה די טעאָריע, אַז די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, ניט האָבנדיק קיין לעזער, וועט איר שטעטל קענען גאַנץ גוט באַשטיין אָן לעזער?

אין איין פּרט האָט דער אידישער שרייבער אין אַמע־ריקע שוין באַוויזן אַז דאָרט וואו ער האָט ניט די הילף פון אידישן עולם, דאָרט קען ער שאַפן — צו להכעיס דעם עולם. איך מיין די אידישע שפּראַך. שפּראַך איז שוין געווים אַ דעמאָקראַטישער ענין. דאָס איז שוין געווים אַ פאָלקס־אַרבעט. אַ קליינע גרופּע מענטשן קענען קיין שפּראַך ניט שאַפן. און דאָך זעען מיר וואָס עס איז געשען מיט דער אידישער שפּראַך אין אַמעריקע. אין דעם מויל פון דעם אידישן עולם אין אַמעריקע איז די שפּראַך צעקריפּלט און פאַרווילדעוועט געוואָרן. אין דער אידישער גאַס און אין דער אידישער היים אין אַמעריקע קען מען שוין כמעט ניט הערן קיין ריינעם אידישן זאַץ, קיין עכטן אידישן אויס־דרוק. דאָס אידישע לשון אין אַמעריקע איז געוואָרן אַ ווייטיק פאַרן אויער. און דאָך — זעט וואָס דער אידישער שרייבער האָט פון דער אייגענער שפּראַך געמאַכט! ער האָט זי אויסגעשליפן אין אַן איידעלן אינסטרומענט, פייאיק אויף פיינסטער קונסט־אַרבעט.

דעריבער, אויב דער אידישער עולם האָט אָפּגעקערט זיין פּנים פון דעם אידישן שרייבער און אידישן בוך, וועלן שרייבער און בוך זיך קענען באַגיין אָן אים. געווים, דער אידישער שרייבער האָט ניט דעם פאַרלאַנג אָדער כוונה אָפּצוזונדערן זיך פון פאָלק. ער איז בדרך־כלל אַ מענטש פון פאָלק און וויל צוריק אין פאָלק אַריין. אָבער זיין פאָלק וויל אים ניט. עס זוכט ניט מער זיין שעפעריש אידיש וואָרט. טייל צוליב קאָסמאָפּאָליטיזם, אַנדערע צוליב אַסימילאַציע און דריטע צוליב דזשאַנק־פּעדלעריי. בלייבט דעם שרייבער נאָר איין וועג — דער וועג צו זיך.

נישט אין דעם, אַלזאָ, וואָס די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט ניט מער קיין לעזער, ליגט די סכנה. דער אידישער לעזער וויל ניט — דאַרף מען ניט. זאָל ער גיין וואוהין זיין האַרץ און שיקזאַל רופן אים. ערגעץ אַנדערש ליגט די געפאַר. און אַט וואו: אַ ליטעראַטור פאַרגייט ניט אָן לעזער, זי פאַרגייט אָן שרייבער.

ב.

עס וואָלט אַ סך אמת'ער און בעסער געווען ווען מיר וואָלטן באַגריפן אַז ניט אַ בוך־קריזיס האָבן מיר פאַר אונז אין אַמעריקע, נאָר אַ קולטור־קריזיס. ניט נאָר צום אידישן בוך האָט דער אידישער עולם אומגעקערט זיין רוקן, נאָר צום אידישן וואָרט.

מיר שטייען באַם אָנפאַנג פון גרויסן קריזיס פון אידיש אין אַמעריקאַנישן לאַנד.

באַ יעדן איינעם פון אונז ליגט דער דאָזיקער געפיל אָפן האַרצן. נאָר ווי עס איז די טבע פון מענטשן אין גרויסע סכנות, האָבן מיר מורא עס פאַר די ליפן צו ברענגען. אל תגידו בגת. אָבער ווען מיר זיינען מיט זיך אַליין, באַנאַכט, יעדערער אַף זיין געלעגער, דעמאָלט וויינט דער שאַקאַל זיין אומהיימלאַכן געוויין באַ יעדן פון אונז אין האַרצן. באַטאָג נאָר, אָדער אין ליכטיקע זאַלן, ווען מיר זיינען אינאיינעם, מונטערן מיר איינער דעם אַנדערן מיט אָפּטימיזם.

אַף וואָס באַרוט דער אָפּטימיזם, אַז אידיש אין אַמע־ריקע שטייט ניט אין סכנה אויסגעלאָשן צו ווערן?

קיינער קען עס ניט זאָגן גענוי. קיינער קען ניט געבן קיין לאָגישע באַגרינדונג. איך זוך, איך נישטער אַ שכל־דיק וואָרט, און קען עס באַ קיינעם ניט געפינען. מען האָט נאָר בטחון. עס איז די אַלטע אידישע פסיכאָלאָגיע — גאָט

וועט העלפן. דער חלק ליגט שוין אפן האלז און דער איד האפט נאך אלץ אז א נס וועט געשען.

אבער ווי וועט געשען א נס אין א צייט ווען עס גע־שעען ניט קיין נסים? און ווי וועט גאט העלפן טאמער וועט גאט ניט העלפן?

מען ווייזט אן: אידיש איז א באשעפעניש מיט הונ־דערט קעפ. האקט מען אפ איינעם, בלייבן נאך ניין־און־ניינציק אנדערע. גייט אונטער אידיש אין איין לאנד, גייט עס אויף אין א צווייטן לאנד.

ריכטיק. אבער וואס וועלן מיר אין אמעריקע האבן דערפון וואס אידיש בליט אויף אין פוילן אדער אין רוס־לאנד, — אויב עס בליט דארט? וועט דא וואקסן ווען מען וועט דארט זייען?

וויל מען אונז טרייסטן מיט א אידישן אחד־העם׳יזם?

מען טרייסט אונז ווייטער: שוין צוואנציק יאר פריער האט מען נביאות געזאגט אז מיט צוואנציק יאר שפעטער, וועט שוין קיין אידיש ניט זיין.

אויך ריכטיק. אבער דאס זיינען געווען שווארצע נביאים, וועלכע האבן געגארט צו זען דעם אונטערגאנג פון אידיש, און אין זייער שטארקער נייגעריקייט האבן זיי זיך פארעכנט אף צוואנציק יאר. אבער דער טעות אין זייער חשבון שוואכט דאך ניט אפ דעם שרעקלאכן פאקט, וואס היינטיקן טאג, אף דער גאנצער אמעריקאנישער ערד, הערט זיך מער קיין אידיש ניט פון א קינדערשן מויל!

אידיש, כדי צו לעבן, דארף געפלאפלט ווערן פון די פוכקע ליפן פון קינדער, עס דארף זיך צאצקען אף די זאפ־טיקע ליפן פון בחורים און דארף אויסקאקעטירט ווערן פון געפארבטע ליפן פון מיידלאך. א שפראך קען ניט זיין א פולע און א גאנצע שפראך ווען זי ווערט נאר גערעדט פון

קאַלטע, געקנייטשטע ליפּן פון זיידעס און באָבעס. און די אַלטע, בלאַסע ליפּן פון זיידעס און באָבעס האָבן אַ טבע: זיי ווערן צו שנעל אַף אייביק אַנטשוויגן...

אין דעם גאַנצן אַמעריקאַנישן לאַנד ווערט אידיש מער ניט גערעדט מיט יונגע מיילער. ווי קען דען אַ שפּראַך און אַ ליטעראַטור געדייען ווען יעדער נייער דור גיסט אין איר ניט אַריין דעם פרישן אימפּעט פון דער יוגנט, ווען זי ווערט ניט באַנייט מיט נייע לייבנשאַפטן, נייע פאַרלאַנגען, נייע זוכונגען, נייע וויזיעס, נייע אידעאַלן?

מען טרייסט אונז: די אידישע שול.

אָבער די אידישע שול — כבודה במקומו מונח. גרינגער ניט צו רעדן דערפון.

ווען מען כאַפּט שוין אַמאָל אַ קינד ריידן אידיש אין דער אידישער שול, ווינשט מען זיך אָפּט: איידער אַזאַ ריידן שוין בעסער שווייגן.

און זאָל דאָ פאַרבייגייענדיק דערקלערט ווערן:

די אידישע שול איז נאָר אַ נייע מאַרטירערשאַפט פון דעם אידישן שרייבער און די לעצטע מאָהיקאַנער פון דער אידישער אינטעליגענץ אין אַמעריקע. איך מיין די לערער, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען שרייבער. אַזוי ווי דער אידישער שרייבער האַלט אויף מיט זיינע אָרעמע כחות די אידישע ליטעראַטור דאָ אין לאַנד, אַזוי האַלט ער אויך אויף מיט זיינע בידנע כחות די אידישע שול. דאָס וואָס אידישע ווייבער אין אַמעריקע גיבן אויס אין איין טאָג אַף צו מאַכן זיך די נעגל גלאַנציק, וואָלט געגנוג געווען צו שפּייזן אַ יאָר צייט די אידישע ליטעראַטור און די אידישע שול אין אַמעריקע. אָבער זיי קימערן זיך ניט דערפאַר. ניט דורך דער הילף פון די אידישע מאַסן, די רייכערע אָדער די אָרעמע, לעבט דאָ די אידישע שול, נאָר דורך דער פּראַצע פון דעם אידישן שרייבער. זיינע יונגע יאָרן, זיינע שיינע

טעג, זיין הונגער ברענגט ער דער שול אַ מתנה, און נאָר דורך אַט די קרבנות לעבט זי.

בלויז יענע וואָס זיצן באַ זיך אין דערהיים, יענע וואָס שטייען אין דרויסן און פונווייטנס קענען זיך איינשמועסן, אַז אינעווייניק אין דער אידישער שול גרייט זיך אַ דור וואָס וועט איבערנעמען די אידישע ירושה, אַ דור וואָס וועט געבן, ניט נאָר לעזער פון אידיש, נאָר אויך שרייבער. אָבער די וואָס שטייען אינעווייניק, די לערער און טוער, ציטערן און וויסן, וויסן און ציטערן אַז עס איז אַ נאַיווער חלום. די לערער וויסן, אַז עס איז שוין אומעגלאַך געוואָרן דעם אידישן קינד אין אַמעריקע מסביר צו זיין אַ אידישן באַגריף, די לערער אין דער אידישער שול, און געוויס אויך אַזוי אין דער העברעישער, פילן, אַז זיי האָבן שוין צו טאָן מיט פולשטענדיקע גייסטיקע ערלים. דער אידישער לערער, וואָס ער קוקט דאָך אריין אין דעם גייסטיקן פרצוף פון דעם קינד, ווייס, אַז דאָס אידישע קינד אין אַמעריקע האָט ניט מער קיין אידישן פרצוף. עס איז שוין אומעגלאַך געוואָרן איבערהויפּט זיך צוזאַמענצורייידן מיטן אידישן קינד וועגן אַ אידישן ענין. דאָס אידישע קינד איז אינגאַנצן אַטראָפירט פאַרן אידישן סטיל און קען מער ניט טועם זיין דעם אידישן טעם.

פון אַזאַ דור — וואָס האָט די אידישע ליטעראַטור צו דערוואַרטן?

עס וועט אַזוי מעגלאַך זיין פון אַזאַ דור אַרויסצוציען אַ שעפעריש אידיש וואָרט ווי עס איז מעגלאַך פון שטיין צו ציען וואַסער.

נאָר דורך משה'ס שטעקן קען עס געשען.

הלוואי זאָל עס געשען. געוויס. מיר טאָרן ניט אַפּלאָזן די הענט. קיינער ווייס ניט, סוף־כל־סוף, וואָס די געשיכטע

האלט אַנגעגרייט. דאָס וואָס ווערט דאָ געזאָגט איז ניט קיין רוף צו אַפּאַטיע. לאָמיר טאָן ווייטער די פיינלאַכע אָבער הייליקע אַרבעט און לאָמיר האָפן אַף ניסים. דאָס געהער צום אידישן סטיל. אָבער עס קען דאָך פּאַסירן, די שעה זאָל ניט זיין, אַז קיין נס זאָל ניט געשעןן. מיטן פראַנצויזישן אידנטום איז קיין נס ניט געשען. מיטן איטאַליענישן אידנטום איז אויך קיין נס ניט געשען. און אמאָל זיינען עס דאָך געווען גרויסע צענטערן פון אידישקייט. אין פראַנקרייך — רש"י, תוספות; אין איטאַליע — לוצאַטאָ; און אין איטאַליע האָט אמאָל די אידישע ליטעראַטור געבליט. און אין דייטשלאַנד אודאי.

עס רעדט זיך דאָ ניט וועגן אַסימילאַציע, ווי אין איטאַליע און טיילווייז אין די אַנדערע לענדער. מעגלאַך אַז די אידן אין אַמעריקע אַסימילירן זיך ניט; מעגלאַך אַז זיי וועלן זיך גאָר קיינמאָל ניט אַסימילירן. אָבער דאָס איז געווים: זיי אַקלימאַטיזירן זיך און דעם אידיש־שפּראַכלאַכן לבוש וואַרפן זיי געווים פון זיך אַראָפּ. דאָס הייסט, בנוגע צום אידישן קיום בכלל קען זיין אַז זיי אַקלימאַטיזירן זיך בלויז, אָבער בנוגע צו דער אידישער שפּראַך אַסימילירן זיי זיך. אין דעם איז ניטאָ קיין שום ספק.

און דאָס איז אַ גרויסער היסטאָרישער איבערבראָך אין דעם לעבן פון די אידן אין אַמעריקע. און דער ערשטער וועמען דאָס איז נוגע איז — דער שעפער און טרעגער פון אידישן וואָרט אין אַמעריקע, דער אידישער שרייבער.

וואָס לייגט אַף אונז אַרויף אָט דער גרויסער היסטאָרישער מאָמענט?

ער לייגט אַף אונז אַרויף, קודם כל, דעם הייליקן חוב צו באַגרייפן אַז —

מיר זיינען דער לעצטער דור אידישע שרייבער אין אַמעריקע.

איך רוף עס אָן אַ הייליקן חוב, ווייל עס איז ניט קיין קלייניקייט צו זיין אַ לעצטער דור. עס איז אַ גרויסע היסטאָרישע זכיה. עפענען אַ קולטור־עפּאָכע און אָפּשליסן אַ קולטור־עפּאָכע — זייער ווייניק דורות האָבן דעם זכות געהאַט. ווען אַ שרייבער שרייבט אַ זאַץ, ווייס ער, אַז דער אָנהויב און דער סוף זיינען די צוויי פּונקטן וואו עס ליגט די הויפּטקראַפט פון דעם זאַץ. און וואָס עס איז אמת וועגן אַ קליינעם זאַץ אַף פּאַפּיר איז אמת וועגן אַ טויזנט יאָר אין דער געשיכטע. פון וואַנען געקומען און וואוהין אַוועק — דאָס זיינען צוויי געהיימניספולע פראַגן. די דויער איז פאַרשטענדלאַך. דאָס לעבן ווען עס לויפט **זעט זיך אַליין.** אָבער דער געהיימער אָנהויב און דער טונקעלער סוף — זיי זיינען די גרויסע רעטעניש. מען פרעגט ניט פון וואָס האָט ער געלעבט, נאָר פון וואָס איז ער געשטאָרבן. אַ סך דורות אין דער צוקונפט וועלן אַראָפּקוקן אַף אונז, לעצטע אידישע שרייבער אין אַמעריקע, און וועלן פרעגן אָט די פאַטאַלע פראַגע, פאַרוואָס און ווי אַזוי מיר זיינען געשטאָרבן.

טאָ לאָמיר ניט שטאַרבן ווי נאַרן.

אַ נאַר איז — דער שטראוס פויגל.

אַ נאַר איז — ווער עס האָפט צו ציען וואַסער פון שטיין.

אַ נאַר איז — דער וואָס שרייט שלום, שלום, ואין שלום. ער איז אַ נאַר און אַ פאַלשער נביא.

געוויס, דאָס אידישע וואָרט אין אַמעריקע וועט נאָך לאַנג לעבן. עס ווֹעט נאָך אַ סך יאָרן זיין אַ אידישע פרעסע און אַ אידיש בוך אין אַמעריקע. אָבער שוין ניט אַזאַ סך אַז מען זאָל ניט קענען זען דעם עק. פון דעם אַמעריקאַנישן באָדן וועלן קיין אידישע לעזער און קיין אידישע שרייבער ניט וואַקסן. איבערהויפּט, קיין שרייבער ניט. זיי האָבן

דאָ ניט געשפּראָצט אין בעסערע צייטן, ווען עס איז נאָך מיט אידיש געגאַנגען בארג אַרויף, בפרט איצט, ווען עס גייט בארג אַראָפּ. מען זאָגט אונז, אַז שוין אַפן שיף, מיט קאָלאָמבוסן זיינען געקומען אידן קיין אַמעריקע, פונדעסט־וועגן האָט נאָך ביז היינטיקן טאָג אַמעריקע קיין איין אידישן שרייבער, אַ ריין אַמעריקאַנישע פּרי, ניט אַרויסגעגעבן. ניט קיין אידישן, ניט קיין העברעישן. אַמעריקאַניש־אידישער גייסט וויל זיך קליידן אין ענגליש. אַ סך אידן־שרייבער פאַרמאָגט אַמעריקע, אָבער קיין איינער פון זיי איז ניט געוואָרן קיין אידישער שרייבער, ניט דורך קינסט־לערישן שיקזאַל, ניט דורך אייגענער קינסטלערישער ברירה. אפילו קינדער פון אידישע שרייבער, וואָס זיינען אַליין שרייבער געוואָרן, זיינען אויך געוואָרן ענגלישע שרייבער. אַ ל ע. יעדער כלל האָט אַן אויסנאַם; אָבער ד ע ר כלל, האָט נאָך דערווייל נ י ט קיין אויסנאַם.

די אידישע שרייבער וואָס דאָס אידישע אַמעריקע וועט נאָך דאַרפן, וועט עס זיך אימפּאָרטירן פון דער אַלטער וועלט. אַזוי איז עס אייגנטלאַך געווען פריער און אַזוי איז עס איצט אויך. אַלע איצטיקע און ביז איצטיקע שרייבער אין אַמעריקע, האָבן זייער שורש אין דער אַלטער וועלט. און עס חזר׳ט זיך דאָ נאָר איבער אַן אַלטע דערשיינונג אין דער אידישער געשיכטע. יעדער אונטערגייענדיקער צווייג פון אידנטום האָט אַלע מאָל זיך אימפּאָרטירט זיינע רבנים און מלמדים פון דער פרעמד. דייטשלאַנד, פראַנקרייך, האָלאַנד, איטאַליע, האָבן לאַנגע צייטן באַצויגן זייערע רבנים פון פּוילן. אַמעריקע טוט עס אויך מיט אירע רבנים און רביים. היינטיקע צייטן איז דער שרייבער אויך אַ קהל׳שע באַדערפניש, און דער אידישער שרייבער ווערט אויך באַצויגן פון דער פרעמד. נאָר דאָס וועט אויפהערן ווען עס וועלן אויפהערן די לעצטע אידישע לעזער. אָבער אָן לעזער קען אַ ליטעראַטור אויסקומען, נאָר אָן שרייבער — ווי אַזוי?

דעריבער זאָג איך: לאָמיר באַגרייפֿן, אַז מיר זיינען דער לעצטער דור אידישע שרייבער אין אַמעריקע.

און וואָס בלייבט די לעצטע אידישע שרייבער צו טאָן?

ביז איצט זיינען מיר געגאַנגען אַף אַ וועג וואָס איז געווען אַ וועג — פֿון בעטלער. מיר האָבן גענומען, אונז נעמען, דאָס אידישע וואָרט און גייען אַרום איבער די הייזער דערמיט. מיר קלאַפּן אין טירן און בעטן זיך: אידעלאַך, עפֿנט; אידעלאַך, נעמט, עס איז גוט פֿאַר אייך; קוקט אָן, שיינע סחורה: שלום עליכם, פּרץ, אידישקייט, האַלב אומזיסט; אידעלאַך, האָט רחמנות, אַ שיין פֿאָלק, אַ גרויס פֿאָלק, אַן אַלט פֿאָלק, אַן אַלטע קולטור, קיין קליינינקייט ניט, האָט רחמנות, לאָזט עס נעבאַך ניט אונטערגיין...

אַזוי קלאַפּן מיר אין די טירן, און וויינען און בעטן זיך רחמים. און הינטער די טירן זיצט זיך אַ דזשאַנקפּעדלער פֿאַרנומען מיט זיינע פֿאַרזשאַווערטע חשבונות, אַ ריעל עסטייטניק וואָס טרוימט זיינע רענט־חלומות, אַ גרופּע ווייבער, באַם קאָרטן־שפּיל, אַ מיידל איבער דער „גרעפּיק" אָדער אַ אינגל איבער דער „סעטורדעי איוונינג־פּאָוסט"; וואָס זאָלן זיי מאַכן מיטן אידישן וואָרט? ווי פּאַסט זיך דאָ צום רומל אידישע ליטעראַטור, אידישער גייסט, זין פֿאַר קולטור, התחייבות פֿאַר דער געשיכטע, היסטאָרישע אידעאַלן — ווי קלינגט עס זיך צוזאַמען מיט אָט די מענטשן?

עס קלינגט זיך טאַקע ניט צוזאַמען, און זיי עפֿענען ניט, און לאָזן ניט אַריין.

אָבער ווער איז עס ער — יעדער איינער, ווער ער זאָל ניט זיין — אַז דאָס אידישע פֿאָלק זאָל אים קלאַפּן אין טיר און פֿאַלן צו די פֿיס אין תחנונים? ווער זיינען זיי עס, וויפֿיל זיי זאָלן ניט זיין, אַז מיין גרויס און שטאָלץ פֿאָלק, זאָל קומען בעטן באַ זיי אַ נדבה — אַ פֿינגערהוט אַנערקע־

נונג? זינט ווען איז עס אפגעשאפט געוואָרן דאָס געזעץ, אַז דאָס גאַנצע איז גרעסער ווי יעדער טייל זיינער?

עס האָט זיך איבערגעקערט די געשיכטע. אַמאָל האָט דער אידישער יחיד געזוכט אַ תיקון אין זיין פאָלק, היינט ווילן מיר זוכן אַ תיקון פאַרן פאָלק דורכן יחיד. מיין פאָלק, וואָס איז גייסט, זאָל אויסגעלייזט ווערן דורך די גייסט־לאָזע! עס איז אַ פאַלשער וועג און אַ געמיינער, אַ וועג פון אָרעמע השגות! ער פירט ניט ארוים אַף גרויסע לאַנדשאַפטן מיט ברייטע האָריזאָנטן און ווייטע פערספעק־טיוון; אַזאַ וועג פירט נאָר ערגעץ אין אַן ענגער, פינצ־טערער און מיזעראַבלער נאָרע.

ניט דאָס איז דער וועג.

עס איז פאַראַן אַ צווייטער וועג, דער וועג פוןווירדע, פון כבוד, פון מענלאַכקייט, פון העראָישקייט, פון גייסטיקער גבורה, און דאָס איז —

מיר זיינען פאַר׳משפּט צום אונטערגאַנג — לאָמיר אָנעמען דעם אונטערגאַנג!

ניט די אידישע שפּראַך גייט אונטער פון דער וועלט. איז ניט אין אַמעריקע — איז אין פוילן, רוסלאַנד, אַרגענ־טינע. וואו עס וואַקסט גראָז, דאָרט וואַקסט אידיש. דער שיקזאַל פון אידיש איז ווי דער שיקזאַל פון אידישן פאָלק.

און ווען עס וועט שוין ניט זיין קיין איין איד, וואָס וועט לערנען אידיש, וועלן עס — די דייטשן טאָן... די דייטשן לערנען אַלץ. די ערשטע גראַמאַטיקעס פון אידיש האָבן זיי דאָך געשריבן. תנ״ך קענען זיי אויך בעסער ווי מיר. ניט די אידישע שפּראַך אין דער וועלט גייט אונטער. נאָר מיר, נאָר אונז, אַמעריקאַנער אידישע שרייבער, איז אָנגעצייכנט אונטערגאַנג.

טאָ לאָמיר עס אָנעמען ווי אונזער גרויסן און געהויי־בענעם שיקזאַל. דאָס וועט זיין שיין און ווירדיק, און לאָגיש

און נוצלאָך. עס וועט אַריינברענגען אַ זין אין אונזער לעבן און אַ טאָלק. מיר ווען וויסן אַף וואָסער וועלט מיר זיינען. די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע גייט איצט אָן אַ קאָמפּאַס, זי איז ווי אַ שיף אין וועלכער די מאַשינעריע איז קאַליע געוואָרן. זי האָט ניט קיין ציל, זי האָט ניט קיין פירנדיקע אידייע. דאָס איז דערפאַר וואָס זי באַקומט ניט קיין אָנטרייב פון לעבן. דער לעבנס־שטראָם פליסט אין אַן אַנדער זייט און לאָזט אונזער שיף אַף אַ וויספע.

טאָ לאָמיר אויפציען די זעגלען און פאַרנעמען זיך צו מערב, אהין וואו די זון גייט אונטער!

זונאונטערגאַנג איז שיין. הארבסט איז שיין. די בלייכע באַקן פון יונגן טויט זיינען שיין. וועלקנדיקע רויזן שמעקן שיין. דעקאַדענטישע ליטעראַטור איז שיין. לאָמיר שרייבן פון אונזער דעקאַדענץ, לאָמיר זינגען די הימנע פון אונזער אונטערגאַנג...

עס טוט וויי — נו, מאַכן מיר פון וויי טיק קונסט!

און ווען עס וועט שוין גאָר ביטער ווערן אין דעם לעבן, אין דעם שווערן, וועלן מיר, די שטאַרקע פון גייסט צווישן אונז, גיין צו די גרויסע אידישע צענטערן אין דער וועלט, וואו אידיש איז אידיש, דאָרטן צו שטאַרקן אונזער האַרץ און נערן אונזער כח און טאָן אונזער אַרבעט. אַזוי האָבן געטאָן אונזערע אבות־אבותינו יאָרהונדערט נאָך יאָרהונדערט. איבער אַלע וועגן פון דער וועלט האָבן זיי זיך געצויגן צו יעדן אָרט וואָס איז געווען אַ מקום־תורה. עס איז אַן אַלטע טראַדיציע, און אַ טראַדיציע פון מענטשן פון גייסט בכלל. ניט איין אַמעריקאַנישער קינסטלער אפילו האָט אָפּגעשאָקלט די שטויב פון זיין לאַנד פון זיך, ווען די שטויב האָט שוין צו שטאַרק געשטיקט אין האַלדז, און איז געפאָרן אין אַן אַנדער וועלט זוכן קינסטלערישע רעטונג.

מיר וועלן עס אויך טאָן. פאַר קונסט מעג מען ליידן. פאַר קונסט דאַרף מען ליידן. קונסט איז ליידן. „די געט־לאַכע קאָמעדיע“, דערציילט מען אונז, האָט איר דיכטער ביז צום ביין אויסגעצערט.

לאָמיר אָנעמען דעם אונטערגאַנג. ווען מיר טוען עס ניט, טוען עס דאָך די שונאים סיי־ווי־סיי. אָבער זיי טוען עס גראָב, מיט ציניזם, מיט טיפּלשער פרייד; מיר וועלן עס טאָן מיט ליבשאַפט, מיט פינגער פון וועלכע עס טריפן — חלומות.

לאָמיר אָנעמען דעם אונטערגאַנג. עס איז קיין שאַנדע ניט אונטערצוגיין. אַ סך אידישע דורות פאַר אונז זיינען אונטערגעגאַנגען. אַ סך פעלקער זיינען אונטערגעגאַנגען. רוים איז אונטערגעגאַנגען. גריכנלאַנד איז אונטערגעגאַנגען. און — בעסער אונטערצוגיין מיט גריך און רוימער איידער אויפצוגיין מיטן דזשאַנק־פּעדלער...

לאָמיר אָנעמען דעם אונטערגאַנג און לאָמיר ברענגען אונזער הויז אין אָרדנונג. לאָמיר שרייבן אונזער גרויסע ליטעראַרישע צוואה. און ניט אין צער נאָר מיט פריילאַכן געמיט. לאָמיר „עסן און טרינקען, ווייל מאָרגן שטאַרבן מיר“. לאָמיר געבן אידיש אונזער בעסטן טאַלאַנט. און לאָמיר זיך ניט צאַצקען יעדער מיט זיין אייגן ליכטל, נאָר אַלע ליכט צוזאַמען, די פלאַם זאָל גרויס און שיין זיין! לאָמיר זיין געךעכט איינער צום אַנדערן. לאָמיר דער־ווייטערן פון צווישן אונז דאָס שלעכטע און דערהויבן דאָס גוטע. די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע שטאַרבט, שטאַרבט אין פּאַפּירענע תכריכים — טאָ זאָלן זיי כאָטש זיין כשר׳ע, אָן פלעקן. לאָמיר זיך אויפהערן צו שלאָגן. פאַר לעבן שלאָגט מען זיך, איבערן טויט איז ניטאָ וואָס זיך צו שלאָגן. און פון טויט קען מען זיך ניט אויס־באַהאַלטן. לאָמיר רעדן פון טויט, פונם טויט פון אַ דור וואָס שטאַרבט. זאָל דאָס ווערן די גרויסע טעמע אין אונזער

ליטעראַטור. דעקאַדענטישע עפּאָכן, עפּאָכן פון אונטער־גאַנג, זיינען אויך אָפט געווען גרויס און גייסטרייך. די נאַכט ווען סאָקראַטעס איז געשטאָרבן איז געווען זיין שענסטע נאַכט: ער האָט אין איר גערעדט זיינע שענסטע רייד וועגן — אומשטערבלאַכקייט.

זאָל אונזער ליטעראַטור, אין איר לעצטער סטאַדיע אין אַמעריקע, זיך אומשטערבלאַך מאַכן דורכן — טויט.
(1928).

# די נשמה פון דער אידישער ליטעראַטור

די אידישע ליטעראַטור איז נאָר איין עפּיזאָד אין דעם געוואַלטיקן פּראָצעס, וואָס הייסט די אידישע קולטור און וואָס ציט זיך, אין דער לענג, איבער אַ האַלבער געשיכטע, און נעמט אַרום, אין דער ברייט, פּאַקטיש די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט. פון די עלטסטע ציימן אָן איז דער אידישער געניוס געווען צעשפּרייט איבער אַ סך שפּראַכן. אין דער ערשטער ריי איז געקומען, נאַטירלאַך, העברעיש. אָבער דער שיקזאַל פון אַ גלות־פאָלק האָט געצוואונגען די אידן אַריינצולייגן טייל פון די טייערסטע רייכטימער פון זייער גייסט אין כמעט אַלע שפּראַכן פון דער ציוויליזירטער מענטשהייט. נאָר אַרום דעם אכטן־ניינטן יאָרהונדערט, הויבן די אידן אָן אויסצובילדן אַ צווייטע אייגענע שפּראַך — אידיש. עס איז אויסגעפאַלן אויף דעם מזל פון דער דייטשישער שפּראַך צו ווערן דער יסוד פון אידיש. אַ סך שפּראַכן האָבן אידן גערעדט אין די פאַרשיידענע לענדער פון זייערע לאַנגע וואַנדערונגען, אָבער נאָר דער דייטשישער שפּראַך איז באַשערט געווען זיך איינצוּוואַקסן אין דער אידישער נשמה ווי אַן אייגענע. די אידן האָבן זי איבער־געפלאָכטן צוערשט מיט העברעישע עלעמענטן, און שפּעטער, אין די סלאַווישע לענדער, מיט סלאַווישע עלעמענטן און פון דער דריי־פאַכער פאַרייניקונג איז אַרויסגעקומען אַ מערק־ווירדיק אָריגינעלע און אויסדרוקספולע שפּראַך. די אידישע שפּראַך איז אַ מאָנומענט צום אידישן שפּראַך־געניוס אין דער מאָדערנער צייט אַזוי ווי העברעיש אין דער אַלטער צייט.

צוליב דעם פיל־שפּראַכיקן כאַראַקטער אירן, פאַלט זיך די אַלגעמיינע אידישע קולטור פאַנאַנדער אין דריי

גרויסע רייכן, און אידיש פאַרנעמט אַ מיטעלע פּאָזיציע צווישן העברעיש פון איין זייט און די וועלט־שפּראַכן פון דער אַנדערער זייט. און פון די פריסטע צייטן פון איר עקזיסטענץ ביז היינטיקן טאָג ווערט די אידישע שפּראַך העפטיק געדריקט פון אירע צוויי שכנים. יענע אידן, וואָס האָבן אַלעמאָל געשטרעבט צו אַסימילאַציע זעען אין אידיש אַ שטאַרקע פעסטונג פון אידישקייט און זיי מיען זיך מיט אַלע כחות, זי אונטערצוגראָבן, פריידיקנדיק פאַראַכטונג צו איר אין נאָמען פון קאָסמאָפּאָליטיזם; און, פון דער אַנדערער זייט, דאָס רבנ'ישע און דאָס נאַציאָנאַליסטישע אידנטום האָבן געקעמפט און קעמפן קעגן אידיש אין נאָמען פון אַ מין העכערן נאַציאָנאַליזם. אין זיבעצענטן יאָרהונ־דערט, צום ביישפּיל, האָט איינער איבערזעצט די תפילות פון העברעיש אין אידיש, כדי די וואָס פאַרשטייען ניט קיין לשון־קודש זאָלן דאַווענען אין דער שפּראַך, וואָס איז נאָענט צו זייער הארצן. האָבן די רבנים דעם איבער־זעצער אַריינגעלייגט אין חרם און זיינע ספרים פאַרברענט. און באַ היינטיקן טאָג אין פּאַלעסטינע, דערלויבן ניט פאַנאַטישע העברעיסטן צו באַנוצן אידיש אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען די שפּראַך פון אַ פאַרהאַסטן פיינט.

אָבער ניט קוקנדיק אַף די דריפות פון יאָרהונדערטן, איז אידיש געוואַקסן און האָט זיך אַלץ מער און מער פאַר־שפּרייט אַזוי, אַז היינט צוטאָג ווערט אידיש גערעדט אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט וואו נאָר עס איז פאַראַן אַ אידישער ישוב, און אין קינסטלערישן זין האָט זי אויסגע־בילדט אַ ברייטע און פאַרצווייגטע ליטעראַטור.

## די ליטעראַטור.

די אידישע ליטעראַטור איז דער פּראָדוקט פון אַ מערקווירדיקער געשיכטע און אַ מערקווירדיקער פסיכאָלאָגיע.

ווי זאָל דער זין פון דער דאָזיקער געשיכטע און פסיכאָ־לאָגיע אַמבעסטן אויסגעדריקט ווערן?

אפשר דורך אַ פּאָר פאַקטן, וואָס קענען דינען אַלס סימבאָלן.

אַט איז איין סימבאָל. אין משך פון הונדערטער יאָרן זיינען די אידן אין אייראָפּעישע שטעט אויסגעטיילט געוואָרן אין באַזונדערע קוואַרטאַלן, די געטאָס, וועלכע פלעגן זיך פאַרמאַכן אונטער ריגל און שלאָס, ווי געפענקענישן. אָפט זיינען די אידישע געטאָס געווען די מיסט־קאַסטנס פון די קריסטלאַכע קוואַרטאַלן.

אַ צווייטער סימבאָל: פון דעם מיטלאַלטער זיינען געבליבן בילדער פון אידישע הייזער וועלכע ווייזן, אַז אָפט זיינען די אידישע הייזער געבויט געוואָרן אַזוי ווי פעסטונגען, אָן פענצטער, כדי צו באַשיצן די גע׳רודפ׳טע איינוואוינער קעגן די גרויזאַמקייטן פון דער דרויסנדיקער וועלט.

אַ דריטער סימבאָל: דער אידישער קולטור־היסטאָריקער מ. גידעמאַן, הויבט אָן זיין באַרימט ווערק „די אידישע קולטור געשיכטע אין מיטלאַלטער”, מיט פאָלגנדע ווערטער: „ווער עס וויל שרייבן די געשיכטע פון די אידן אין פערצנטן יאָרהונדערט, יענער מוז מאָלן אַ בית־עולם”.

אַ פערטער סימבאָל: דער אידיש־דייטשישער פילאָזאָף סאַלאָמאָן מיימון, דערציילט נאָך צום סוף פון 18טן יאָרהונדערט ווי אַזוי זיין זיידע איז געשטאָרבן. דער פּריץ בא וועלכן די מיימונס האָבן געלעבט אַלס אַרענדאַרן האָט איינמאָל, צוליב אַ קאַפּריז, געשיקט רופן דעם אַלטן מאַן, האָט געלאָזט ברענגען אַן עמער וואַסער און אים באַפוילן: טרינק! דער אַלטער האָט געמוזט טרינקען אַזוי לאַנג ביז ער האָט געפּלאַצט.

אַט די עטלאַכע ביישפּילן זיינען ניט קיין „קוריאָזן”. זיי זיינען די סימבאָלן פון אַ „נאָרמאַלן” צושטאַנד וואָס האָט עקזיסטירט הונדערטער יאָרן. אַט דאָס איז געווען דאָס אידישע לעבן צווישן די פעלקער פון אייראָפּע ביז

נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אין דער רוסישער אימפּעריע, מיט געוויסע ענדערונגען, ביז דעם פאַלן פון די צאַרן אין 1917. אין פאַרשיידענע לענדער און פאַרשיי־דענע צייטן האָבן די אידישע אונטערדריקונגען אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען, אָבער שטענדיק, אָן אויפהער, זיינען זיי געווען.

ווי אַזוי האָט אַ קליין פאָלק, וואָס האָט ביז דעם נייַנצנטן יאָרהונדערט געציילט אינגאַנצן אַ פיר־פינף מיליאָ־נען מענטשן, געקענט אַריבערטראָגן אַזוי פיל אונטער־דריקונגען און בלייבן לעבן?

אפשר וועט אַ פינפטער סימבאָל, דער הויקער פון אַ אידן, עס דערקלערן. דער אידיש־דייטשישער פילאָזאָף, מאָזעס מענדעלזאָן, וועלכער איז געווען אַ קראַנקער מענטש און פון זיצן אייביק געבויגן איבער די ביכער איז ער גע־וואָרן אַ הויקער, שרייבט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע וועגן רמב"ם, וואָס זיינע ספרים זיינען קיינמאָל ניט אַראָפּ פון מענדעלזאָנ'ס טיש: „אָט דעם מיימוני האָב איך צו פאַר־דאַנקען וואָס מיין רוקן אין אויסגעקרומט געוואָרן, אָבער ער האָט מיר צענפאַך באַצאָלט פאַר מיין פאַרקריפּלטן קערפּער".

אָט דער פּאַטעטישער עפּיזאָד אין מענדעלזאָנ'ס לעבן דערציילט שענער ווי טויזנט פראַזן וואָלטן עס געקענט וועגן דער געוואַלטיקער ליידנשאַפט וואָס האָט געהערשט באַ אידן צו זייערע אַלטע קולטור־אוצרות. אין דעם קליינעם עפּיזאָד שטעלט „אידיש פאָלק" אָנשטאָט מענדעלזאָן און „אידישע קולטור" אָנשטאָט רמב"ם און דאָס בילד בלייבט אַלציינס ערלאָך און ריכטיק. ווארום די דאָזיקע ליידנשאַפט איז ניט געווען קיין אינדיווידועלע, נאָר אַ נאַציאָנאַלע, און ניט קיין ספּאָזמאַטישע דערשיינונג, נאָר אַ באַשטענדיקער צו־שטאַנד. די אידישע פאַרליבטקייט און צוגעבונדנקייט צו זייערע הייליקע ספרים איז געווען אַן אמת'ע נאַציאָ־

נאָלע שכרות וואָס האָט אָנגעהאַלטן הונדערטער יאָרן. אין דעם גרויסן געננס פון לערנען זיינען אַלע ליידן דערטרונקען געוואָרן, און אַלע פאַרגעניגנס פון דער וועלט, אפילו דער וואוילזיין פון קערפער, זיינען בטל ומבוטל געוואָרן. די אומגעהויערע רייכקייט און קראַפט פון דער אַלטער אידישער קולטור מיט דעם געוואַלטיקן צויבער, וואָס זי האָט אויסגעאיבט אַף דעם אידישן געדאַנק, — דאָס איז עס געווען וואָס האָט געהאָלפן אויפצוהאַלטן דאָס קליינע פאָלק אין זיין אומגליקלאַכן לעבן.

און אַזוי, אויסגעטיילט צו שאַנד און לייד צווישן פעלקער, פאַרטריבן פון דער אָפענער וועלט הינטער די פינצטערע ווענט פון דער געטאָ, און באַצויבערט פון דעם כישוף פון אַ ריזיקער אַלטער קולטור — אָט דאָס איז געווען די מערקווירדיקע סביבה און די אייגנאַרטיקע פּסיכאָלאָגיע אין וועלכער עס האָט זיך אַנטוויקלט די אידישע ליטעראַטור.

## פרעמדע איינפלוסן.

מען וואָלט געקענט מיינען, אַז אין אַזאַ אַטמאָספערע האָט די אידישע ליטעראַטור געדאַרפט בלייבן אינגאַנצן איזאָלירט פון יעדן איינפלוס פון דער דרויסנדיקער וועלט. אָבער דער סענזיטיווער אידישער גייסט האָט אַפילו דורך די שפּאַלטן פון די געטאָ-ווענט געפונען אַ וועג צו דער אַרומיקער סביבה און האָט פון דאָרט איינגעזויגן פרוכטבאַרע איינפלוסן. עס איז אַן איבעראַשונג צו געפינען אַז די ערשטע אָנפאַנגען פון דער אידישער ליטעראַטור האָבן אַ שטאַרקע ענלאַכקייט צו דער דייטשישער ליטעראַטור פון יענער צייט. צווישן די געציילטע דענקמעלער פון דער פאַרציייטיקער אידישער ליטעראַטור (1400-1600) וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונז, געפינען זיך, צום ביישפּיל, אַן אַרטור ראָמאַן, אַ בוך וועגן דעם פרינץ בבא וואָס איז געווען אַ פּאָפּולערע געשיכטע אין אייראָפּע, אַ ראָמאַן מיטן נאָמען „פּאַריז און וויענאַ“, מעשיות וועגן דעם דייטשישן העלד טיל

אווילענשפיגל און אַ סך אַנדערע. אַ טייל פון דער דייטשישער „שפּילמאַן־דיכטונג" איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן ווי זי שטייט און גייט אין דער געטאָ און אַן אָריגינעלע אידישע „שפּילמאַן־דיכטענג" איז געשאַפן געוואָרן נאָך די דייטשישע מוסטערן. ווען דער דרוק איז דערפונדן געוואָרן זיינען אַ סך דייטשישע געשיכטן, פאָלקס־מעשות, העלדן־לעגענדן און לידער, איבערזעצט געוואָרן אין אידיש און זיינען שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער אידישער גאַס. אין יענער צייט איז נאָך אידיש, מיט דער אויסנאַם פון דעם העב־רעישן עלעמענט, געווען אַזוי ענלאָך צו דעם דייטשישן מקור, אַז איבערזעצן אין אידיש האָט געמיינט בלויז — אַפּצודרוקן דאָס דייטשישע ווערק אין אידישע אותיות. שפּעטער אָבער זיינען אַ סך פון די דייטשישע ווערק פאַר־אידישט געוואָרן און אַ סך העלדן־זאַגן פון תנ"ך און פון דער אידישער געשיכטע זיינען איבערגעדיכטעט געוואָרן אין דעם עפּישן סטיל פון די דייטשישע העלדן־זאַגן.

## היימישע פאָרמען.

אָבער ניט אין דער דאָזיקער ריכטונג איז באַשערט געווען דער אידישער ליטעראַטור צו גיין. די דרויסנדיקע ווירקונגען וועלכע זיינען געקומען ניט נאָר פון דייטשלאַנד נאָר אויך פון איטאַליע, האָבן ניט געקענט ביישטיין דעם שטאַרקערן איינפלוס וואָס די אַלטע העברעישע ליטעראַטור האָט געהאַט אַף אידיש. אין איר אייגנאַרטיקער סביבה האָט די אידישע ליטעראַטור ניט געקענט מיטגיין יענעם וועג, וואָס די אייראָפּעישע ליטעראַטורן האָבן דורכגעמאַכט. די רענעסאַנס, וועלכע האָט אַרונטערגעפירט די אייראָפּעישע ליטעראַטורן אונטער דעם איינפלוס פון גריכיש־רוימישע פאָרמען, איז פאַר דער אידישער ליטעראַטור אַריבער אָן שום ווירקונג. אָנשטאָט גריכיש־רוימישע מוסטערן האָט די אידישע ליטעראַטור געהאַט די אַלטע ביבלישע און נאָך מער די תלמוד'ישע און רבנ'ישע ליטעראַטור פאַר איר

מוסטער. אַזוי איז עס געווען פּאַקטיש ביזן מיטן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט. און דאָ איז די גרויסע כאַראַקטע־ריסטיק און דער באַזונדערער רייץ פון דער עלטערער אידישער ליטעראַטור: אין מיטן פון אייראָפּע איז זי געבליבן אַ ליטעראַטור פון אָריענטאַלישן סטיל און אידיש־אָריענטאַלישן לעבנסזין.

וואָס פאַר אַ ליטעראַטור איז עס?

קודם־כל איז עס ניט קיין ריין וועלטלאַכע ליטעראַטור נאָר אַ רעליגיעז־פאַרפאַרבטע. עס איז ניט קיין ליטעראַטור, וואָס איז אַ צוועק פאַר זיך אַליין, נאָר אַ ליטעראַטור וואָס שטרעבט צו דערגרונטעווען און פעסטצושטעלן די שייכות פון גאָט, וועלט און מענטש איינע צו די אַנדערע, און פון מענטש און מענטש צווישן זיך. אין גרויסן איבערוויגנדיקן רוב באַשטייט זי פון קליינע, אָפּטמאָל פּיצינקע מעשה'לאַך. די מעשה'לאַך ווערן ניט דערציילט פאַר זיך אַליין, נאָר זיינען צוגעטשעפּעט צו אַ גרויסן מאָראַלישן אָדער רעלי־גיעזן געדאַנק. אַמאָל ווערט דער געדאַנק אַרויסגעזאָגט צוערשט און די מעשה'לע קומט נאָך אים צו אילוסטרירן און אַמאָל ווערט די מעשה'לע דערציילט צוערשט און דער געדאַנק ווערט אַרויסגעבראַכט צום סוף. אָבער שטענדיק איז דער געדאַנק דער טייערער שטיין און די מעשה'לע דער גאָלדענער רינג, וואָס פּאַסט אים איין.

די דאָזיקע אייגנאַרטיקע פאָרמע האָט די אידישע ליטעראַטור געבאָרגט פון אַ זייער חשוב'ן קוואַל — דעם תלמוד. דער תלמוד איז אין דער אמת'ן נאָר אַ באַאַרבעטונג און אַ פּירוש אַף דעם תנ"ך און אַלס אַזעלכער איז ער שטענדיק געצוואונגען זיך סומך צו זיין אַפן תנ"ך און אים ציטירן. אָבער דער תלמוד איז אויך פול מיט קליינע מעשה'לאַך, וועלכע ווערן אָפט צוגעקייטלט צו פּסוקים פון תנ"ך, אָדער צו באַרימטע מאמרים פון רעליגיעזער לערע. דער דאָזיקער סטיל פון תלמוד איז אויפגעהאַלטן געוואָרן

פון אַ סך דורות רעליגיעזע דענקער, לערער און טרוימער, וועלכע האָבן אין משך פון יאָרהונדערטן קולטיווירט דעם תלמוד און שפּעטער די קבלה, אַזוי ווי דער תלמוד האָט קולטיווירט דעם תנ"ך. און אַזוי איז די דאָזיקע דערציילע־רישע פאָרמע געווען טיף פאַרוואָרצלט אין אידישן שאַפן. און ווען עס איז געקומען די ליטעראַטור אין אידיש, איז זי נאַטירלאַכערווייז געגאַנגען דעם זעלביקן וועג.

אַזוי ווי די דאָזיקע מעשה'לאַך, די הויפּט־פאָרמע פון דער אידישער ליטעראַטור אין אירע ערשטע יאָרהונדערטן, זיינען ניט געבוירן געוואָרן פאַר זיך אַליין, פירן זיי ניט קיין זעלבסטשטענדיקן לעבן, נאָר ליגן איינגעקנאָטן אין דעם הייליקן אינהאַלט פון אַלערליי רעליגיעזע ספרים. דאָס רוב פון די דאָזיקע ספרים זיינען געשריבן געוואָרן כדי צו באַלערנען און פאַרווײַלן די אידישע פרוי און אָפטמאָל אויך דעם אידישן פאָלקס־מאַן, צוויי עלעמענטן וואָס האָבן זעלטן געקענט העברעיש. אַ סך יאָרהונדערטן זיינען די דאָזיקע ספרים מיט זייערע מעשה'לאַך געווען די איינציקע גייסטיקע שפּייז פון דער אידישער פרוי, אַ אמת'ער גן־עדן פאַר איר פרומער נשמה.

אין די טויזנטער און טויזנטער זיינען די דאָזיקע מעשה'לאַך צעשפּרייט איבער די פרומע אידישע ספרים פון אַ משך פון עטלאַכע הונדערט יאָר. אַ געוואַלטיקע פאַנטאַסטיק און די דערפאַרונג פון לאַנגע קולטור־דורות איז אין זיי אַריינגעלייגט. די מערסטע פון די דאָזיקע מעשה'לאַך קענען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון דעם געדאַנק, וואָס האָט זיי געבוירן אין אויפהיטן זייער קינסטלערישע גאַנצקייט. אָבער אַ סך פון זיי לאָזן זיך לייכט אַרויסנעמען פון דער ראַם און קענען בלייבן זעלבסטשטענדיקע מייסטער־ווערק אין מיניאַטור, קונסטווערק אָפטמאָל ניט מער ווי עטלאַכע שורות די גרויס. אָט די אומצייליקע קליינינקע מעשה'לאַך שטעלן מיט זיך פאַר אַ ליטעראַרישן אוצר, וואָס איז זעלטן אין זיין מין. ווען מען דענקט וועגן דער דאָזיקער

ליטעראַטור אין איר גאַנצן ריזיקן אומפאַנג און מאָדנער בלענדנדיקער שיינקייט, שטעלט זי זיך פאָר אין דער פאַנ־טאַזיע ווי אַ מין ליטעראַרישער מילך־וועג, אָנגעשאָטן מיט שטערן־שטויב.

אָבער איר העכסטע אַנטוויקלונג האָט די דאַזיקע דער־ציילערישע פאָרם געקראָגן אין אַכצנטן און ניינצנטן יאָר־הונדערט, ווען עס איז אויפגעשטאַנען די באַוועגונג פון חסידיזם.

## די חסידישע מעשה׳לע.

דער חסידיזם איז איינע פון די מעכטיקסטע רעלי־גיעזע באַוועגונגען אין דער געשיכטע פון אידישן פאָלק. ער האָט אויפגעטרייסלט די אידישע וועלט ניט ווייניקער ווי די רעפאָרמאַציע האָט אויפגעטרייסלט די קריסטלאַכע. ער איז געקומען ווי אַ רעאַקציע צו דעם קאַלטן פאָרמאַליזם פון רבנ׳ישן אידנטום. דאָס רבנ׳ישע אידנטום האָט זיך אַלץ מער און מער אָוועקגענייגט אין דער זייט פון פּלפּול, פון אַ מין סכאָלאַסטישן דענקען און פּילן, און איז וואָס ווייטער אַלץ פרעמדער געוואָרן דעם פּראָסטן אידן וואָס האָט ניט געהאַט די נויטיקע לומדות צו קענען נאָכגיין דעם פאַר־פּלאָנטערטן וועג פון רבנ׳ישן דענקען און חקירה׳ן. עס איז געוואָרן אַ סכנה, אַז פאַרן פּראָסטן פאָלקס־מענטשן זאָל דאָס אידנטום ווערן ניט מער ווי אַ געוועב פון קאַלטע דאָגמען. אָבער דער חסידיזם האָט געפונען נייע וועגן צום האַרצן פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן. אַנשטאָט אַ קאָפּ־זאַך און אַ זאַך פון מנהג, האָט דער חסידיזם ווידער פאַרוואַנדלט דאָס אידנטום אין אַ זאַך פון האַרצן און פון אומיטלבאַרער איבערלעבונג. אַפּן פּלאַץ פון דער לומדות וואָס נאָר ווייניק האָבן געקענט דערגרייכן, האָט דער חסידיזם געמאַכט פאַרן עיקר פון אידנטום די פרומע דבקות פון תפילה, וואָס איז צוגענגלאַך פאַר יעדן מאַן. דער חסידיזם איז געווען דער רעוואָלט פון פרישן געפיל, פון ריינער כונה, פון בלוט־

ווארעמען אימפּולס קעגן דעם קאַלטן אויסגעטרוקנטן פאָרמאַ־
ליזם אין אידישן רעליגיעזן לעבן.

פילאָזאָפיש איז דער חסידיזם אַ מין מיסטישער פּאַנ־
טעאיזם. די וועלט, לויט דעם חסידיזם, איז ניט גאָט'ס
פוס־בענקעלע און אויך ניט אַ קאַלטע אויסשטראַלונג פון
גאָט, נאָר איז גאָט אַליין. דער אוניווערזום איז דער שלייער
וואָס אי ער פאַרשטעלט, אי ער אַנטפּלעקט די געשטאַלט
פון גאָט. „גאָט איז דאָס לעבן פון לעבן". און ווען גאָט איז
אַלץ, איז ער פאַראַן אין דעם בייזן אַזוי גוט ווי אין דעם
גוטן, אין דעם מיאוס'ן אַזוי גוט ווי אין דעם שיינעם, אין
דעם פּראָסטן ווי אין דעם אויסטערלישן, אין זינד ווי אין
טוגנט. עס איז דעריבער ניטאָ קיין אַבסאָלוטע שלעכטס און
אַבסאָלוטע מיאוס'קייט. שלעכטס און מיאוס'קייט זיינען
נאָר קלענערע מדרגות פון גוטס און שיינקייט. אַלץ אין
דער וועלט ציט זיך צו שטענדיק העכערע מדרגות פון גוט
און שיין, צו דער העכסטער מדרגה וואָס איז גאָט. דער
עיקר אַלזאָ ליגט אין דער אינטענסיווקייט פון דעם שטרעבן
צו דער העכסטער מדרגה, אין דער כונה און דבקות, דאָס
הייסט אין — עקסטאַטישקייט.

די דאָזיקע באַגריפן פון דעם חסידיזם האָבן געעפנט
אַ נייעם קוואַל פון רעליגיעזער באַגייסטערונג פאַר די אידי־
שע מאַסן, וואָס זיינען געווען גייסטיק און מאַטעריעל דער־
נידעריקט ביז צו דער ערד. דער חסידיזם האָט זיי נענטער
געבראַכט גאָט און ליבער געמאַכט די וועלט. דער מענטש
איז דורך דעם חסידיזם לעבעדיקער פאַרבונדן געוואָרן מיט
דעם אַל־וועלט. דער חסידיזם האָט באַטאָנט די לעבנספרייד
קעגן דעם אַסקעטיזם, די האָפענונג קעגן יאוש און די
דעמאָקראַטישקייט פון הארצן קעגן דער אַריסטאָקראַטיש־
קייט פון געדאַנק.

צווישן גאָט און פאָלק שטייט דער צדיק אַלס פאַר־
מיטלער. דער צדיק, אָדער דער רבי, איז דער רעאַליזירטער

איבער־מענטש. ער איז די אבסאָלוטע פולקאָמענקייט. ער איז אַ זעער. ער איז אַזוי היימיש אין די הימלען ווי ער איז באַהאַוונט אַף דער ערד. זיין וויכטיקייט אַף דער ערד ליגט אין דער חשיבות וואָס ער האָט אין הימל. ער איז דער סימבאָל פון דער העכסטער דערנענטערונג צו גאָט אַף וועל־כער דער מענטש איז פייאיק. צווישן גאָט און מענטש הערשט אַ דינאַמישע באַציאונג: ניט נאָר ווירקט גאָט אַפן מענטשן, נאָר דער מענטש, דורך גרויסן, קאָנצענטרירטן עקסטאַז און געהויבענער דבקות, קען באַווירקן גאָט. יעדער בשר ודם קען עס, איבערהויפּט אָבער דער צדיק. גאָט איז גוזר און דער צדיק איז מבטל.

אַזאַ געדאַנקען־גאַנג האָט אָוועקגעשטעלט די וועלט און די רעליגיע אין אַ נייעם פּנים פאַר דעם אידישן פאָלקס־מענטשן. דער חסידיזם איז געווען ניט נאָר אַ נייער געדאַנקען־גאַנג, נאָר אַ נייער רעליגיעזער געמיט, אַ נייע רעליגיעזע שטימונג, וואָס האָט באַוויזן דעם כח אָנצוצינדן מיליאָנען מוחות מיט הויכן עקסטאַז און טיפער לעבנס־פרייד. און פון דער דאָזיקער ניי־אומגעשאַפענער און אָפּגעפרישטער פּסיכאָלאָגיע האָט דער קינסטלעריש־שעפע־רישער גייסט פון אידישן פאָלק אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט אַזאַ קראַפט, גלייך ווי אַ נייער קוואַל וואָלט פּלוצלונג אויפגעבראָכן. די אידישע וועלט איז בוכשטעבלאַך פאַר־פלייצט געוואָרן מיט אַ מין וואונדער־דערציילונג וואָס פאַר־כאַפּט דעם אָטעם מיט איר אָריגינעלער פאַנטאַסטיק אין וועלכער הימל און ערד, גאָט און מענטש זיינען דורכגעמישט אין טאָג־טעגלאַכן, אינטימען פאַרקער. עס איז נאָך אַלץ דער זעלבער תלמוד׳ישער זשאַנר, אָבער די נייע חסידישע מעשה׳לע וועבט זיך שוין דאָס רוב אַרום אַ העלד. דער העלד איז דער צדיק. און עס איז דאָ אויך פאַראַן אַ צווייטע שטענדיקע פיגור — אליהו הנביא. אליהו הנביא איז דער שליח, וועלכער פירט אָפּט אוים דעם צדיק׳ס געהיים־הייליקע פּלענער, וואָס זיינען אין לעצטער ריי גאָט׳ס ווילן.

דער מחבר פון דער חסידישער מעשה׳לע איז אָפט דער צדיק אַליין, אָדער זיינע באַגייסטערטע דיכטערישע תלמידים. די מערסטע חסידישע מעשה׳לאַך דערציילן די וואונדער פון באַשטימטע היסטאָרישע צדיקים. און אַזוי איז אין דער חסידישער מעשה׳לע אויסגעמישטווירקלאַכקייט און טרוים, געשיכטע און פאַנטאַזיע.

די פסיכאָלאָגיע פון דער חסידישער מעשה׳לע איז ניט קיין אינדיווידואַליזירטע, נאָר אַן אַלגעמיינע און נאַציאָנאַלע, און אירע שטענדיקע טעמעס זיינען: דאָס לעבן פון טוגנט, ערלאַכקייט אין האַנדל און וואַנדל, עניוות קעגן גאַוה און מענטש, די שעצונג פון דעם אָרעמאַן איבער דעם רייכן און דעם געמיינעם איבער דעם געהויבענעם, די שיינקייט און ווירקזאַמקייט פון אויפריכטיקער תפילה, קאָמוניסטישע פּרינציפּן פון מענטשלאַכן צוזאַמענלעבן, די פאַרערונג פון דער תורה און אירע ערלאַכע פאַרשטייער, די פרייד פון לעבן און פון טויט, די ליבשאַפט צו דער וועלט און אַלע אירע זאַכן, און בטחון אין גאָט אַלס בארמהערציקן העלפער און גערעכטן שופט. איינער פון די שענסטע חנ׳ען פון אָט דער מערקווירדיקער ליטעראַטור איז די וואונדערלאַכע פאַרוועבונג פון איינפאַכער, פאָלקסטימלאַכער, כמעט נאַיווער דערפאַרונג מיט די טיפסטע געדאַנקען פון אַ פיל טויזנטיעריקער קולטור. אָבער זי באַשעפטיקט זיך מיט אַבסטראַקטע מענטשן און מאָלט אַן אידעאַלן לעבן. זי מאָלט ניט די ווירקלאַכקייט אין דער צייט.

דער עראָטישער מאָטיוו, וואָס איז דער רוקן־ביין פון די אייראָפּעישע ליטעראַטורן, פעלט אינגאַנצן אין דער דאָזיקער ליטעראַטור. אַנשטאָט דעם ליבעס־מאָטיוו גילט דער מאָטיוו פון דעם פאַמיליען־לעבן, וואָס זיין שיינקייט באַ אידן איז אין אַלע צייטן געווען אַזוי גרויס, אַז נאָך אינמיטן פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָט דער אידישדייטשישער דענקער מאָזעס העס געשריבן: „אַף אַזאַ אומבאַגרעניצטער ליבע איז נאָר פייאיק אַ אידיש האַרץ. און

די דאַזיקע ליבע איז דער נאַטירלאַכער קוואַל פון דער אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט".

אָט דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער שטייגער פון חסידישע מעשה'לאַך, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ ליטע־ראַטור פון אַ פאַנטאַסטישער שיינקייט, באַפעלקערט מיט מערקווירדיקע מענער, פרויען און זאַכן. אַ פאַר'כישופ'טער אינזל אין דעם ברייטן ים פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור.

ערשט מיט דער השכלה־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן סוף אַכצנטן און זיך גענומען אָפּזעצן אין מיטן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, טרעט איין אַן איבערברוך אין דער אַנטוויקלונג פון דער דאַזיקער מערקווירדיקער ליטע־ראַטור. אונטער דעם איינפלוס פון דער השכלה פאַר־וואַרפט די אידישע ליטעראַטור דעם רעליגיעזן עלעמענט. זי טוט אויס איר תלמודישע פאָרם און טוט אָן די אַלגעמיינע גריכיש־אייראָפּעישע ליטעראַרישע פאָרמען. עס הויבט זיך אָן די מאָדערנע אידישע ליטעראַטור.

## די מאָדערנע ליטעראַטור.

די „השכלה" מיינט די אויפקלערונג, און די השכלה־באַוועגונג שטעלט מיט זיך פאָר אין אידישן לעבן גענוי דאָס זעלבע, וואָס די אויפקלערונגס־עפּאָכע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין אייראָפּעישן לעבן. אָבער אַף דער אידי־שער גאַס איז די אויפקלערונגס־עפּאָכע געקומען ניט אַליין, נאָר באַגלייט פון דער פאַרשפּעטיקטער רענעסאַנס, ווי אויך צוזאַמען מיט דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, מיטן ליבע־ראַליזם, מיטן מאָדערניזם און, דער עיקר, מיט דער אידישער פּאָליטישער עמאַנסיפּאַציע. יעדער איינע פון אָט די באַווע־גונגען אין אייראָפּע האָט באַדײַט אַ קריזיס, און דאָס אידישע פאָלק באַקומענדיק די אַלע באַוועגונגען פאַרשפּעטיקט און צוזאַמען, איז ממש געווען אַפן בראָך־שטול. די השכלה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אמת'ן „הייליקן קריג" אין

דער אידישער וועלט. און הייליק איז געווען דער קריג ניט נאָר פאַר יענע, וואָס האָבן געקעמפט אױף דער זייט פון רעליגיע און טראַדיציע, נאָר אויך פאַר די, וואָס האָבן געקעמפט פאַרן פרייען געדאַנק און פאַר נייע אייראָפּעישע לעבנס־פאָרמען. ווער עס איז פייערדיק אין גלויבן דער איז אויך פייערדיק אין אפּיקורסות. אפן גאַנצן פראָנט פון אידישן לעבן איז אָנגעגאַנגען די מורא׳דיקע מלחמה, אָבער די שטאַרקסטע אַטאַקעס זיינען געפירט געוואָרן קעגן די חסידים. די משכילים האָבן געקעמפט פאַרן רעכט צו לערנען די פרייע וויסנשאַפטן אַזוי גוט ווי פאַרן רעכט צו קירצן זיך די פּאות און די טראַדיציאָנעלע אידישע קאַפּאָטע.

אָבער עס איז אַ טעות צו באַטראַכטן די השכלה בלויז ווי אַ דראַנג צו אייראָפּעיזם. אַ פאָלק, וואָס איז יאָר־הונדערטן פאַרשפּאַרט געווען אין דער געטאָ־תפיסה און האָט יאָרהונדערטן געטרוימט מעכטיקע חלומות פון משיח און וועלט־דערלייזונג, האָט ניט געקענט ניט פאַרבלענדט ווערן ווען די געטאָ־ווענט האָבן גענומען פאַלן און אין זיין אייגע־נער באַפרייאונג מיינען אַז עס איז געקומען די לאַנג געגאַרטע וועלט־באַפרייאונג. „שטיי אויף מיין פאָלק, עס איז שוין טאָג!‟ — דאָס איז געווען דער גרויסער שאַל פון דער השכלה. אין זייער אומשולדיקן ענטוזיאַזם האָבן די משׂ־כילים געמיינט אַז עס האָט זיך ענדלאַך אָנגעהויבן די לאַנג גע׳חלומ׳טע פאַרבריִדערונג פון די פעלקער, און זיי האָבן געזאָרגט טאָמער וועט דאָס אידישע פאָלק אויסנבלייבן פון דער גרויסער פעלקער־סעודה דורך זיין אָפּגעזונדערטקייט און אייראָפּעישער אָפּגעשטאַנענקייט, און אויב די וועלט־אויסלייזונג איז ענדלאַך געקומען, דאַן איז עס געווים אַז אידעאַל פאַר וועלכן קיין שום קרבנות זיינען צו טייער. זיינען די משכילים גרייט געווען אויפצוגעבן דעם גאַנצן אידישן לעבנס־שטייגער, און אין ערשטער ריי, די אידישע שפּראַך, אלס דעם פרייז פון אידישן צד. „זיי אַ איד אין הויז, אָבער אַ מענטש אין גאַס‟ — דאָס איז געווען דער

צווייטער און גרעסטער לאָזונג פון דער השכלה. דאָס סאַמע ספּעציפֿישע און דאָס טייערסטע אין אידישן לעבן האָט געדאַרפט אָפּגעראַמט ווערן פון די גאַסן און שליאַכן פון דער וועלט און האָט געדאַרפט פאַרשטעקט ווערן אין די קעלערן און דאַך־שטיבלאַך פון די אידישע הייזער, כדי ניט ווייי צו טאָן די אויגן פון דער מענטשהייט.

די משכילישע קריטיק (אין אידיש: שאַצקעס, לי־נעצקי, יצחק בער לעווינסאָן) איז געווען די פּירכטער־לאַכסטע אַטאַקע אַפן אידנטום אין משך פון אַ סך יאָר־הונדערטן. די גאַנצע משכילישע ליטעראַטור אין העב־רעיש אַזוי גוט ווי אין אידיש, איז אַ מערקווירדיקער דאָקו־מענט פון אַ פאָלק וואָס איז אַזוי ווי פאַררירקט געוואָרן פון האַס צו זיך אַליין. אונטער דער אַטאַקע פון דער השכלה איז ניט געבליבן קיין גאַנצער שטיין אין דעם אַלטן בנין פון אידישן לעבן.

אָבער אינגיכן האָט דער משכילישער בנין אַליין אויך געקראַכט. אין רוסלאַנד האָבן אויסגעבראָכן די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן און אין גאַנץ אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָליטישע רעאַקציע. די משכילים האָבן באַגריפן, אָבער ליידער שוין צו שפּעט, ווי ווייט עס איז נאָך צו משיח׳ס צייטן. אָבער דער שאָדן איז שוין געווען אָפּגעטאָן. פון דעם שטורם אינעווייניק און פון דער צע־שטערונג אינדרויסן, איז געבליבן איין שרעקלאַכער רעזול־טאַט: די גאַנצע גייסטיקע אידישע וועלט איז געלעגן אין חורבות.

אָט דאָס איז געווען דער איבערגאַנג פון אידישן מיטל־אַלטער צום מאָדערנעם אייראָפּעיזם און דער הינטערגרונט פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור.

אָבער דאָ איז געשען אַ וואונדער. פון די חורבות האָבן זיך לאַנגזאַם גענומען אַרויסהויבן דריי ריזן־געשטאַלטן, דריי מעכטיקע דיכטער אין דער אידישער ליטעראַטור:

מענדעלי (1835-1918), שלום עליכם (1859-1916) און פּרץ (1851-1915). אַ ווייַלע שפּעטער זיינען געקומען נאָך צוויי: שלום אַש און אברהם רייזען. דאַן זיינען געקומען אַנדערע און נאָך אַנדערע, אַ גאַנצע פּראָצעסיע, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו מערן זיך ביז היינטיקן טאָג, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואַקסן פון עפּעס אַ געבענטשטער ערד. די אידישע ליטעראַטור האָט זיך פלוצלונג אַ גאָס געטאָן מיט אַ געוואַלטיקער קראַפט און האָט זיך אויסגעשפּרייט אַזוי ווי אַ באַפרוכטנדיקער נילוס איבער דער גאַנצער אידישער וועלט.

מענדעלי, דער אָדלער-אויגיקער, האָט מיט אַ מעכטיקן בליק אַרומגעכאַפּט די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון אידישן לעבן און האָט געזען די ביטערע סאַטירע פון דעם אֶלעמען; שלום עליכם, וואָס דער גאָט פון געלעכטער איז געזעסן איבער זיין געבורט, האָט אויסגעדיכטעט דעם זיסן אבסורד פון דעם אֶלעמען, און פּרץ, דער אָפּגרונט-טיפער, האָט געקוקט און געשטוינט איבער דעם גראַנדיעזן ערנסט פון דעם אֶלעמען. אַ ביסל שפּעטער איז געקומען אַש, דער פּאַר'-חלום'טער, און האָט אויסגעשפּרייט דעם צויבער פון דער אידיליע איבער דער אַלטער סצענע, און רייזען, דער גרינג-פינגערדיקער, האָט אָפּגעדעקט די איינפאַכע, קלאָרע, לויטערע מענטשלאַכקייט, וואָס לעבט אין דער געשטאַלט פון דעם אידן.

עס איז געווען אַ ריזן-אַרבעט, אויפגעטאָן פון ריזן-מייסטער. אונטער זייערע הענט איז די אידישע ליטעראַטור כמעט איבער נאַכט געוואָרן אַ פולבלוטיקע אייראָפּעישע ליטעראַטור. די השכלה האָט צעאַקערט דעם באָדן, אָבער די ליטעראַטור פון דער השכלה איז גיכער געווען פּראַקטיש און דידאַקטיש איידער קינסטלעריש. קינסטלעריש הויבט די מאָדערנע אידישע ליטעראַטור אָן מיט דער דערמאָנטער גרופּע. זיי האָבן איבערגעטאָן די אַלטע אידישע ליטעראַטור אין אייראָפּעיש-ליטעראַרישע פאָרמען גראַדע ווי אַ מענטש

טומ איבער א מלבוש. זיי האָבן די אידישע ליטעראַטור אויך אייראָפּעיזירט בנוגע צום אינהאַלט, נעמענדיק זייערע מאַטעריאַלן פון דעם טעגלאַכן לעבן פון פאָלק, א לעבן וואָס איז קינסטלעריש הונדערטער יאָרן געלעגן אַן אומבאַאַקערט פעלד. מענדעלי, גרעסער נאָך אפשר אלס סטיליסט ווי אלס באָאבאַכטער, האָט איינער אַליין געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם נייעם ליטעראַרישן סטיל. שלום עליכם האָט גענומען די איינפאַכע פאָלקס-שפּראַך און זי פּאַרמייסטערט אין קונסט. פּרץ האָט ערגעץ וואו אַריינגעפּאַנגען דעם אַקצענט פון דער אַלטער חסידישע מעשה'לע אין דער נייער דערציילונגס-פאָרמע, און רייזען האָט אַריבערגעפּלאַנצט די אייראָפּעישע דערציילונגס-פאָרם אַפּן אידישן באָדן אין איר לויטערסטער געשטאַלט. אייניקע פון די הערלאַכסטע פיגורן אין דער אידישער ליטעראַטור זיינען אין דער צייט געשאַפן געוואָרן: מענדעלי מוכר ספרים — דער חכם און קריטיקער; טוביה דער מילכיקער — דער לאַכעדיקער פילאָזאָף; יוחנן דער מלמד — די קאָנצענטרירטע אויג פון א פאָלק.

די היים פון דער אידישער ליטעראַטור איז אין דער דאָזיקער צייט געווען מזרח-אייראָפּע.

די ערשטע גרופּע שריפטשטעלער האָבן, אומבאַוואוסט-זיניק פאַר זיך אַליין, געשאַפן אַלע אין איין טאָן, האָבן אויסגעדיכטעט איין גרויסע סימפאָניע. און וואָס איז עס געווען פאַר א מוזיק אין אָט דער סימפאָניע? עס איז געווען א שרעקלאַכער וויי-געשריי — דער וויי-געשריי פון א פאָלק אויסקריסטאַליזירט אין קינסטלערישער פאָרמע, עס זאָל שטיין אף אייביק א שרעקלאַכע אָנקלאַגע קעגן מענטש און גאָט. ניט דערפאַר וואָס די אידישע ליטעראַטור גייט מיט עמיצן צום משפט. איינע פון די מערקווירדיקסטע אייגנשאַפטן פון דער דאָזיקער ליטעראַטור איז וואָס ניט קוקנדיק אף יאָרהונדערטן פון רדיפות און שחיטות, געפינט

זיך ניט אין איר גאַנצן גבול דאָס „ליד פון האַס", ניט אין דער אַלטער און ניט אין דער נייער ליטעראַטור, אַ ווערק פון שנאה, אַזוי ווי אין די אַנדערע ליטעראַטורן. פאַרקערט, איר רחמנות גייט אויס צו דער גאַנצער וועלט, צו אַלע אונטערדריקטע און אונטעריאָכטע. עס איז געווען אַן אַלטער פּרינציפּ פון דעם חסידיזם, אַז „מען מוז מתפּלל זיין אַפילו פאַר די שלעכטע מענטשן צווישן די אומות־העולם". די אידישע ליטעראַטור קריגט זיך מיט קיינעם ניט. זי רופט קיינעם ניט צו פאַראַנטוואָרטלאַכקייט. זי זוכט ניט קיין נקמה און טראָגט צו קיינעם ניט קיין האַס. זי טוט נאָר איינס: זי שילדערט דאָס בילד פון אידישן לעבן אַזוי ווי עס איז און דאָס בילד אַליין דערציילט שויז די טרויעריקע געשיכטע. עס איז אַ האַרצרייסנדיקע געשיכטע. עס טראָגט זיך פון איר דער געשריי פון הונדערט־פאַך פאַרגאָסענעם בלוט פון אַ פאָלק. עס הערן זיך פון איר די קולות פון טויזנט געטאָס. ווער עס האָט אַ שלעכטן געוויסן בנוגע צום אידישן פאָלק, יענער זאָל בעסער ניט לייענען די ווערק פון מענדעלי, שלום עליכם, פּרץ, אַש און רייזען.

די גאַנצע סימפאָניע פון דער ערשטער סטאַדיע פון דער נייער ליטעראַטור איז זיך שנעל פאַנאַנדערגעפאַלן אַף באַזונדערע מעלאָדיעס. אַלערליי נייע באַוועגונגען און שטרעמונגען זיינען אַריין אין דער אידישער גאַס: די רעוואָלוציאָנערע, די סאָציאַליסטישע, די נאַציאָנאַליסטישע. יעדע איינע פון אָט די באַוועגונגען האָט אַרויסגערופן אַ באַשטימטע שטרעמונג אין דער אידישער ליטעראַטור. אויך האָט דאָס קאָמפּאַקטע אידיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע זיך גענומען פאַנאַנדערברעקלען דורך עמיגראַציע. אַ באַזונדער שאַרפן איינשניט אין אידישן לעבן האָט געמאַכט די אויס־וואַנדערונג קיין אַמעריקע, און דאָס האָט אויך געהאָלפן אַריינצוברענגען אַ גרויסע פאַרשיידנאַרטיקייט אין דער אידישער ליטעראַטור.

הונדערטער יאָרן איז דער אידישער רוב געזעסן איבער זיינע הייליקע ספרים הינטער די ווענט פון דער געטאָ און אין נויט געטרוימט גרויסע חלומות פון אַ באַפרייטער מענטשהייט. די ווענט פון זיין געטאָ זיינען ענדלאַך איינגעפאַלן אונטער דעם שאַלנדיקן רוף פון דער אַמעריקאַנישער און פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דעם רוף פון „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלאַכקייט“. אָבער ווען ער איז ענדלאַך דורך דער עמיגראַציע אַרויס אין דער ברייטער וועלט, איז ער אַריינגעפאַלן אין די ציין פון דעם מאָדערנעם אינדוסטריאַליזם פון ענגלאַנד און אַמעריקע. דער גרעסטער טייל פון אידישן פאָלק האָט פאַר דער וועלט־מלחמה געלעבט אין דער אימפעריע פון די צאַרן, און אַנטלויפנדיק פון דעם רוסישן קנוט זיינען זיי אַריינגעפאַלן אין דעם מאָדערנעם „סוועט־שאָפּ“. דאָס איז געווען אַזוי ווי „שפּרינגען פון דער פאַן אין פייער אַריין“. און ווידער האָט אויפגעקלונגען דאָס באַפרייענדיקע וואָרט אין דער אידישער ליטעראַטור. אָבער איצט האָט די אידישע ליטעראַטור שוין ניט גערעדט מער פון וועלט־באַפרייאונג מיט די פרומע משיח־רייד פון דער אַלטער ליטעראַטור, אויך ניט מיט די באַגייסטערטע רייד פון דער אַפּיקורסישער השכלה. דאָס מאָל האָט זי גערעדט מיט דער פייערדיקער שפּראַך פון סאָציאַליזם און ראַדיקאַליזם (מ. ראָזנפעלד, עדלשטאַט, באָווּשאָווער, ד. גאָלדשטיין, אין דער פּאָעזיע; פּינסקי, גאָרדין, קאָברין, ליבין, גאָרין, אין דער דראַמע און דערציילונג; אַב. קאַהאַן, ווינטשעווסקי, יאַנאָווסקי, באַראַנאָוו, צביון, אין פּעליטאָן) אַ גאַנצער דור אידישע ליטעראַטור איז געגאַנגען אונטער דער פאָן, אָדער אין דעם גייסט פון סאָציאַליזם (ז. לעווין, אַדערשלעגער, קאָרנבליט, אַלטער עפּשטיין, שמואַלזאָן, בלום). די סאָציאַליסטישע טראַדיציע האָט ביז היינטיקן טאָג ניט אויפגעהערט אין דער אידישער ליטעראַטור. נאָר איצט איז זי געוואָרן די ירושה פון דעם קאָמוניזם און זי טראָגט אַריין דעם אידישן טייל אין דער

פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וואָס איז איצט אַן אַלגעמיינע ליטעראַרישע שטרעמונג. דער הויפּט זיץ־אָרט פאַר דער סאָציאַליסטיש אָריענטירטער ליטעראַטור איז געווען אַמע־ריקע, און דער הויפּט־פּלאַץ וואו עס שאַפט זיך די פּראָלע־טאַריש־אידישע ליטעראַטור איז סאָוועט־רוסלאַנד.

נאָך אַ שטרעמונג אין דער אידישער ליטעראַטור איז די נאַציאָנאַליסטישע, וועלכע האָט צו פאַרצייכענען אַף איר חשבון אַ ברייטע ליטעראַטור, וואו דער הויפּט־אינטערעס ליגט אין אַ צאַרטער ליבשאַפט צו אַלץ וואָס איז ספּעציפיש אידיש (פרוג, ליעסין, ביאַליק, רויזנבלאַט). עס זיינען פאַראַן שרייבער וואָס האָבן פאַראייניקטביידע טענדענצן אין זיך, די סאָציאַליסטישע און נאַציאָנאַליסטישע (פינסקי, ליעסין). אָבער די אמת'ע אויפהיטערן פון דער ריין נאַציאָ־נאַליסטישער טראַדיציע איז געווען ניט די אידישע ליטע־ראַטור נאָר די העברעישע. אין אַלגעמיין קען מען די צוויי ליטעראַטורן כאַראַקטעריזירן אַזוי: די אידישע ליטעראַטור איז מער וועלטלאַך, די העברעישע, מער נאַציאָנאַליסטיש: די אידישע מער דעמאָקראַטיש, די העברעישע — מער אַריסטאָקראַטיש; די אידישע מער געשטימט מאַטעריאַ־ליסטיש, די העברעישע — מער גייסטיק.

באַ דער זייט פון די עקאָנאָמישע און פילאָזאָפישע ריכ־טונגען האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ רייכע ליטעראַטור וואָס האָט ניט געזוכט צו דינען קיין שום אויסערלאַכער אידייע אָדער צוועק, נאָר איז געווען אַ ציל פאַר זיך אַליין, אַ ליטע־ראַטור פון קונסט פאַר קונסט, אין ברייטן זין געערדט. אין דעם דאָזיקן צווייג האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט פּאַקטיש אַלע ריכטונגען פון דער צייט אין דער אַלגעמיין אייראָפּעישער און אַמעריקאַנישער ליטעראַטור, ווי צום ביישפּיל, רעאַליזם, סימבאָליזם, פוטוריזם, אימאַזשיזם, פרייער פערז און אַזוי ווייטער (נאָמבערג, בערגלסאָן, ווייסנבערג, י. ראָזנפעלד, הירשביין, יהואש, איינהאָרן, א. קאַראַלניק, א. מ. פוקס, האַלפּערן, עפּלבוים, לוצקי, נאַדיר, וויינפּער, י. י. שוואַרץ,

ראבאי, לעיעלעס, איגנאטאוו, מנחם, באסין, מאני לייב, קרול, גלאטשטיין, קוסמאן, אויערבאך, ביאליסטאצקי, לאפין, לודוויג, י. י. סיגאל, סטאדאלסקי, דראפקין, אלמי, א. גרינ־בערג, סלאנים, אייזלאנד, ז. לאנדוי, אימבער, א. קאץ, גראס, ניסנזאן, פיינבערג, קורץ, בימקא, כאנוקאוו, ראלניק, ראַ־וויטש, קולבאק, מארקיש, מלאך, ווינאגראד, תלוש, רחל לוריע, אשעראוויטש און א סך אנדערע באגאבטע דיכטער, נאוועליסטן, דראמאטורגן און עסייאיסטן). אין דעם דאזיקן געביט האט די אידישע ליטעראטור אנצובאטן דער וועלט, וואס די וועלט איר.

בא דער זייט פון דער בעלעטריסטיק איז אויך אויס־געוואקסן א באדייטנדיקע קריטיק (בעל מחשבות, ניגער, ענטין, פרישמאן).

## אלעמיינע כאראקטעריסטיקן.

נאר אין און איבער אלע ריכטונגען און שטרעמונגען זיינען פאראן געוויסע שטריכן וואס זיינען כאראקטעריסטיש פאר דער אידישער ליטעראטור אלס גאנצע. אין אלגעמיין גערעדט איז די אידישע ליטעראטור א ליטעראטור פון קליינעם פארמאט. דאס קליינע ליד און די קורצע דער־ציילונג זיינען אירע באליבטע פארמען, כאטש דער לאנגער ראמאן איז ווייט ניט קיין זעלטנהייט. דערצו איז די אידישע קורצע דערציילונג גופא גיכער א דערציילונג פון אינטראספעקציע איידער ממשות'דיקער האנדלונג, א דער־ציילונג פון אומאטעריעלע גייסטיקע ווערטן.

עס זיינען, אן ספק, פאראן א סך אורזאכן וואס קענען דערקלערן די דאזיקע דערשיינונג. אבער די וויכטיקסטע אורזאך איז געווים, ווידער אמאל, די באזונדערע אייגנ־ארטיקייט פון אידישן לעבן, די איינגעצאמטקייט און באַ־גרעניצונג, וואס זיינען ארויפגעצוואונגען געווארן אף אים פון דער דרויסנדיקער וועלט. אונטער דעם דרוק און די

רדיפות אונטער וועלכע דער איד איז געווען אונטערגע־וואָרפן, איז זיין לעבן געוואָרן צו קליינגעלט, אַ לעבן וואָס איז צונויפגעשטעלט געווען פון קליינע גראַשנדיקע מעשים. עס איז ניט געווען קיין פּלאַץ אין דער געטאָ, אָדער אין דעם תהום, פאַנאַנדערצופירן די הענט. עס איז ניט געווען קיין מעגלאַכקייט פאַר דער גרויסער טאַט און פאַר דער שוואונגהאַפטער האַנדלונג, ווען אַ מענטש מיט דער פּייאי־קייט צו פירן אַ מלוכה האָט געמוזט זיין טאַלאַנט אוועקגעבן אַף אויסדינגען אַ טוץ אייער באַ אַ גויע אין מאַרק. דעריי־בער האָט דאָס אידישע לעבן ניט פאַרמאָגט אָנצובאָטן דעם קינסטלער אַ ברייטע קאַנווע, אַף וועלכער ער זאָל קענען פאַנאַנדערוויקלען אַ ווערק פון ברייטער און קאָמפּליצירטער האַנדלונג. עס איז געווען אַ לעבן, וואָס איז צעשאָסן גע־וואָרן אַף אַטאָמען, און אַטאָמיש און סקיצנהאַפט איז גע־וואָרן די אידישע ליטעראַטור. אָבער אין יעדן אַטאָם, לערנט אונז די וויסנשאַפט, ליגט אַ וועלט מיט ענערגיע איינגעשלאָסן. אַזוי אויך די קליינע מעשים, וואָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם אידישן טאָג און נאַכט, זיינען געווען אָנגעשפּאַנט מיט געוואַלטיקער פּסיכאָלאָגישער קראַפט. אויב די אידישע טאַט איז געווען קליין אין אויסער־לאַכן פאַרנעם, איז זי אָבער געווען פול מיט „באַדייטונג“, מיט גייסטיקן אינערלאַכן ווערט. און אַזוי האָט דער אידי־שער קינסטלער אָפט געקענט אויסוועבן אַ לאַנגן ראָמאַן מיטן שטאָף פון ריין־אינערלאַכע איבערלעבונגען, אָבער ער האָט ניט געקענט אַרויסמושטירן פאַר זיין קונסט גרויסע, פאַרוויקלטע האַנדלונגען און קאָמפּליצירטע אינטריגן. די האַנדלונג, אָדער אינטריגע, וואָס איז פרוכטבאַר פאַר ליטע־ראַרישע צוועקן קען, ברייט גערעדט, אָנגערופן ווערן אַ „זינ־דיקע“ האַנדלונג אָדער אינטריגע. אָבער עס איז אַ מערק־ווירדיקער פאַקט, אַז די אידישע ליטעראַטור וויים ניט פון אַזאַ זאַך ווי „זינד“ אין וועלטלאַכן זין און האָט ניט די פאַבולע פון אינטריגע. דער דאָזיקער מין פעלט אינגאַנצן

אין דער אידישער ליטעראַטור. אַזאַ ראָמאַן ווי הוגאָ'ס „דער מענטש וואָס לאַכט"; דאָסטאָיעווסקי'ס „פאַרברעכן און שטראָף", אָדער טאָלסטאָי'ס „אַנאַ קארענינאַ", קען מען זיך כמעט ניט פאָרשטעלן אין דער אידישער ליטעראַטור. עס איז אַ פאַקט, וואָס פאַרדינט די אויפמערקזאַמקייט ניט נאָר פון ליטעראַטור־פאָרשער, נאָר אויך פון פסיכאָלאָגן, אַז אין דער אידישער ליטעראַטור איז כמעט קיין מאָרד ניטאָ. מען קען איבערציילן אָף די פינגער פון איין האַנט די ווערק אין וועלכע עס געשעט אַ מאָרד אין דער אידישער ליטעראַטור. אויב עס איז פאַראַן אַ מאָרד, איז עס אין דער פאָגראָם־ליטעראַטור, אָדער אין דער ליטעראַטור פון אידישער מאַרטירערשאַפט, היינטיקע אָדער היסטאָרישע, וואו דאָס פאַרגאָסענע בלוט איז אידישע, אָבער די הענט וואָס פאַרגיסן דאָס זיינען גוי'אישע. בלויז ווען־ניט־ווען, הויבט זיך אויף אַ אידישע האַנט אין זעלבסט־פאַרטיידיקונג אָדער אין געראַכטן צאָרן אין עפּעס אַ גרויסער הומאַנער טאַט (ביאַליק, ל. שאַפּירא, לייוויק). אָבער די אידישע ליטעראַטור ווייס ניט פון קיין רציחה'דיקע געפילן, ווי מען באַגעגנט עס אין די ליטעראַטורן פון דער וועלט. עס איז אַ ליטעראַטור פון אַ פאָלק וואָס האָט אַן אינסטינקטיוון עקל צו בלוט פאַרגיסונג. און וואָס איז שייך דעם עפעקט פון שווידער אין דער ווירקונג פון טראַגיק דערגרייכט זיי די אידישע ליטעראַטור דורך אַן אנדער מיטל — דורך גייסטיקעליידן און העראָישקייט.

און פונקט ווי די אידישע ליטעראַטור איז ריין פון מענטשלאַך בלוט אַזוי איז זי אומבאַפלעקט פון די זינד פון רייכטום. און דאָס איז אַ צווייטע גרויסע אייגנשאַפט פון דער אידישער ליטעראַטור. די אידישע ליטעראַטור איז ניט קיין סאַלאָן־דיכטונג. זי איז ניט קיין דיכטונג פאַר רייך־געדעקטע טישן און „אַנגענעמע" שטונדן. זי איז ניט קיין פאַלאַץ מיט געוועקסלטע פאָדלאָגעס, וואו מען גייט אַרום מיט לאַקירטע שיך און אַנטבלויזטע נאַקנס. אין דער

אידישער ליטעראַטור שפּאַצירן ניט אַרום קיין פּירשטן און אַדעליקע. עס איז אַ ליטעראַטור פון אָרעמעלייט, אַ ליטע־ראַטור פון נויט געבוירן און אין אָרעמקייט געגערט. עס איז פאַראַן אַ לעגענדע אָף דער וועלט פון „אידישן רייכ־טום”. עס זיינען געווים פאַראַן רייכע אידן, אָבער די רייכע האָבן שטענדיק אַרויסגעוויזן אַ טענדענץ אָוועקצו־שווימען פון אידישן ברעג. אין דעם אידישן תחום גופא, אין די גרעניצן פון דער אידישער ליטעראַטור, איז דער „רייכער איד” ניט בנמצא. דאָ איז דער „רייכער איד” פונקט אַזאַ בילבול ווי דער עלילת־דם. פאַרקערט, די אידי־שע ליטעראַטור איז אַ ליטעראַטור פון פאַנטאַסטישער, כמעט לעגענדאַרישער אָרעמקייט. די אָרעמקייט באַדעקט די גאַנצע אידישע ליטעראַטור ווי אַ טישטוך באַדעקט אַ טיש. די אָרעמקייט ליגט דאָ אויסגעשפּרייט ווי אַ מעכ־טיקער קאָנטינענט. אין דער אידישער ליטעראַטור לעבט אַ פאָלק באַ וועמען קרופּניק איז אַן אידיליע, „דריי רובל אָף שבת”, אַ פאַנטאַסטישער אידעאַל, און „פינף קאַרטאָפל” די אורזאַך פון אַ טראַגעדיע. און אויב דאָס פאָלק איז גובר אַזאַ אָרעמקייט איז עס נאָר דערפאַר וואָס עס ווערט גע־שפּייזט פון אַן אינערלאַכער רייכקייט. די אידישע ליטע־ראַטור איז אַ גראַנדיעזער ספּעקטאַקל פון דעם זיג פון דער נשמה איבערן קערפּער, פון דעם טריאומף פון גייסט איבער מאַטעריע.

און צווישן דער אָרעמקייט און אַלערליי אַנדערע נויטן וואָס פאַרפלייצן די אידישע ליטעראַטור איז פאַראַן נאָך אַ שטרעמונג וואָס פליסט דורך איר ווי אַ שטראָם פון טונקעלע אומעטיקע וואַסערן. דאָס איז די אָפּשפּיגלונג פון דער אידי־שער דעקאַדענץ אין דער מאָדערנער וועלט. דאָס אַלטע, פאַטריאַרכאַלע, טויזנט יעריק איינגעפונדעוועטע אידיש לעבן, אַ בנין אַזוי מעכטיק געבויט פון די הענט פון הונדערטער דורות, האָט ענדלאַך אָנגעהויבן נאָכצוגעבן אונטער דעם געוואַלטיקן דרוק פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, אין

אייראָפּע און נאָך מער אין אַמעריקע. די באַרירונג פון דעם אידישן מענטשן מיט דער מאָדערנער אַמעריקאַנער ווירקלאַכקייט האָט באַשאַפן אַ סך קאָמיזם (ליבין, אַדלער, זעווין, א. ל. וואָלפסאָן, ח. גוטמאַן, ח. גאָטעספעלד) אָבער נאָך מער טראַגיזם. נאָך פון דעם סאַמע אָנפאַנג פון דער השכלה האָט זיך גענומען פילן דאָס לאַנגזאַמע פאַנאַנדערפאַלן פון די אַלטע פאָרמען פון אידישן לעבן, און פון דעמאָלט אָן הערשט אַ פּערמאַנענטער קריזיס אין אידישן לעבן. און איצט, ווען דאָס דאָזיקע לעבן וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן מיט אַזוי פיל גייסט און אַזוי פיל פאַנטאַזיע, האָט לאַנגזאַם גענומען שמעלצן, האָבן די אידישע שרייבער מיט ליבשאַפט געקערט זייער געזיכט צו דער פאַרגאַנגנהייט, דער נאָנטער און ווייטער, און שעפּן פון דאָרטן טעמעס. און די פאַרגאַנגנהייט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אומאויסשעפּלאַכן קוואַל פון שיינקייט און גייסטיקער גרויסקייט (פּרץ, אַנסקי, אַש, אָפּאַטאָשו, סעקלער, לייוויק) און מערקווירדיק, דער רייכסטער קוואַל איז אַנטדעקט געוואָרן דוקא דאָרט וואו די השכלה האָט געגאָסן איר ביטערסטע גאַל, אין דעם חסידיזם. „אבן מאסו הבונים, היתה לראש פינה“. די יונגע אידישע ליטעראַטור האָט צוריק אַנטדעקט דאָס אַלטע אידנטום און עס ווידער געמאַכט אַ זאַך פון שיינקייט — אין קונסט, אויב ניט אין לעבן.

אָבער די רייכטימער וואָס זיינען אַנטדעקט געוואָרן אין דער פאַנגאַנגנהייט באַטאָנען בלויז שטאַרקער די גייסטיקע פאַראָרעמונג, אין אידיש-קולטורעלן זין, פון איצט, אַ פאַראָרעמונג וואָס ווערט מיט יעדן טאָג שאַרפער. דער ערשטער וואָס האָט אַריינגעבראַכט דעם דאָזיקן מאָטיוו פון פאַנאַנדערפאַל אין דער אידישער ליטעראַטור, איז געווען פּרץ, מיט אַ קליינער סקיצע אונטערן נאָמען „פיר דורות, פיר צוואות“. פון דעמאָלט אָן וואַקסט זיך דער דאָזיקער מאָטיוו אַלץ מער און מער פאַנאַנדער אין דער אידישער ליטעראַטור. ווערק נאָך ווערק קומט אויף אין דער ליטע-

ראַטור וואָס פאַרצייכנט דאָס אָוועקגיין פון אַ מערקווירדיקער וועלט, פון מערקווירדיקע מענער און פרויען, אייגנאַרטיקע טיפּן, ריזיקע פּערזענלאַכקייטן, טרוימער און אידעאַליסטן, וואָס קיין גרעסערע און שענערע פון זיי איז ניט צו געפינען אין קיין ליטעראַטור. און מיט זייער אָוועקגייען גייט אַוועק אַ גלאָריע פון דער וועלט, און עס בלייבט נאָר דער אידישער ליטעראַטור צו זינגען איר קלאָג־ליד.

אָט דאָס איז די אידישע ליטעראַטור. זי איז דער פּראָדוקט פון אַ מערקווירדיקער געשיכטע און אַ מערקווירדיקער פּסיכאָלאָגיע. זי באַשעפטיקט זיך מיט מענטשן און אָפּערירט מיט באַגריפן וועלכע זיינען אַזוי אייגנאַרטיק און אָריגינעל אַז עס איז זייער שווער זיי צו איבערזעצן אין אַנדערע שפּראַכן. עס וועט נעמען צייט און אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס פון איבערזעצונג ביז די וועלט־שפּראַכן וועלן אויסאַרבעטן דעם נויטיקן סטיל צו קענען אויפנעמען דעם אָריגינעלערן טייל פון דער אידישער ליטעראַטור. עס וועט דאַ נויטיק זיין בנוגע דער אידישער ליטעראַטור, דעם אינגסטן צווייג פון דער אידישער קולטור, דער זעלביקער וועג וואָס די וועלט־שפּראַכן זיינען געגאַנגען בנוגע דעם תנ״ך, דעם עלטסטן צווייג פון דער אידישער קולטור. אַלע שפּראַכן האָבן אַ סך דורות געטאָן די אַרבעט פון איבערזעצן דעם תנ״ך ביז זיי האָבן ענדלאַך זיך אויסגעאַרבעט יעדע אַ ספּעציעלן תנ״ך סטיל. אַזוי וועלן אויך די אַנדערע שפּראַכן מוזן קולטיווירן אַ ספּעציעלן ווערטער־שאַץ און סטיל ביז זיי וועלן קענען אויפנעמען דאָס בעסטע און שענסטע וואָס די אידישע ליטעראַטור האָט זיי אָנצובאָטן.

---

באַמערקונג: די דאָזיקע עסיי איז לכתחילה געשריבן געוואָרן אין ענגליש פאַר דער קאָלאמביאַ אוניווערזיטעט פאַר איר אויסגאַבע און איז געדרוקט אין דעם Columbia University Course in Literature אַכטן באַנד וואָס הייסט Great Literatures of Small Peoples.

דער לעצטער פּאַראַגראַף איז אין דער ענגלישער אויסגאַבע ניטאָ, ווייל די רעדאַקציע האָט ניט געוואָלט מסכים זיין מיטן שטאַנדפּונקט.

# י. י. שווארצ׳ס „אונזער ליד פון שפאניע"

עס איז דאָ איין ריכטיקע מאָס, מיט וועלכער מען דאַרף מעסטן דעם ווערט פון י. י. שווארצ׳ס איבערזעצונגען אין „אונזער ליד פון שפאַניע", איין אמת׳ע, כשר׳ע וואָג:

מיט די איבערזעצונגען פירט י. י. שוואַרץ אַריין אין אידיש „די גאָלדענע שפּאַניש־העברעישע תקופה". לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז די לידער וואָס ער גיט אונז זיינען לכתחילה געשריבן געוואָרן אין אידיש און אַז זיי זיינען געשריבן געוואָרן פונקט ווי ער האָט זיי אונז איצט געגעבן; וואָלט יענע עפּאָכע, אָפּן סמך פון די דאָזיקע לידער, גע־קראָגן דעם נאָמען „די גאָלדענע עפּאָכע אין דער העברעי־שער ליטעראַטור"?

מיט ווייטיק מוז מען זאָגן: ניין. ניטאָ אין דער וועלט אַזאַ בלינדער יואוועליר און ניט געבוירן איז גאָר אַזאַ אומ־גליקלאַכער מבין וואָס זאָל אפילו על פּי טעות קענען אָנעמען י. י. שוואַרצ׳ס ליד פאַר גאָלד. אויב שוין יאָ זוכן אַ פאַר־גלייך צווישן די מעטאַלן, איז בלעך דער פּאַסיקסטער. זינט הונדערטער יאָרן זוכן טרוימער (אויך — פּאָעטן) אַ מיטל ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען די ביליקע מעטאַלן אין גאָלד, און צום סוף האָט מען גאָר געפונען דעם סוד ווי צו מאַכן פון גאָלד ביליקע מעטאַלן: י. י. שוואַרץ האָט די גרויסע קונץ באַוויזן...

ווען שלמה אבן־גבירול, משה אבן־אזרא און יהודה הלוי וואָלטן געשריבן לכתחילה אַזעלכע לידער, ווי שוואַרץ האָט פון זיי געמאַכט, וואָלטן זיי ניט נאָר היינט, נאָר אין זייער אייגענער צייט פאַרעכנט געוואָרן פאַר מיטלמעסיקייטן. וואָס, אדרבא, איז פאַראַן אין שוואַרצ׳ס שלמה אבן־גבירול, וואָס וואָלט גערירט יהודה אלחריזין צו זאָגן וואָס ער האָט

געזאָגט, אַז „גאָט האָט אים געזאַלבט פאַרן מלך פון אידישע דיכטער" פון אַלע דורות, „זיין געזאַנג איז שלמה׳ס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען"? אָדער וואָס איז דאָ אַזעלכס אין שוואַרצ׳ס יהודה הלוי וואָס וואַלט באַוואויגן היינעז, זיבן הונדערט מיט פופציג יאָר שפּעטער, צו זינגען וועגן הלוי׳ס נשמה, אַז „ווען דער שעפער האָט זי באַשאַפן, געקושט האָט ער די שיינע זעלע, און דער זיסער נאָכקלאַנג פון דעם קוש ציטערט אין דעם דיכטער׳ס יעדן ליד"? אָדער צי קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס אידישע פאָלק וואַלט זייערע לידער, אין שוואַרצ׳ס נוסח, געמאַכט פאַר זיינע תפלות פון צער און פרומקייט — די העכסטע מדרגה, צו וועלכער די פּאָעזיע קען זוכה זיין צו דערגרייכן?

שוין אין פירהויז צו שוואַרצ׳ס ווערק, אין זיינע איינ־לייטונגען צו די פּאָעטן, פאַר׳גנב׳עט זיך אַ שטילער ספק, צי איז שוואַרץ ראוי געווען פאַר דער אַרבעט. איר לייענט די אָפּשאַצונגען און איר טראַכט: אָט אַזוי שרייבט אַ פּאָעט וועגן פּאָעטן? אָט דאָס איז גאָר דער כח וואָס ער פאַרמאָגט זיך צו פאַרטיפן? מער ווי דאָס קען ער ניט זען און זאָגן? דער פאַרנעם פון זיינע אָפּשאַצונגען איז דער פאַרנעם פון ליטעראַרישע לערן־ביכלאַך פאַר אונטערגע־וואַקסענע קינדער. די מיינונגען — אַלגעמיין־אָנגענומענע, מיט דעם ביליקן, ציצענעם סאָרט באַגייסטערונג. און איר טראַכט מיט ציטער: צי וועט דער מענטש מיט אַזעלכע מיטלען קענען מיטפליען מיט אַן אבן־גבירול און אַ יהודה הלוי? נאָך אומרואיקער ווערט איר, ווען די שפּראַך און סטיל פון די איינליייטונגען הויבן זיך אָן צו קריסטאַליזירן פאַר אייך. ווען מען וויים ניט, אַז דאָס האָט געשריבן שוואַרץ, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז אַ טויב־שטומער האָט עס געשריבן — אַזוי ווייניק געפיל פאַר שפּראַך און איר מוזיק איז דאָ פאַראַן...

למשל, וועגן הלוי׳ן זאָגט ער אין איין אָרט (ז. 202): „ביז די א ל ע ג ע ז אַ נ ג ע ן גיסן זיך צונויף אין איין

מעכטיקן  אַקאָרד", פאַרגעסנדיק אַז אַן אַקאָרד איז נאָר אַן איינפאַכער צוזאַמענקלאַנג פון געצייילטע טענער. עס איז גלייך ווי איינער וואָלט געזאָגט: „אַלע ים'ען גיסן זיך צונויף אין איין מעכטיקן טייכל".

אויף זייט 118 שרייבט ער: „אבן־גבירול'ס גאונות האָט געפונען אויסדרוק אין דעם אַלטן אידיש־רעליגיעזן געמיט־צושטאַנד", מיינענדיק מסתמא אין אידיש רעליגיעזער נאַטור אָדער געמיט, אָבער ווי קען מען זאָגן „אַלטער געמיט־צושטאַנד"? אַ מאָדנער געמיט־צושטאַנד וואָס האָלט שוין אַן טויזנטער יאָרן...

אויף זייט 193 שרייבט ער וועגן אבן־גבירול און הלוי'ן: „נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס אבן־גבירול איז דער פּאָטענציעלסטער און אָריגינעלסטער פון די צוויי דיכטער" — און ער פילט ניט, אַז די סופּערלאַטיווע פאָרמע „סט" פּאַסט נאָר דאָרט, וואו עס זיינען פאַראַן ווייניגסטנס דריי קעגנשטאַנדן, און אַז אַ „פּאָטענציעלער דיכטער" מיינט, לויט דעם הערשנדיקן טייטש פון וואָרט „פּאָטענציעל", אַ דיכטער וואָס עקזיסטירט ערשט אין דער מעגלאַכקייט. אויף זייט 16 זאָגט ער: „דער אָריענטאַלער פאַטאַלער בליק פון די אַראַבישע און פערזישע קולטורן", און ער לאָזט דורך דעם שלעכטן מוזיקאַלישן צוזאַמענקלאַנג פון „אָריענטאַלער־פאַטאַלער" און דעם שלעכטן גייסטיקן צוזאַמענקלאַנג פון „בליק" מיט „קולטורן". אויף דערזעלבער זייט זאָגט ער: אויף קיינעם ליגט ניט דער שטעמפּל פון פּעסימיזם אַזוי טיף און אַזוי עכט. אַ פּאָר שורות ווייטער שרייבט ער: „נאָך אַלס זעכצן־יעריקער איגגל זאָגט דער אינגל־פּאָעט". אויף זייט 17 שרייבט ער: „נאָכדעם ווי זיין פּעסימיזם האָט שוין דערגרייכט זיין העכסטע פאָרם", מיינענדיק מסתמא מדרגה. אינגאַנצן אַן גרונט אין אבן־גבירול'ס כאַראַקטער באַצייכנט אים שוואַרץ אַלס אַ ריטערלאַכע פיגור (ז. 15).

דאָרט אויך שרייבט ער „האָבן זיינע אויפגערייצטע אינ־סטינקטן גענומען די אויבערהאַנט איבער זיין שכל".

אין אַן אַנדער אָרט, רעדנדיק וועגן אבן־גבירול'ס „כתר מלכות" זאָגט ער, אַז דאָ, אין דעם טייל וואָס שוואַרץ איבערזעצט, טרעט דער דיכטער אויף ווי „דער שטאָלצער דענקער". זיין גאַנצע גענייאַלע פאַנטאַזיע פאַרווענדט דאָ אבן־גבירול אַף צוצוטראַכטן בילדער וואָס זאָלן אויסדרוקן גאָט'ס גרויסקייט און דעם מענטשנס קליינקייט, גאָט'ס אַלמעכטיקייט און דעם דיכטער'ס אַלשוואַכקייט; ווי קען זיך באַ איינעם עפּענען דאָס מויל צו כאַראַקטעריזירן דאָ אבן־גבירולן ווי דעם שטאָלצן דענקער?

דאָס זיינען ביישפּילן פון טויבקייט פאַרן אינערלאַכן זין פון ווערטער. שוואַרץ זינדיקט אויך קעגן די פּשוט'סטע כללים פון וואָרט־באַציאונגען. ער שרייבט (זייט 15): „אונטערדריקן די נידעריקע אינסטינקטן פאַר די העכערע", אָנשטאָט אונטער אָדער צוליב די העכערע. אַף זייט 13: „די קעגנזייטיקע מלחמה צווישן דעם יונגן ווייט־זעעדיקן גאון מיט דער טעמפּער קורצזיכטיקייט און מיטל־מעסיקייט פון המון". דאָ דאַרף מען זאָגן, ענטוועדער: „די מלחמה צווישן דעם ווייט־זעענדיקן גאון און דעם... המון", אָדער: „די מלחמה פון... גאון... מיט דעם המון". דער זעלבער זאַץ איז שלעכט אויפ־געבויט אויך פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט, פון דעם שטאַנד־פּונקט פון סימעטריע. עס האָט געדאַרפט הייסן: „די קעגנזייטיקע מלחמה פון דעם יונגן ווייטזעענדיקן גאון מיט דעם טעמפּן, קורצזיכטיקן און מיטלמעסיקן המון", אָדער: „צווישן דער ווייט־זעעוודיקייט פון דעם יונגן גאון מיט דער טעמפּער קורצזיכטיקייט... און אַזוי ווייטער. און ווי אַזוי קען מען זאָגן אַ „קעגנזייטיקע מלחמה"? אין וועלכער מלחמה איז פאַראַן נאָר איין צד? אַף זייט

200 שרייבט ער: „גאָט איז זיין (הלוי׳ס) ערשטע ליבע — און זיין צווייטע ליבע — זיין מסירת־נפש׳דיקער געפיל צו זיין פאָלק״. ווידער שלעכטער פאַראַלעליזם: אַנשטאָט צו זאָגן אַז דעם דיכטער׳ס צווייטע ליבע איז זיין פאָלק, קומט גאָר אַרויס אַז זיין צווייטע ליבע איז — זיין מסירת־נפש׳דיקער געפיל (צו זיין פאָלק).

און אָט איז אַ לענגערער פּאַסוס (זייט 20):

> די דאָזיקע לידער (אבן גבירול׳ס) זיינען דער מיסטיש־רעליגיעזער אויסדרוק פון דעם אידישן יחיד, וואָס ציט זיין שורש פון דער אַלטער טראַדיציע, אַ פאַרזעצונג פון די זינגער פון תהלים מיט אַ צוגאָב פון די עלעמענטן פון ספר איוב, אַף דעם הינטערגרונט פון די פילאָזאָפישע באַגריפן און אָנשויאונגען פון שלמה אבן־גבירול און זיין עפּאָכע.

אין דעם דאָזיקן פּאַסוס הערש אַזאַ אומאָרדנונג, אַז עס איז שוין אינגאַנצן שווער צו וויסן ווי איין און ווי אויס.

און עס איז ניטאָ קיין בלעטל אין שוואַרצ׳ס איינ־לייטונגען אָן עטלאַכע אַזעלכע עבירות קעגן דער עלעמענטאַר־סטער נאַטור פון אידיש און פון שפּראַך. מיט אַזאַ טויב־קייט פון שפּראַך טאָר מען אפילו ניט צוגיין צו שרייבן אַ צייטונגס־אַרטיקל, אַ פּשיטא־שוין זיך פאַרמעסטן אין כח מיט די גרעסטע מייסטער פון אַ מייסטער־שפּראַך.

פאַר אַזאַ אויפגאַבע ווי איבערזעצן אבן־גבירול און הלוי׳ן פאָדערט זיך אויך אַן אַנדער קוואַליטעט פון וואָרט, ווי שוואַרץ ווייזט אַרויס אין די זעלבע איינ־לייטונגען. און אורטיילנדיק אפילו נאָך זיינע פריערדיקע אָריגינעלע לידער מוז מען זאָגן, אַז זיין וואָרט האָט אַ צו האַרטע הויט און איז אין די שרויפן צו שטייף פאַר יענער איידעלער ווייכקייט און ממש אַקראָבאַטישער בויגעוודיקייט, וואָס מאַכן די אַלטע שפּאַניש־העברעישע פּאָעטיק און פּאָעזיע אַזוי בלענדיק שיין. שוואַרצ׳ס וואָרט האָט ווייניק ניואַנסן פון קאָליר און קלאַנג און קען לחלוטין ניט שפּילן די דינע לירישע סטרונעס. עס פעלט זיין וואָרט אויך שוואונג צו דער הויך. זיין שפּראַך איז אַ שפּראַך וואָס

פּויזעט אַף דער ערד, און פּויזעט מיט לאַנגזאַמע, שווערע באַוועגונגען.

מיט אַזאַ אָרעמען אויסשטייער האָט שוואַרץ, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט האָפן אַריבערצוטראָגן אין זיין איבערזעצונג אַפילו אַ שמץ פון יענער ווירטואָזיטעט פון גראַם און וואָרט־שפּיל וואָס איז אַזאַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דער שפּאַניש־העברעישער דיכט־קונסט, איר פאַנטאַסטישע אָרנאַמענטיק. און עס איז אודאי געווען מער אַ זאַך פון נויט, איידער אַ ברירה בײַ שוואַרצ'ן, ווען ער האָט, ווי ער זאָגט, „זיך דערלויבט אַרויסצולאָזן דאָס, וואָס איז היינט צו טאָג פרעמד פאַרן געשמאַק פון מאָדערנעם מענטשן, די אַלטע אָפּגעשמאַקטע מליצות (באַמערקט: געשמאַק—אָפּגעשמאַקט אין איין אָטעם), דאָס גוזמא'דיקע, די אויפגעבלאָזענע היפּערבאָלן, וואָס זיי האָבן אַריינגעזאַפּט אין זיך פון דער אַראַבישער פּאָעטיק". מיט די דאָזיקע ווערטער באַווייזט שוואַרץ, אַז ניט נאָר איז ער צוגעטראָטן צו דער גרויסער אַרבעט מיט אָרעמע מיטלען, נאָר אויך מיט אַ פאַלשער פילאָזאָפיע. אַרויסצורייסן די אַלטע דיכטער פון זייער צייט און זייער פאָרם כדי זיי צוצופּאַסן צו סעקאָנד עוועניו נוסח 1931! דאָס איז גלייך ווי די טוריסטןגעזעלשאַפטן וואָלטן פאַרגעשלאָגן איבערצובויען די פּיראַמידן אָדער די נאָטער־דאַם פון פּאַריז לויט דער מאָדערניסטישער אַרכיטעקטור פאַר דער באַקוועמלאַכקייט פון זייערע קליענטן.

ניין, ניט אָנטאָן אבן־גבירול'ן אין אַ פּאָר ניקערס און רבי יהודה הלוי'ן אין אַ טאַקסידאָ איז געווען שוואַרצ'ס אויפגאַבע, נאָר זיי אַרויסצוציבערן פאַר אונז אין יענע קליידער, אין וועלכע זיי זיינען געגאַנגען אין זייער אייגענער צייט. און אַפילו נאָך מער: אויפצו'כשופ'ן אויך דעם אַראָמאַט פון דורות וואָס האָט זיך אָנגעהעפט אָן זיי. הלוי'ס לידער זיינען היינט ניט נאָר געניאַלע לידער פון פאַרצייטן, נאָר נאַציאָנאַלע געזאַנגען, דורך וועלכע אַ סך יאָרהונדערטן אידיש פאָלק האָבן זיך אויסגעגאָסן פאַר גאָט.

און אבן־גבירול׳ס „כתר מלכות״ איז ניט סתם א פּאָעמע „וואו — ווי שווארץ שרייבט — עס רעדט דער שטאָלצער באוואוסטזיניקער דענקער״, נאָר א תפילה, אין וועלכער די פּרימסטע צווישן די פרומע פון פּופּציק אידישע דורות האָבן, אין אַלטע אידישע שולן, נאָך כל־נדרי, אין דער הייליקסטער פון אַלע נעכט, זיך באהאָפטן מיט הימל און ערד. און אַט די אַטמאָספערע, אָנגעהויכט אין צער און טהרה און קדושה, איז אָנגעקלעפּט אָן די דאָזיקע לידער און איז געוואָרן א טייל פון זיי. מיט די דאָזיקע געזאַנגען איז בערך דאָס איינענע, וואָס מיט די גרויסע געשיכטלאַכע העלדן, ווי משה אָדער דוד. די פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט זיי ארומגע־וועבט מיט אזא רייכקייט, אז קיין בשר ודם קען זיך ניט אונטערשטיין זיי פאָרצושטעלן אף דער בינע, פאר מורא צו ווערן לעכערלאַך. פון אַט דעם שטאַנדפּונקט איז אפשר בכלל נאָר אומעגלאַך צו געבן א פּולקאָמענע איבערזעצונג פון אבן־גבירול אָדער הלוי, ניט אין אידיש און ניט אין קיין אַנדער שפּראַך; אָבער אויב יע — און א געבענטשטער מייסטער פון פאָעזיע און דיכט־קונסט וועט נאָך אַמאָל צו אונז קומען און דעם וואונדער באווייזן — איז וואָס וועט דעמאָלט זיין, וואָס דאַרף זיין די שפּראַך פון אזא איבער־זעצונג?

אזא שפּראַך וועט ניט זיין א הארט־הויטיקע און שטייף־ביייניקע, וואָס פּויזעט בא דער ערד און איז דומפּ ווי זי, נאָר א שפּראַך וואָס וועט האָבן דעם קלאַנג און דעם שימער פון די גילדערנע גלעקלאַך פון די כתרים אף די ארויסגענומענע ספרי־תורות אין שול צו כל־נדרי — דעם קלאַנג וואָס זיי קלינגען צום טאַקט פון די ציטערדיקע הערצער וואָס טוליען זיי, און דעם שימער וואָס זיי באַקומען פון די טויזנט בליצלאָמפּן און נשמה־ליכט וואָס רינגלען זיי ארום. אין אזא אַטמאָספערע האָבן די געזאַנגען געלעבט אין משך פון יאָרהונדערטן און אזא קלאַנג, אזא שיין און אזא אַטמאָספערע דאַרף האָבן די שרפאַך פאר „אונזער ליד פון שפּאַניע״.

און וואָס האָט אונז י. י. שווארץ געגעבן? אַט איז א מוסטער פון א פערז בא יהודה הלוי:

יונת רחוקים נדדה יערה,
כשלה ולא יכלה להתנערה,
התעופפה, התנופפה, חופפה,
סביב לדודה סוחרה, סוערה.

אַט איז די ענגלישע איבערזעצונג, פון נינא סאַלאַמאָן:

The dove, afar, she flieth about the forest,
She stumbleth, she cannot shake herself free
Flying, flitting, fluttering
Round about her beloved she circleth, she stormeth.

און אַט איז שווארצ'ס נוסח:

פארפלויגן איז די טויב די עלנטע אין וועלדער,
און האָט זיך מער ניט אויפהויבן געקענט,
געפלאטערט א פארמאטערטע, גע'פטר'טע,
איר ליבהאָבער געזוכט אין ווייטער פרעמד.

אין דעם העברעישן פערז — ווירקלאַך, דער קלאַנג פון גאָט'ס קוש ציטערט אין אים! וואָס פאַר א לירישע ווייכקייט, וויפיל רירנדיקע באַרמהארציקייט מיטן אָרעמען באַשעפעניש! און די מוזיק! און דער צמצום!

אין דעם ענגלישן פערז איז שוין ניטאָ דער צמצום. ניטאָ מער אויך די גאַנצע מוזיק און די לירישע איידלקייט. אָבער ס'איז דאָ דאָס גאַנצע בילד פון דער פאַרוואָגלטער טויב ווי זי פאַלט אַריין אין א נעץ, קען זיך ניט באַפרייען און פלאַטערט און צאַפּלט און וואַרפט זיך אין אַלע זייטן און לעכצט און רופט מיט די לעצטע כחות צום געליבטן.

אָבער אַלץ איז פאַרשוואונדן אין שווארצ'ס פערז. אפילו דער זין. מיר לייענען אַז די טויב איז פאַרפלויגן אין וואַלד און ווייסן ניט פאַרוואָס, פליענדיק, האָט זי פּלוצלינג „זיך מער ניט אויפהויבן געקענט". מיר ווייסן גאָרניט אַז זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. און מיר פאַרשטייען אויך ניט ווי אַזוי, ניט קענענדיק מער פליען, האָט זי פונדעסטוועגן „איר ליבהאָבער געזוכט אין ווייטער פרעמד".

און די האַרטע שפּראַך! און די באַרבאַרישע דריטע שורה:
„געפּלאַטערט אַ פּאַרמאַטערטע, גע׳פּטר׳טע”...!

דריי פּערזן: הלוי׳ס, דער ענגלישער און שוואַרצ׳ס:

דער ערשטער פּערז איז פון גאָט.

דער צווייטער — פון מענטשן.

דער דריטער — פון שניפּישאָק.

מען דאַרף זיין גערעכט צו שוואַרצן און זאָגן אַז ניט אַלע זיינע איבערזעצונגען זיינען אַזוי אומגעלונגען. אָבער ווען מען רעדט פון אייביקייט, וואָס איז, לגבי איר, דער חלוק שווישן צען סעקונדן און צען יאָר? די שיינקייט פון דעם אַלטן העברעישן ליד, זיין וואָרט־רייכקייט, זיין וואָרט־ווייכקייט, זיין וואָרט־גלאַנץ, זיין מוזיק, זיין שוואונג, זיין קראַפט — וואו זיינען זיי אהינגעקומען?

ניט אַלע שוואַרצ׳ס איבערזעצונגען פון די אידיש־שפּאַנישע פּאָעטן זיינען אַזוי שלעכט, אָבער מען קען זאָגן אַ גוזמא: „אין בית אשר אין שם מת”...

אבן־גבירול זינגט:

אדני מה׳ אדם, בטיט יתגלל
בשקר יתהלל ובשוא יתהולל
הטהור מטמא ויקר מזולל.

און י. י. שוואַרץ איבערזעצט עס:

גאָט, וואָס איז דער מענטש,
איז פּאַרזונקען אין שמוץ,
נעמט זיך איבער מיט ליגנס
און וויים (ט) נישט פון גוטס;
אָך, צי קען מען פון אומריינס
אַרויסברענגען ריינס
און צי קען מען פון מיאוס
אַרויסברענגען שיינס?

די גאַנצע טראַגעדיע פון שוואַרצ׳ס איבערזעצונג זעט זיך אַרויס אין דעם דאָזיקן איינציקן פּערז. מען קען באמת זאָגן: אַבן־גבירול איז אין מזרח און שוואַרץ איז אין

מערב... דער אָריגינאַל איז אין הימל, די איבערזעצונג אין דער ערד. פון די וואונדערלאַכע וואָרט־אַראַבעסקן פון אָריגינאַל איז אפילו קיין אָנצוהערעניש ניטאָ. און די ווערטער און זייער זין און כונה ווערן וואַנדאַליש צעקריפּלט. „ובשוא יתהולל" — ער שטאָלצירט מיט ליגן — איבער־זעצט ער גאָר: „ער ווייסט ניט פון גוטס", אָן קיין בעסע־רער באַרעכטיקונג ווי כדי צו האָבן דעם (שלעכטן) גראַם: „שמוץ־גוטס" און כאָטש דאָס ענדערט דעם דיכטער'ס גאַנצן זין פון אַן אָנקלאָג קעגן מענטשן אַף אַ נעבאַך־געפיל צו אים. און „ויקר מזולל", וואָס מיינט: צי קען פון וואָלוולס ווערן טייערס, מאַכט ער אַ פעלשונג: „צי קען מען פון מיאוס אַרויסברענגען שיינס".

אָט איז אַן אַנדער פערז פון אבן־גבירול:

אני השר והשיר לי לעבד
אני כנור לכל שרים ונוגנים
ושירי הוא עטרה למלכים
ומגבעות בראשי הסגנים.

אין שוואַרצ'ס איבערזעצונג קומט דער פערז אַזוי:

איך בין האַר און דאָס ליד איז מיין קנעכט,
כ'בין פאַר זינגער און דיכטער די האַרף;
און מיין ליד איז אַ דימענט אין קרוין
פון אַ מלך — געשליפן און שאַרף.

אין אָריגינאַל דערקלערט אבן־גבירול מיט שטאָלץ: „איך בין פּאָעט און דאָס ליד איז מיין קנעכט", קומט שוואַרץ און לאָזט אים גאָר זאָגן: איך בין האַר". אַ שיינער חלוק אַביסל. אבן־גבירול זאָגט: „מיין ליד איז די קרוין פון מלכים", מאַכט דערפון שוואַרץ אַז זיין ליד איז „אַ דימענט אין קרוין פון אַ מלך". אַ קרוין איז דאָך מער ווי אַ דימענט אין איר. שוואַרץ לאָזט אויס אינגאַנצן די ווייטערדיקע שורה וואָס פאַרגלייכט זיין ליד צו די „קיוועדם אַף די קעפּ פון באַפעלערס", דערפאַר אָבער גיט ער צו אַ באַשרייבונג פון דעם דימענט — „געשליפן און שאַרף" — וואָס איז בײַ אבן־גבירול'ן ניטאָ. פון אַ מענלאַך ליד האָט

שוואַרץ געמאַכט אַ — ווייבעריש. און צי וואָלט אבן־גבירול געשילדערט אַ דימענט מיט אַזעלכע גאַרנישט־זאָגנדיקע אייגנשאַפטן ווי „געשליפן און שאַרף״? אַ דימענט וואָס איז ניט געשליפן איז נאָר אַ רויער שטיין און קען ניט זיצן אין אַ קרוין; און „שאַרף״ לאָזט זיך זאָגן נאָר וועגן דעם דימענט פונם גלעזער, ניט פון אַ קעניג. און דעם גאַנצן חורבן האָט שוואַרץ אָנגעמאַכט, ווידער, נאָר ווייל ער האָט געדאַרפט דעם „שאַרף״ פאַר אַ גראַם צו „האַרף״.

שוואַרץ האָט זיך געלאָזט וואוילגיין אין די אַלטע העברעישע לידער, ווי זיין האַרץ האָט געוואָלט. ער האָט אָפט איינפאַך פאַראַפראַזירט און געגעבן אַ פאַלשן באַגריף וועגן דעם וועזן פון די פּאָעטן.

אַזעלכע געניאַלע און געהייליקטע געזאַנגען ווי הלוי׳ס און אבן־גבירול׳ס דאַרפן איבערגעזעצט ווערן מיט דער פּינקטלאַכקייט און אָפּגעהיטקייט וואָס דער תנ״ך, דער תלמוד און אַלע הייליקע ספרים פון פעלקער, און ווי פּאָעטן ווי שעקספּיר און דאַנטע. קיינער טאָר פון דאָרט גאָרניט אַראָפּנעמען און קיינער קען אַהין גאָרניט צוגעבן. און ענדערן מיינט פעלשן. אָבער י. י. שוואַרץ האָט זיך פאַר־זינדיקט מיט אַלע דריי עבירות. ער האָט אַראָפּגענומען חכמות און צוגעלייגט נאַרישקייטן און וואו ער האָט בלויז געענדערט איז עס געוועזן פון שיין צו מיאוס. אבן־גבירול זינגט אין „כתר מלכות״: אתה אחד ולשום לך חוק וגבול נלאה הגיוני, על כן אמרתי אשמורה דרכי מחטוא בלשוני״, ד. ה. „דעריבער האָט איך געזאָגט, כ׳וועל היטן מיין וועג פון זינדיקן מיט מיין צונג״; מאַכט דערפון שוואַרץ: „דערום האָב איך געזאָגט וועל איך היטן מיינע וועגן, ווען איך טו דיין רום פאַרקינדיקן, איך זאָל מיט מיין צונג ניט זינדיקן״. ער האָט צוגעטראַכט די אונטערגעשטראָכענע ווערטער און האָט פאַרדאָרבן דעם גע־דאַנק, וואָרום עס איז דאָך אַן אַבסורד צו רופן „זינדיקן״ דאָס „טאָן דיין רום פאַרקינדיקן״. אין אבן־גבירול׳ס ליד

„פּתח שער, דודי“ שטעלט שוואַרץ אַריין די נעמען פון הגר און אדום און רופט אָן דעם מדבר, כאָטש דאָס אַלץ איז אין אָריגינאַל ניטאָ. זיי ליגן אפשר אין דעם זין פון דעם ליד און זיינען דער פּירוש אַפן ליד, אָבער מען קען דאָך דעם פּירוש ניט אַריינשלעפּן אין דעם ליד גופא, וואָרום עס איז דאָך מעגלאַך אַן אַנדער פּירוש. שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס אָן די נעמען איז דאָס ליד אַלגעמיין און ברייט, און מיט די נעמען ווערט עס ספּעציפיש און געבונדן. אין אבן־גבירול׳ס סליחה „אדני מה אדם, הלא בשר ודם“, ענטפערט דער דיכטער, אין צווייטן פערז: „גו נרפּס ונרמס“ — אַ צעדריקטער, צעטראָטענער קערפּער; מאַכט דערפון שוואַרץ: „איז דאָך ערד, איז דאָך שטויב“. אינגאַנצן אַן אַנדער בילד.

און אַזוי אין יעדן ליד. מ׳קען זאָגן ווי אַ כלל: וואָס גרעסער דאָס ליד אַלץ ערגער איז שוואַרצ׳ס איבערזעצונג. און איינע פון זיינע אָרעמסטע איבערזעצונגען איז טאַקע די דערמאָנטע „סליחה“. ניטאָ קיין בלום אַף גאָט׳ס וועלט, וואָס איז שענער פון דעם דאָזיקן סליחה־ליד. אָבער בא שוואַרצן איז די „סליחה“ אַרויסגעקומען ווי אַן אויסגעלאָשן אויג. ווען איך זאָל אַפילו וויסן, אַז איך בין פאַר׳משפּט אַף אייביקן גיהנם און ווען איך וועל זאָגן שוואַרצ׳ס סליחה, וועל איך קריגן אייביקן גן־עדן, וואָלט איך בעסער אויסגע־קליבן דעם גיהנם, איידער קומען פאַר גאָט מיט אַזאַ אָרעמען, אויסגעבלייכטן געבעט.

מען וועט אפשר זאָגן: שולדיק איז די אידישע שפּראַך, וואָס איז ניט פּייאיק אַף אַזאַ געוואַלטיקער אָנ־שטרענגונג, ווי די אַראַביש־העברעישע פּאָעזיע און דיכט־קונסט פאָדערן. די טענה פון דער שוואַכקייט פון אידיש איז אַן אַלטע, אָבער אין איר ליגט באַהאַלטן אַ גרונט־פאַלשקייט. אַ שפּראַך איז אַזוי גרויס ווי אירע גרעסטע מייסטער. ביז פּושקינען איז רוסיש ניט אַזוי רייך געווען ווי ער האָט זי געמאַכט. ביז שעקספּירן וואָלט קיינער ניט געגלויבט, אַז מ׳קען זאָגן אין ענגליש דאָס וואָס ער האָט

געזאָגט; און ווען שעקספּיר וואָלט געוועזן קומען אין דרייצנטן יאָרהונדערט אָנשטאָט דעם זעכצנטן, וואָלט ענגליש אַזוי רייך געוואָרן מיט דריי הונדערט יאָר פריער. און די זעלבע שפּאַניש־העברעישע דיכטונג איז אַ גוטער משל. אבן־גבירול, אבן־עזרא, הלוי, זייערע פאָרגייער און נאָכקומער, האָבן די העברעישע שפּראַך גענוג געבויגן און געקנאָטן, און אַפילו, ווי ר׳ יהודה הלוי זאָגט — געשעדיקט ביז זיי האָבן פון איר געמאַכט אַ נייעם אינסטרומענט. זיי האָבן העברעיש געפונען אַ סך אָרעמער ווי זיי האָבן זי איבערגעלאָזט. און אַזוי איז אויך מיט דער אידישער שפּראַך. מיר נעמען אַרויס פון איר נאָר אַזוי פיל כח ווי מיר פאַרמאָגן אין איר אַריינצולייגן. און די איבערזעצונגען אין שוואַרץ׳ס „אונזער ליד פון שפּאַניע" זיינען דאָס, וואָס זיי זיינען, ניט צוליב אידיש, נאָר צוליב שוואַרצן.

מען וועט אפשר אויך זאָגן: מיר דאַרפן דאַנקבאַר זיין פאַר דעם אויך; פאַר אידיש איז עס סיי־ווי אַ געווינס. אָבער דאָס אויך איז פאַלש. ביז וואַנען וועט נאָך געדויערן אָט די רחמנות׳דיקע, פּאַטראָניזירנדיקע האַלטונג צו אידיש?

# יהואש׳ס צוואה

זינט יהואש איז געשטאָרבן איז פאַראַן, אַרום זיין טויט, אַ טעמע וואָס בעט מען זאָל רעדן וועגן איר, און זי ווערט פאַרשוויגן. נאָר די טעמע לאָזט ניט רוען, זי מאָנט און מאָנט, און מען מוז זי, פריער אָדער שפּעטער, אַראָפּ־רעדן פון הארצן.

די טעמע איז — די מאָדנע צוואה וואָס יהואש האָט איבערגעלאָזט, די צוואה אַז מען זאָל אים ניט מאַכן קיין פּאַראַדנע לויה, מען זאָל אים אַוועקלייגן אין דער שטיל, און אידישע שרייבער זאָלן ניט האַלטן קיין הספּדים אַף זיין קבר.

באַלד ווי עס איז אַרויס די ידיעה אַז יהואש איז נפטר געוואָרן האָט געוויס באַ מער ווי איין אידישן שרייבער די צונג זיך אַ ריר געטאָן אין מויל, גרייט אויסצוציינגלען עפּעס אַ פיינע רעדע אַף יהואש׳ס קבר וואָס זאָל איבעראַשן די קאָלעגן מיט די טיפע געדאַנקען און מיט דער שיינער רעדנער־קונסט. מען האָט זיך שוין אַ נעם געטאָן אַרויפ־צושרויפן דעם פּאַסיקן פּאַטאָס און צוצוגרייטן די צוויי־דריי טרערן וואָס זיינען נויטיק באַ אַזאַ געלעגנהייט.

פּלוצלונג אָבער, אין דער עלפטער שטונדע, ווי דער ענגלענדער זאָגט, איז באַוואוסט געוואָרן, אַז יהואש, וואָס האָט געקענט אַף טויזנט אופנים פּאַרנאַכלעסיקן זיין לעבן, האָט ווייניקסטנס אין איין פּרט ניט פּאַרנאַכלעסיקט זיין טויט: ער האָט בפירוש אָנגעזאָגט אַז די אידישע שרייבער זאָלן אים באַגראָבן שטילערהייט; קיין רעדעס וויל ער פון זיי ניט הערן.

און די רעדעס זיינען בא די שרייבער געבליבן שטעקן אין האַלדז.

נאָר ניט די שרייבער און ניט זייערע רעדעס אָרן מיר דאָ. ניש'קשה, די רעדעס וועלן ניט פאַרלוירן גיין. און די צוויי־דריי טרערן וועלן אויך צונוץ קומען — בא אַן אַנדער געלעגנהייט... עס זיינען נאָך דאָ גענוג שרייבער, און שטאַרבן אַפּריער וועלן דאָך „זיי", יענע, ניט „איך". די שיינע פראַזן זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין די ביכעלאָך און מיר וועלן זיי נאָך אַמאָל הערן. נאָר וואָס מיך אינטערעסירט איז:

וואָס איז געווען דער מיין פון יהואש'ס צואה? וואָס פאַר אַ כונה איז געלעגן הינטער איר?

אָט די פראַגע אַרט מיר, און זי אַרט לאַנג און עגבערט טיף, און אַפן הארצן ליגט אָנגעזאָטן אַן ענטפער, און ער בעט זיך אַראָפּגערעדט צו ווערן.

* * *

עס זיינען פאַראַן צוויי וועגן ווי אַזוי אַ שרייבער גייט אַריין אין אַ ליטעראַטור. איינער איז דער בייראָנ'ישער וועג, דער וועג פון אימפּעט, דער וועג פון שטורם, ווי אַ ווינט וואָס גיט אַ רייס אויף די טיר, צעיאָגט די פאָרהאַנגען אַף די פענצטער, צעטרייבט די פּאַפּירן פון טיש, און וואַרפט אַן אַ קעלט און אַ שרעק אַף אַלעמען. און ס'איז פאַראַן אַ צווייטער וועג, דער רילקע'ישער, דער וועג פון שטילקייט און צניעות, אָט אַזוי ווי דאָס נאַכט־בלימל וואָס ציט זיך איין פאַרן טאָג און עפנט זיך נאָר באַנאַכט.

בייראָן און רילקע זיינען די צוויי עקסטרעמען. צווישן די צוויי גרעניצן קומען אַלע דיכטער און קינסטלער, יעדער לויט זיין גראַד: ווער נעענטער צו בייראָן, ווער מער רילקע'יש.

ווי אַזוי איז יהואש אַריין אין דער אידישער ליטעראַטור ?

יהואש׳ס סאַמע ערשטער באַנד, די „געזאַמלטע לידער", האָט אַ בילד פון דעם דיכטער. קוקט אַף דעם דאָזיקן בילד, קוקט אין די אויגן, אַפּן פּנים. זעט וויפיל צניעות, וויפיל באַשיידנקייט, וויפיל ריינע תמימות, וויפיל אינגלשע שעמעוודיקייט עס קוקן אַרויס פונם בילד! אין די אויגן אויבן זעט איר די ציטערדיקע טריט אונטן.

רילקע׳יש.

אָבער מיט דער צייט, ווען עס איז רייף געוואָרן זיין קינסטלערישע נאַטור, איז געוואַקסן אויך זיין קינסטלע־רישער באַוואוסטזיין, און אין יהואשן איז אַרויסגעטראָטן אַ באַפעלערישער שטאָלץ, אַ שטאָלץ וואָס האָט געפאָדערט אַנערקענונג, דיקטירט רעספּעקט.

בייראָניש.

אָבער שטענדיק, סיי אין דער פריער צייט, סיי אין די שפּעטערע יאָרן, איז יהואש געווען דער גרויסער חכם. און אָט די חכמה האָט אים ניט דערלאָזט אין זיין ערשטן פּעריאָד צו ווערן אַן אָרעם נעבעכקע, און אין דער שפּעטער־דיקער צייט — אַן איבערדריסיקער בעל־גאוה. ער האָט פאַרשטאַנען זיך אָפּצושטעלן אַף יענער דינער ליניע, וואו דאָס בייראָנישע און רילקע׳ישע האָבן זיך פאַרשמאָלצן אין אַ סינטעז אַזוי איידל און דין, ווי דאָס פּאַרפום פון דער איידעלער דאַמע.

יהואש׳ס פּערזענלאַכקייט האָט געשמעקט.

און אָט וואָס פאַר אַ באַציאונג יהואש האָט איינגע־שטעלט צווישן זיך און דער וועלט: איך קענן דיר וועל זיך האַלטן צניעות׳דיק, רילקע׳יש: וואָרום ווער ביסטו, מ׳שטיינס געזאָגט, אַז איך זאָל זיך גרויסן פאַר דיר ?

אָבער דו צו מיר — ניט צו נאָענט! אַף דער געהעריקער דיסטאַנץ! און דער עיקר — די היטל אַראָפּ!

און אַזוי איז עס געשען וואָס יהואש האָט אייביק ניט געהאַלטן פון זיך אַליין. „אַך, ווען איך קען אַלע מיינע ביז איצטיקע לידער פאַרברענען! איך שעם זיך מיט מיינע ערשטע איבערזעצונגען פון תנ"ך!" אומגעפער אַזוינע אויסדריקן פלעגט מען הערן פון אים אַלע טאָג. און דאָס איז געווען אין טיפסטער אויפריכטיקייט. עס האָט אויס־געזען אַזוי ווי יהואש וואָלט אייביק געהאַלטן אין גראָבן זיך טיף אין זיך אַליין, צו דערגרייכן דעם קערן, דעם סאַמע אינווייניק פון זיין דיכטערישער נאַטור, און יעדעס ליד אָדער יעדער באַנד לידער איז פאַר אים נאָר געווען אַן אָפּגעשיילטע שאָלאַכץ, צום אַרויסוואַרפן; מיט איין שאָלאַכץ נענטער צום עיקר, צום קערן.

שאָלאַכץ און שוים — אַזוי האָט יהואש באַטראַכט זיינע אָפּגעזונגענע לידער. יהואש'ס ביטערסטער קריטיקער איז געווען יהואש אַליין. רילקע.

אָבער ווען אימעצער אַנדערש האָט קריטיקירט זיין ווערק, דעמאָלט איז יהואש געוואָרן דער שטאָלצער בייראָן. „איך אַליין מעג, ווייל איך דרינג ווייטער, איך גראָב טיפער. אָבער דו? מיין ווערק געפעלט דיר ניט? וואָס פאַר אַ חוצפּה! און וואָס פאַר אַ טעמפּקייט!"

נאָך דעם דאָזיקן, בייראָנישן, טייל האָט יהואש קיינ־מאָל ניט אַרויסגעזאָגט מיטן מויל. דערויף איז ער געווען צופיל חכם.

און ער האָט געזען און געשוויגן און געוויטיקט. ווייל באַ זיין גאַנצער חכמה האָט דאָך יהואש אויך געליטן פון „יענער לעצטער שוואַכקייט פון גרויסע מענטשן — רום".

* * *

זיין חלק פון דעם אָפּמאַך מיט דער וועלט האָט יהואש דורכגעפירט מיט טאַקט. שטענדיק געווען בייראָן, און

אייביק געלעבט רילקע. אָבער די וועלט איר חלק — ווי ניט טאַקטפול און ווי ניט מעשה חכם, און, וויי, ווי אַז געשמאַק זי האָט אים דורכגעפירט!

און וואו איז פאַראַן נאָך ווייניקער טאַקט און ווייניקער געשמאַק און אַזוי ווייניק חכמה ווי באַ מאַנכע טישלאָך אין „קאַפּע אייראָפּע״?

אָ! איך הער ווי מען הויבט אָן צו שיסן... אָבער קיין סכנה: בלויז יענע וואָס וועלן זיך פילן געטראָפן וועלן שיסן... נאָר אַ נאָר שפּרינגט פון באָד אַרויס... די חכמים און טאַקטפולע פון „קאַפּע אייראָפּע״ וועלן שווייגן...

איז אין ערגעץ, הייסט עס, ניטאָ נאָך אַזוי ווייניק ליטעראַרישע קולטור ווי, צו קיין גנאי זאָל אונז ניט זיין, באַ אונזערע ליטעראַרישע טישלאָך. און פון דאַנען איז געגאַנגען אַ מלחמה אַנטקעגן יהואשן. די ק אַ פּ ע האָט יהואשן נ י ט אַ נ ע ר ק ע נ ט.

צוויי טענות האָט „אייראָפּע״ אַרויסגעשטעלט קעגן יהואשן.

ער איז ניט מוזיקאַליש.

די פּאָעטישע טראַדיציע אין אידיש איז איינגעשטעלט געוואָרן דורך ראָזנפעלדן, פרוגן און רייזענען. און זיי האָבן געשפּילט אַף דער דינער, ווייגענדיקער, פאַרצויגענער, פּאַטעטישער סטרונע. איז דינע, ווייכע פּאַטעטישקייט באַ אונז געוואָרן די איינציקע פּאָעטישע מוזיקאַלישקייט.

אַז ס׳איז אויך פאַראַן הארטע, שטרענגע, מענלאַכע מוזיק — דערפון האָט מען באַ אונז ניט געוואוסט. אַ מילטאָן, אַ בראַונינג, אַן עדווין ראַבינסאָן וואָלטן באַ אונז ניט אַנערקענט געוואָרן פאַר פּאָעטן. פאַר „קאַפּע אייראָפּע״ ליגט מוזיק נאָר אין אַ סטרונע. אַז מוזיק איז אויך פאַראַן אין דעם ה אַ ל ץ, אַף וועלכן די סטרונע איז פאַרצויגן,

אין די צווייגן פון וואַלד, אין די שטראָמען פון וואַסער־פאַל, אין דעם אויפרייס פון שטיינער, אין דעם גאַלאָפּ פון אַ צעפּוזשעטער טשערעדע — דאָס האָט מען בײַ אונז ניט געפילט.

נעמט אַ גאָלדענע מטבעה, צי אַ זילבערנע, און גיט זי אַ וואָרף אויף אַ האַרטן טיש און איר וועט הערן די מוזיק פון יהואש׳ס שפּראַך. די מוזיק פון זיין שפּראַך איז ניט די מוזיק פון דער דינער סטרונע, נאָר פון דעם שטיק מעטאַל. און דאָס איז אויך מוזיק.

אָבער אין אמת׳ן האָט מען די גאַנצע צייט זיך גאָר אומזיסט אַרומגעריסן איבער יהואש׳ס מוזיק. די הויפּט אייגנשאַפט פון יהואש׳ס שפּראַך איז גאָר ניט די מוזיקאַ־לישקייט, נאָר די בילדלאַכקייט. איר ווירקונג איז מער ווי אַלץ אַ וויזועלע. זי טרעפט מער דאָס אויג ווי דעם אויער. זי בלענדט די ראיה אַנשטאָט גלעטן דעם געהער. זי איז מער בלענדנדיק ווי קלינגעוודיק.

נאָר דאָס — דעם העלפאַנד — האָט מען ניט באַמערקט.

ווער עס וויל פאַרנעמען די אמת׳ע מוזיק פון יהואש׳ס פּאָעזיע, זאָל ניט גיין אין דער מוזיקאַלישער סטודיאָ, נאָר אין דער קוזשניע.

יהואש׳ס שפּראַך איז גאָלד־געהאַמערט. גאָלד בשעת עס ווערט געהאַמערט. אַזוי קלינגט זי און אַזוי בלענדט זי.

דאָס איז געווען איין טענה.

די אַנדערע טענה קעגן יהואשן איז געווען — קילע געדאַנקלאַכקייט.

פאַראַן ליטעראַרישע טישלאַך אין „קאַפע אייראָפּע“, וואו מען ווערט קיינמאָל ניט צעוואָרעמט איבער אַ געדאַנק.

פשוט, ווייל ... איז דעריבער דאָרט געבליבן באשלאָסן, אז פּאָעטישע פילאָזאָפיע אָדער פילאָזאָפישע פּאָעזיע איז גאָר קיין פּאָעזיע ניט. אזוי האָט דעקרעטירט א טישל אין דער „קאַפע".

און ניש'קשה, „קאַפע אייראָפּע" וועט זיך נאָך אמאָל אוועקזעצן, וועט פארקאַטשען די אַרבל, און וועט, מיט דער דאָזיקער טעאָריע אין האַנט, אויסמעקן נײַן צענטל פון דער פּאָעזיע פון דער וועלט דערפאַר ווייל זי האָט זיך, געדאַנק, וויזיע, דאָס הייסט — פילאָזאָפיע. וואָרום „קאַפע אייראָפּע'ס" באַגריף פון פּאָעזיע איז:

קיין וויזיאָנערישער עקסטאַז, קיין וועלט־פאַרנעם, נאָר —שפּיצפינגער גערעדנקעלאַך, מיט צוויי דאַמען־נעגעלאַך אָנצונעמען ...

ס'איז מאָדנע:

אין קילקייט האָט יהואש, באַם טישל פון דריי, באַשולדיקט איינער וואָס זיין טעמפּעראַמענט איז אַליין קיל — איזלאַנד.

אין גערעדנקלאַכקייט האָט יהואש געטאַדלט א צווייטער, וואָס זיין אייגענע דיכטונג איז גאָלע פּאַטעטיק, ווייכע, ווייבלאַכע לירישקייט, אָן דעם צעמענט, אָן דער קראַפט פון מענלאַכן געדאַנק — מאַני לייב.

און אין פילאָזאָפישקייט, און אין טויזנט אַנדערע פּאָעטישע חטאים, האָט יהואש פאַר'משפּט א דריטער, וואָס איז אַזוי צופרידן מיט זיך און מיט דער וועלט, אַז ער האָט זיך אַזש צעזונגען:

און איך זיץ מיר אַף דער ווערענדע
און ס'איז מיר גוט וואָס איך בין זישע לאַנדוי ...

וואָס דאַרף דען א מענטש נאָך מער? עס קען דען געמאָלט זיין א גרעסער גליק?

ווער שמועסט, אַז ווען מען זיצט אַזוי אויף דער ווערענדע, קען מען נאָך פֿאַרנעמען מיט די נאָזלעכער דעם געשמאַקן ריח פֿון דעם זומערדיקן שוויים פֿון אַ צעפֿאַרעטער נעגערין... דעמאָלט איז מען דאָך שוין אודאי פֿאַרזאָרגט מיט אַ נישע אין דעם קעלער פֿון פֿאַנטעאָן פֿון דער אידישער פּאָעזיע.

און בשעת זישע איז זיך געזעסן מיט צונויפֿגעלייגטע הענט און זיך געלאָבט מיט אַלערליי זיסע ריחות, איז יהואש געזעסן און זיך געפּייניקט, זיך געפּייניקט ווי עס פּייניקן זיך אַלע גרויסע גייסטער, וואָס זיינען פֿאַרשאָלטן פֿון שיקזאַל צו געבוירן שיינקייט, און ער האָט געשריבן לידער, אַזעלכע וואָס זייער עק רוט אויף דער ערד, און אַזעלכע וואָס זייער שפּיץ דערגרייכט צו די וואָלקן. ער האָט געשריבן לידער וואָס געהערן צום פּרוג־ראַזענפֿעלד פּעריאָד און לידער וואָס געהערן צו דעם היינטיקן פּעריאָד פֿון דער אידישער פּאָעזיע, און לידער וואָס וועלן שטענדיק געהערן צו דער אידישער פּאָעזיע. סיי־ווי ווערט היינט אַזוי פֿיל געשריבן, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען די וועלט וועט פֿון יעדן פּאָעט זיך נעמען נאָר עטלאַכע שורות. בײַ יהואשן וועט מען נאָך געפֿינען עטלאַכע שורות וואָס וועלן ראוי זיין אַריינצוגיין אין אוצר פֿון דער וועלט־פּאָעזיע, אָבער בײַ...?

און אין נאָמען פֿון אָט דעם „געטלאַכן גראַם", לאַנדווי־ווערענדע, האָט מען עס יהואשן געריסן און געביסן, גע־שפּריצט ברענענדיקע דערנער אויף זיינע וועגן צווישן אונז, אָנגעפּילט די לופֿט מיט סם פֿאַר אים, געלייגט שייטער־הויפֿנס אין די גאַסן און געברענט זיין בילד. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז „קעגן יהואשן" איז געוואָרן די פּאַראָלע בײַם אַריינגאַנג פֿון „קאַפֿע אייראָפּע".

אַזוי האָט געקוקט די „קאַפֿע" אויף יהואשן. און יהואש אויף דער קאַפֿע?

איך האָב אים איינמאָל געפרעגט פאַרוואָס ער קומט אַזוי זעלטן אין די ליטעראַרישע קרייזן.

„אַז איך קום אין קאַפע — האָט ער געענטפערט — מוז איך זיך נאָכדעם אַכט טעג טובל'ען פון דער טומאה".

* * *

און וואו איז געווען די קריטיק? אונזער אָפיציעלע קריטיק איז געזעסן אַפן פּאַרקאַן, איין פיסל אַף איין זייט און איינס אַף דער אַנדערער זייט. אַז די ליטעראַרישע טישלאַך האָבן געזאָגט „ניין" ווי האָט די קריטיק געקענט האָבן דעם כח צו זאָגן „יע"? האָט איין באַק זיך גע־קרימט צו די טישלאַך און די צווייטע האָט געשמייכלט צו יהואשן און, „אַן פּאַס", איז אַרויסגעקומען אַ נאַרישע גרימאַסע.

* * *

און סיבות פאַר דעם אַלעמען זיינען פאַראַן דער עיקר צוויי, ביידע טיפע און ערנסטע. ערשטנס, דאָס וואָס אין אונזער ליטעראַטור, ווייל זי איז אַזוי יונג, איז ניטאָ קיין טראַדיציע און עס פעלט פּשוט'ער דרך־ארץ, און יעדער אינגל קען קומען און מאַכן זיין דעביו, ניט מיט ווייזן וואָס ער אַליין קען, נאָר, קודם־כל, מיט מאַכן אַ ליארעם אַז דער אַנדערער קען ניט.

און די צווייטע סיבה איז נאָך אַ סך אַ טיפערע און טראַגישערע.

אונזער וועלטל, אונזער ליטעראַריש וועלטל אין דער אַמעריקאַנער סביבה, איז אַ זינקנדיקע שיף, און מיר מאַכן דורך די ערשטע סטאַדיע, די פּאַניקע, וואָס ס'מאַכט דורך אַ שיף וואָס זינקט. דאָס איז די סטאַדיע, ווען די מענטשן מיינען נאָך אַז ס'איז פאַראַן אַ רעטונג און יעדער קעמפט ווילד פאַר זיין לעבן, איינער קריכט איבערן אַנדערן, איינער טרעט אַפן אַנדערן, מען כאַפּט זיך פאַר די גאַרגלען, מען

בייסט זיך, מען שטיקט זיך. די צווייטע סטאַדיע קומט דעמאָלט ווען אַלע באַגרייפן, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן. דעמאָלט דערפילט מען זיך אַלע ווי ברידער, מען פאַלט זיך אַף די העלדזער און מען קושט זיך, מען בעט מחילה באַ איינאַנדער, און מען שטעלט זיך אַלע איינציקע איינעם זינגען, „נענטער מיין גאָט צו דיר".

מיר, אין דער היגער אידישער ליטעראַטור, האַלטן נאָך ניט, גאָט צו דאַנקען, באַ דער צווייטער סטאַדיע, און לאָמיר בעטן גאָט מיר זאָלן קיינמאָל צו איר ניט קומען. אָבער די ערשטע סטאַדיע פון ריינער פּאַניקע איז דאָ צווישן אונז און זי איז ביטער און מיאוס. און שוין אין יענער צייט, ווען די „יונגע" האָבן געפירט זייער העצע קעגן יהואשן איז שוין די פּאַניקע, טיף אין אונזער באַוואוסטזיין, געווען פאַנאַנדערגעשפּילט אין פולן ברען און זי איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר און וואַקסט נאָך און זי וועט נאָך וואַקסן. דער שיף־דעק איז קליין און זינקט לאַנגזאַם אין ים אריין, דער האָריזאָנט איז פאַרנעפּלט, די צוקונפט טונקל, די מורא גרויס, דער פיין — ניט אויסצוהאַלטן, איז דאָס האַרץ פאַרביטערט... קעגן וועמען? קעגן נאָענטסטן...

ביטערקייט, האַס — דאָס איז די שטאַרקסטע ליידנ־שאַפט אין אונזער ליטעראַרישער סביבה. הויך איבער אַלע אַנדערע געפילן טראָגט זיך אָט דער געפיל פון שנאה פון שרייבער צו שרייבער און פון ריכטונג צו ריכטונג. דער־פאַר דאָס אייביקע „אַרונטעררייסן" אין אונזער ליטעראַטור. די טאַלאַנטפולסטע זאַכן וואָס ווערן נאָך באַ אונז געשריבן זיינען די „אַטאַקעס", ווייל זיי זיינען די איינציקע זאַכן וואָס ווערן נאָך באַלעבט פון אַן עכטן, צאַפּלדיקן געפיל — שנאה.

* * *

דאָס איז די טראַגישע זייט אין דער באַציאונג פון די אידישע שרייבער צו יהואשן. עס זיינען נאָך פאַראַן

אַ סך טראַגיש־קאָמישע עפּיזאָדן, וואָס וואָלטן אין אמת'ן געדאַרפט דערציילט ווערן ערשט אַמאָל, ווען עס וועלן גע־שריבן ווערן די זכרונות פון דער איצטיקער צייט, אָבער ווער ווייס אויב דעמאָלט וועלן זיי שוין אימעצן אָנגיין. לאָמיר דעריבער בעסער פאַרכאַפּן איצט : ווער ווייס אפשר קען עס נאָך האָבן אַ גוטע פּעולה אַף אונזערע אייגענע טעג.

אַ פּאָר עפּיזאָדן האָבן צו טאָן מיט יהואש'ס אַ רעדאַק־טאָר, וואָס אונטער זיין האַנט האָט זיך יהואש געדרוקט אין אַ צייטונג. יענער רעדאַקטאָר האָט נאָך דערווייל קיין איין שורה ניט צוגעטראָגן צו דער אידישער ליטעראַטור, אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ הוספה פּאַר יהואשן האָט ער, דער רעדאַקטאָר, געהאַט די איידלקייט צו זאָגן אַן ערך אַזוי :

וואָס איר קריגט איז אויך צופיל, ווען עס װענדט זיך אָן מיר וואָלט איך אייערע לידער אומזיסט אויך ניט געדרוקט.

אַזוי האָט גערעדט אַ רעדאַקטאָר באַ אונז, איינער פון צוועלף אין אַ טוץ, צו יהואשן, צום בייראָניש שטאָלצן דיכטער. . . .

און אָט איז נאָך אַן עפּיזאָד מיט יהואש'ס אַ רעדאַק־טאָר וואָס איז אַ פּאָעט. דער גרעסטער נאַציאָנאַלער פּאָעט, לויט זיין אייגענעם נוסח, און „דער מאָדערנער יורש פון די פּאַרצייטיקע נביאים" לויט ניגער'ס נוסח. פּלעגט דער פּאָעט אַלס רעדאַקטאָר דרוקן אַמאָל יהואש'ס אַ ליד, אָבער דערביי האָט עס געהייסן, ווייט און ברייט אַרום אים האָט עס געהייסן און געקלונגען, אַז מייז אין די לעבער און פויגלען אין די וואָלקנס האָבן געהערט :

„די לידער האָבן דען עפּעס אַ ווערט ? ס'איז דען פּאָעזיע ? נאָר גלאַט פון רחמנות וועגן" . . .

און ווען יהואש איז געשטאָרבן איז „דער מאָדערנער יורש פון די פּאַרצײַטיקע נביאים“ באַפאַלן שלאָגן דעם סעקרעטאַר פון פּרץ־שרייבער פאַריין, ווייל יענער האָט אים ניט אָפּגעגעבן דעם געהעריקן כבוד ביי יהואש׳ס לויה...

גלייך ווי יהואש איז לכתחילה נאָר געשטאָרבן כדי צו טיילן כיבוד אידישע שרייבער...

דער סעקרעטאַר פון פּרץ־שרייבער פאַריין איז גראָד דעמאָלט געווען — איך...

* * *

דאָס איז געווען די באַציאונג, סיי פון שרייבער, סיי פון רעדאַקטאָרן, צו דער אינטערעסאַנטסטער פּערזענלאַכקייט אין אונזער ליטעראַטור נאָך פּרצ׳ן.

וואָס־זשע איז געשען?

האָט זיך יהואש אָפּגעשיידט פון דער טומאה, האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיינע ד׳ אמות און האָט זיך באַהעפט מיט דער הייליקער אַרבעט פון איבערזעצן דעם תנ״ך.

באַ אונז, וואָס זעלטן־ווער לייענט שוין דעם תנ״ך, און לערנען — כמעט קיינער ניט, ווער איז נאָך באַ אונז פאַראַן וואָס זאָל קענען משיג זיין די איבערמענטשלאַכע אַרבעט וואָס יהואש האָט אַריינגעלייגט אין זיין ביבל־איבערזעצונג? ניט קיין מאָנומענט האָט דאָ יהואש אויפ־געשטעלט, נאָר אַ פּיראַמידע האָט ער אויפגעבויט! אַליין די שטיינער שלעפּנדיק, אַליין דאָס ליים קנעטנדיק, פון היץ באַטאָג און פון קעלט באַנאַכט פאַרצערט ווערנדיק, האָט אַ מענטש, איינער אַליין, אין אַ מדבר, אַ פּיראַמידע אויפ־געשטעלט!

דער גרעסטער געשאַנק דער אידישער שפּראַך זינט די ווערק פון מענדעלע און שלום עליכם.

און ווי אַזוי האָט די אידישע וועלט, די ליטעראַרישע און אומליטעראַרישע, זיך באַצויגן צו דער דאָזיקער גיגאַנטן־אַרבעט?

נאָך היינט, יאָרן נאָך זיין טויט, איז די ביבל ניט אָפּגעדרוקט. און דאָס וואָס איז יאָ אָפּגעדרוקט האָט גע־קראָגן אַ תיקון נאָר דורך דער מי און אַרבעט און ליבשאַפט און טרערן פון אַן אָרעמער אַלמנה.

אין מיטן פון גרעסטן אידישן ישוב, אין האַרצן פון דער רייכסטער אידישער קהילה אין דער וועלט, איז ניט מעגלאַך געווען צו שאַפן דעם מיזעראַבעלן פאָנד אַרויס־צוגעבן יהואש׳ס ביבל איבערזעצונג!

און יהואש האָט געהאָפט און געוואַרט, געוואַרט און געפּלאַנט, געהאָפט און פאַרצווייפלט, און דערווייל געאַרבעט און שטענדיק געאַרבעט און ווידער איבערגעאַרבעט, ביז ער האָט די ביבל עטלאַכע מאָל איבערזעצט, און ווייטער געוואַרט און געהאָפט, ביז ער איז, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, אין מיטן פון אַ פּסוק, געפאַלן און אַף אייביק איינגעשלאָפן.

און אַז ער איז געשטאָרבן און איז געלעגן אין קאַסטן, איז דער שוואַרצער קאַסטן געווען דאָס רייכסטע שטיק מעבל אין הויז...

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי איז געשטאָרבן דער גרעס־טער אידישער דיכטער פון היינט, די גרעסטע ליטעראַרישע פּערזענלאַכקייט פון אונזער צייט, דער גרעסטער מייסטער פון אידישן וואָרט פון אונזער דור.

אָבער יהואש איז געווען און שטענדיק געבליבן דער גרויסער חכם, און ער האָט גוט געקענט זיינע ברידער שרייבער, און ער האָט געוואוסט אַז נאָך זיין טויט וועט מען זיך שטעלן איבער זיין קבר און מ׳וועט רעדן אמת׳ע רייד מיט פאַלשע מיילער, און מען וועט זיך גלעטן חטאתי איבער ציניִשע הערצער, און מען וועט זיך טיילן כיבודים, און

אַפילו זיך שלאָגן איבער זיי... און ער האָט באַ זיין לעבן ניט געקענט פאַרטראָגן דעם דאָזיקן ציניזם איבער זיין טויט, און ער האָט געלאָזט אָנזאָגן די אידישע שרייבער און דער אידישער וועלט:

נאָר ניט צו נאָנט צוגיין. רעספּעקט! אַף דער געהעריקער דיסטאַנץ! און ניט סמייען עפענען די מיילער!

שטיל זאָל זיין!

און באַ די אידישע שרייבער זיינען די אויסגעקליגלטע רעדעס געבליבן שטעקן אין די העלזער און זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין די ביכעלאַך פאַר אַן אַנדער געלעגנהייט... נאָר וויפיל פון זיי האָבן זיך געשטעלט די פראַגע פאַרוואָס יהואש האָט אַזאַ מאָדנע צוואה איבערגעלאָזט, און וויפיל פון זיי האָבן פאַרמאָגט די דינקייט צו דערפילן די ביטערע, גאַליקע כונה הינטער איר?

יהואש האָט געלעבט מיט בייראָנישן שטאָלץ און איז געשטאָרבן ווי בייראָנ׳ס שטאָלצסטער העלד—סאַרדאַנאַפּאַל.

סאַרדאַנאַפּאַל איז געווען אַ גוטער קעניג און אַ קלוגער און ער האָט געוואָלט זיין פאָלק באַגליקן מיט ברויט און קונסט און אַלדאָס גוטס. אָבער פּאָליטיקאַנטן און אינטריגאַנטן האָבן אים געשטערט. און דאָס ביטערסטע איז געווען וואָס דאָס פאָלק אַליין וואָס ער האָט געוואָלט באַגליקן, איז שטענדיק געגאַנגען מיט די פּאָליטיקאַנטן און אינטריגאַנטן און קעגן אים, ביז דער גוטער און שטאָלצער קעניג איז מיד געוואָרן פון דעם נאַרישן שפּיל און ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אַף זיין טראָן און האָט אונטערגעצונדן דעם טראָן און זיך.

און ווען דער קעניג־שטול מיטן קעניג האָבן געברענט און דאָס אומדאַנקבאַרע פאָלק איז זיך צונויפגעלאָפן און פאַר׳חידוש׳ט געקוקט: דורך פייער? דורך פייער גאָר? האָט דער קעניג פון צווישן די פלאַמען גערופן:

מיין פֿאָלק, איך וויל דיר גאָרניט שולדיק בלייבן —

אפילו ניט קיין קבר!...

אָט אַזוי האָט זיך יהואש אויך פֿאַרצערט אין די פֿלאַמען פֿון הייליקער אַרבעט, און הויך איבער די פֿלאַמען, פֿון אַף יענער זייט לעבן, האָט ער געלאָזט הערן זיין שטים צו זיינע חברים און צו זיין פֿאָלק, אַ שטים שטרענג און שטאָלץ:

שטיל זאָל זיין! איך וויל אייך גאָרניט שולדיק בלייבן,
אפילו ניט קיין — הספד! (1930)

# ארטור שניצלער׳ס טויט

די לעבנס־געשיכטע פון ארטור שניצלער לאזט זיך גרינג איבערדערציילן, איבערהויפט די געשיכטע פון זיין קינדהייט און יוגנט. עס איז געווען א גליקלאכע קינדהייט און יוגנט. זיין פאטער איז געווען א בארימטער דאקטאר אין ווין. זיינע פאציענטן האט דער אלטער שניצלער געהאט צווישן דער אריסטאקראטיע, צווישן די סטארס פון דער אפערע, פון טעאטער, פון דער ליטעראטור. ער איז אויך געווען א שטיקל שרייבער, א רעדאקטאר און א פראפעסאר פון מעדיצין. און זיין זון ארטור איז געגאנגען אין דעם טאטנס טריט. ער האט אויך שטודירט מעדיצין און האט אויך געטרוימט פון שרייבעריי. ווען ער איז אלט געווארן ניין יאר, האט ער שוין אנגעשריבן א דראמע אין פינף אקטן. ווען ער האט געענדיקט מעדיצין האט ער פראקטיצירט עטלאכע יאר. דאן האט ער אוועקגעלייגט זיין פראקטיק אין א זייט און האט זיך אפגעגעבן אינגאנצן צו שרייבעריי. אבער דעמאלט האט זיך אויך געענדיקט דער גלאטער, גליקלאכער וועג פאר אים. זיין פאטער האט נאך געלעבט אין דער צייט, ווען עס האט געהערשט דער ליבעראלער גייסט אין עסטרייך. זיין אייגענע יוגנט איז אויך פארלאפן אין יענער צייט. אבער ווען ארטור שניצלער איז אליין ארויסגעטראטן אין לעבן האט שוין דער ליבעראלער גייסט פארלוירן זיין מאכט, און עס האט זיך אנגעהויבן די עפאכע פון פארשארפטן אנטיסעמיטיזם. שוין אין זיין פראקטיק אלס דאקטאר האט ארטור שניצלער שטארק געפילט דעם אנטיסעמיטיזם. אבער נאך שטארקער האט ער אים דערפילט, ווען ער איז ארויסגעטראטן אלס שריפטשטעלער. פאר זיינע ערשטע ווערק האט ער ניט

געפונען קיין פארלעגער, און ער האָט זיי געמוזט דרוקן אױף זײַנע אײגענע קאָסטן.

די ערשטע פאַר זאַכן, וואָס ארטור שניצלער האָט אָנ־געשריבן, האָט ער געמוזט אָפּדרוקן אױף זײַנע אייגענע הוצאות: ניט געווען קײן בעלנים צווישן עסטרייכישע פאַרלעגער צו דרוקן און אַרויספירן אַ נײַעם אידישן טאַלאַנט. און זײַנע לעצטע זאַכן, אין די לעצטע יאָרן, האָבן זיך שלעכט פאַרקויפט. די עסטרייכישע אַנטיסעמיטן פלעגן ברעכן די פענצטער אין די בוכהאַנדלונגען, ווען מען פלעגט אין זיי אַרויסשטעלן שניצלער׳ס ביכער. דאָך איז שניצלער געבליבן דער גרעסטער נאָוועליסט און דראַמאַטורג פון עסטרייך, אָדער בעסער געזאָגט: שניצלער איז געבליבן, נאָר עסטרייך איז שוין ניטאָ...

פאַרוואָס איז עסטרייך מער ניטאָ? ווי אַזוי איז געפאַלן די גרויסע אימפּעריע?

די היסטאָריקער, וואָס וועלן וועלן גוט פאַרשטיין די אמת׳ע אורזאַכן, וועלן מוזן גיין צו שניצלער׳ס ווערק. היינטיקע צײַטן שטודירט מען ניט געשיכטע בלויז פון קאַנצעליאַרסקע דאָקומענטן. די ווערק פון אַ פּאָעט זײַנען פאַרן היינטיקן היסטאָריקער פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי די רעדע פון אַ פּרעמיער און דער באַריכט פון אַ פעלד־מאַרשאַל. ווער עס וועט, אַלזאָ, זוכן צו פאַרשטיין דעם סוד פון עסט־רייך׳ס פאַלן, וועט דאַרפן גיין צו די דראַמען און ראָמאַנען פון שניצלערן. יאָרן און יאָרן האָבן עסטרייכישע אַנטי־סעמיטן געוואָלט פאַרשטאָפּן שניצלערן דעם מויל. אָבער צווישן עסטרייך און שניצלערן וועט דאָס לעצטע וואָרט שוין שטענדיק האָבן — שניצלער.

וואָרום „אַ זאַך פון שיינקייט איז אַ פרייד אױף שטענ־דיק“, האָט אַ פּאָעט געזאָגט, אָבער אימפּעריעס — די גרעסטע פון זיי, זײַנען דאָך סוף כל סוף געמאַכט פון זאַמד

און שטויב. און „פון שטויב ביסטו געקומען און צו שטויב וועסטו זיך אומקערן".

ניט קוקנדיק אף אַלע פאַרפאָלגונגען פון די אַנטי־סעמיטן איז שניצלערן דאָך ניט שווער אָנגעקומען צו גע־ווינען די אַנערקענונג אַלס דער גרעסטער עסטרייכישער דראַמאַטורג און נאָוועליסט פון זיין צייט. דאָס איז אים געלונגען ניט נאָר מיט זיין גרויסן טאַלאַנט, נאָר מיט אַ באַזונדערער מתנה מיט וועלכער זיין טאַלאַנט איז געווען געבענטשט — די מתנה פון קלאָרקייט. שניצלער האָט געשאַפן פאַר זיך אַ שפּריכוואָרט, וואָס מעג זיין דער שפּריכוואָרט פאַר אַלע קינסטלער און שרייבער: „טיפ־זיניקייט — האָט ער געזאָגט — האָט נאָך קיין מאָל גאָרניט פאַרשטענדלאַך געמאַכט; קלאָרזיניקייט העלפט די וועלט העלער צו מאַכן". אָבער דאָס מיינט ניט, אַז שניצלער איז ניט טיף געווען. פאַרקערט, ער איז געווען זייער טיף, נאָר ער האָט געוואוסט דעם גרויסן סוד ווי אַזוי פון טיפזיניקייט צו מאַכן קלאָרזיניקייט. ניט נאָר אין זיינע גרעסערע זאַכן, נאָר אַפילו אין די קליינע דערציילונגען האָט ער שטענדיק ליב געהאַט צו שילדערן דין־פאַרוויקלטע, פיין־פאַרוועבטע און פאַרפלאָכטענע געפילן, אַזוי ווי די רוסישע שרייבער האָבן עס שטענדיק ליב געהאַט צו טאָן. נאָר אונטער זיין פעדער איז די טונקלקייט פון דער מענטש־לאַכער נשמה באַלויכטן געוואָרן אַזוי ווי אונטער אַ ליכטי־קער גלאָז. און ווי גראַציעז, ווי שפּילעוודיק ער פלעגט עס טאָן! טאַקע נאָר ווי אַ מייסטער אַ דאָקטאָר גייט אַרום אַרום אַ שווערער וואונד פון אַ קראַנקן. און אומבע'רחמנות־דיק איז ער געווען — אויך נאָר ווי אַ דאָקטאָר. ער האָט זיינע העלדן ניט גע'חנפ'עט, ניט צוגעפאַרבט, נאָר אויפ־געדעקט דעם אמת פון זייערע נשמות. און אַזוי אַרום האָט שניצלער פאַרמאָגט אַלע גרויסע מעלות פון עכטער קונסט. ער האָט געהאַט די טיפקייט פון די דייטשן, די קאָמפּליצירט־קייט פון די רוסן, די קלאָרקייט פון די ענגלענדער, די לייכט־

קייט פון די פּראָנצויזן און די לײדנשאַפט צום אמת פון די אידן.

* * *

שניצלער׳ס גרעסטע טעמע, כמעט זיין איינציקע טעמע איז געווען — די ליבע. ער האָט זייער ווייניק ווערק גע־שריבן אַף סאָציאַלע טעמען, אָבער אפילו זיינע סאָציאַלע זאַכן זיינען געבויט אַרום דער ליבע. מיט דער אויסנאַם פון „פּראָפעסאָר בערנהאַרדי״, וואו עס איז קיין ליבע־שפּיל ניטאָ, אָבער דערפאַר זיינען דאָרט קיין פרויען אויך ניטאָ, אויסער אַ האָספּיטאַל־שוועסטער וועלכע דערשיינט בלויז אין איין סצענע. פאַרוואָס האָט שניצלער זיך אַזוי פיל אָפּגעגעבן מיט דער שילדערונג פון דער ליבע? עס קען זיין, אַז דאָס האָט ספּעציעלע אורזאַכן און עס קען זיין, אַז ניט. יעדנפאַלס איז עס ריכטיק באַמערקט געוואָרן, אַז אין דער זעלבער עפּאָכע מיט שניצלערן האָבן נאָך צוויי עסטע־רייכישע אידן זיך באַשעפטיקט מיט דער ליבע און זי אַרויס־געשטעלט ווי דעם צענטער פון לעבן און אַלץ וואָס איז דאָ אין לעבן. איינער פון זיי איז — זיגמונד פרויד מיט זיין פּסיכאָלאָגיע פון ליבע, דער צווייטער — אָטאָ ווייניגער מיט זיין פילאָזאָפיע פון דער ליבע.

ווי אַזוי שטעלט שניצלער פאָר די ליבע?

די ליבע, לויט שניצלערן — דאָס איז אַ טאַנץ אַזאַ, אַ לייכטער שטיפערישער טאַנץ, נאָר אין דער לייכטקייט און שטיפערישקייט ליגן פונדעסטוועגן — לעבן און טויט. פאַר דער פרוי איז די ליבע אַ פיל ערנסטערע זאַך ווי פאַרן מאַן און דער פרוי קומט אויך אויס מער צו אָפּפערן, און אין זיין באַרימטער נאָוועלע „בערטאַ גאַרלאַן״ קומט דער שרייבער צום אויספיר, אַז ערגעץ וואו האָט די נאַטור געטאָן אַן עולה דער פרוי וואָס זי האָט איר געגעבן די זעלבע ליבעס־פאַרלאַנגען ווי דעם מאַן. די פרוי האָט נאָר געדאַרפט האָבן אַ פאַרלאַנג צו זיין מוטער, אָבער ניט צו זיין ווייב...

אָבער פּאָר שניצלער'ס מענער איז ליבע אַלץ, דער ערשטער און לעצטער צוועק פון לעבן. צווערשט קומט ליבע, נאָכהער ערשט אַנדערע זאַכן פון לעבן. זאָגט איין שניצלער־רישער העלד צו זיין געליבטער: „ווען מען האָט צייט און מען איז אין דער שטימונג בויט מען פאַבריקן, נעמט מען איין לענדער, מען שרייבט סימפאָניעס, מען ווערט אַ מיליאָנער, אָבער דאָס זיינען אַלץ זייטיקע זאַכן. די הויפּטזאַך — זייט איר".

און ווייל די ליבע איז די הויפּטזאַך פאַרן מאַן, ווייל ער זי איינגאַנצן, ער וויל זי אין אַ פולן בעכער, און וויל זי דערגרונטעוועטן ביזן סוף, און וויל זי נאָר פאַר זיך אַליין, און קען דער פרוי ניט מוחל זיין אויב זי האָט געהאַט אַ ליבע פריער, ווי היים זי זאָל אים ניט ליבן איצט. זאָגט אַן אַנדער העלד שניצלער'ס: „עס איז גאָר ניטאָ קיין קוש רײן גענוג, קיין אומאַרמונג היים גענוג, און קיין ליבע אייביק גענוג כדי צו קענען אויסלעשן די אַלטע קושן און די אַלטע ליבע. וואָס איז געווען דאָס בלייבט".

אָבער כאָטש די ליבע מיינט פאַרן מאַן אַזוי פיל, דאָך, ווען ער ווערט שטאַרק געזעטיקט פון איר, דערפילט ער זי ווי אַ לאַסט און הויבט באַלד אָן צו בענקען נאָך פרייהייט. אָבער צו פרייהייט מיינט — די פרייהייט צו האָבן אַן אַנדער ליבע... און אַזוי געפינען מיר בא שניצלערן העלד נאָך העלד וואָס ליבט אַ צעשפּאַלטענע ליבע: נאָך איידער ער האָט זיך אַנגעזעטיקט מיט איין ליבע בענקט ער שוין נאָך אַ צווייטער, און איידער ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט איין געליבטער האָט ער שוין פאַרקניפּט אַ באַציאונג מיט אַן אַנדערער...

אַזוי איז שניצלער'ס ליבעס־שפּיל...

כאָטש שניצלער האָט אַלע זיינע יאָרן געלעבט אין אַנטיסעמיטישן ווין און האָט אַליין געהאַט אַ סך אויס־

צושטייַן פון דעם אַנטיסעמיטיזם, דאָך האָט ער זייער ווייניג געשריבן וועגן דער אידישער פראַגע. בלויז צוויי ווערק האָט ער געשענקט דעם פּראָבלעם, אָדער ריכטיקער געזאָגט — אַנדערהאַלבן ווערק: זיין דראַמע „פּראָפעסאָר בערנהאַרדי" (1913) און „דער וועג צו פרייהייט" (1908). דאָס לעצטע, „דער וועג צו פרייהייט" ווערט פון אַ סך קריטיקער באַטראַכט אַלס זיין גרעסט מייסטערווערק, און עס איז באַקאַנט, אַז שניצלער האָט עס געשריבן מיט מער כונה ווי אַלע אַנדערע ווערק זיינע. דריי יאָר האָט ער דערויף געאַרבעט און דאָ האָט ער באַהאַנדלט די אידישע פראַגע מיט אַ סך טיפקייט און פאַרשטענדעניש. אָבער מערקווירדיק איז, אַז די אידישע פראַגע ווערט דאָ באַהאַנדלט ניט ווי די הויפּטזאַך פון דעם ווערק, נאָר ווי אַ זייטיקע זאַך... די הויפּט העלדן פון דעם ראָמאַן זיינען ניט קיין אידן, און די איבערלעבונגען וואָס זיי גייען דורך האָבן אויך מיט אידן און מיט דער אידישער פראַגע גאָרנישט צו טאָן. נאָר אַזוי ווי ביידע זיינען זיי פון דער קינסטלער-וועלט, און אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פון קינסטלער, שריפטשטעלער, זשורנאַליסטן אין ווין זיינען אידן, במילא קומט אויס די העלדן אַף טריט און שריט זיך צו טרעפן מיט אידן. און אַזוי אַרום ווערט, ניט דורכן פאַראַדנעם ארייננאַנג פון ראָמאַן נאָר דורך אַ הינטער-טיר, אריינגעפירט די אידישע פראַגע.

פאַרוואָס האָט עס שניצלער אַזוי געטאָן? פאַרוואָס האָט ער ניט געשריבן אַ פולן ראָמאַן דירעקט פון אידישן לעבן? צי האָט ער דען ניט לייכט געקענט מאַכן די הויפּט-העלדן אויך אידן און אַף אַזאַ אופן האָבן אַ פיל בעסערע מעגלאַכקייט צו באַהאַנדלען דאָס אידישע פּראָבלעם?

אָט די פראַגע האָט די קריטיק געשטעלט, אָבער קיין ענטפער ניט געקענט געבן, סיידן אַז שנצילער האָט אַזוי געטאָן ווייל ער האָט ניט געוואָלט געשטעמפּלט ווערן אַלס אַ „אידישער" שרייבער...

אָבער מיט פינף יאָר שפּעטער האָט ער עס דאָך געטאָן אין דער דראַמע „פּראָפעסאָר בערנהאַרדי". אָט די דראַמע אָדער קאָמעדיע וועט בלייבן אַן אייביקער מאָנומענט פון שאַנדע פאַרן אַנטיסעמיטיזם בכלל און פאַרן ווינער אַנטי־סעמיטיזם בפרט. עס דערציילט די געשיכטע פון אַ באַרימטן אידישן דאָקטאָר פון ווין וואָס האָט געהאַט אין זיין שפּיטאָל אַ פּאַציענטקע אַ קאַטוילישע מיידל, וואָס אַלע האָבן איר אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. נאָך איין שטונדע האָבן איר די דאָקטוירים געגעבן, אָבער אין דער לעצטער שטונדע איז זי געווען אין אַ גליקלאַכן צושטאַנד. זי האָט ניט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף, אַז זי דאַרף באַלד שטאַרבן. פאַרקערט. זי האָט דערוואַרט איר געליבטער זאָל קומען זי נעמען אַהיים. פּלוצלינג אָבער קומט אַ גלח און וויל דער קראַנקער געבן די לעצטע טרייסט. דער איד בערנהאַרדי זאָגט, אַז עס וועט זיין מער מצוה צו לאָזן דאָס מיידל שטאַרבן אַן דער תּפילה, איידער זי איבערשרעקן מיטן טויט... און דאָס מיידל שטאַרבט אָן דעם גלח'ס טרייסט. באַלד ווערט אַ מהומה אין לאַנד: דער איד האָט באַליידיקט די קריסט־לאַכע רעליגיע, און עס געפינען זיך פאַלשע עדות וואָס זאָגן, אַז בערנהאַרדי האָט גאָר געשלאָגן דעם גלח... בערנהאַרדי'ס פריערדיקע פריינט ווערן פּלוצלינג זיינע שונאים... דער סוף איז, אַז בערנהאַרדי ווערט פאַר'משפּט צו צוויי מאָנאַטן געפענקעניש.

די גאַנצע צעפוילטקייט פון דער פאַר'מלחמה'דיקער עסטרייך ווערט געוויזן אין יענער דראַמע. און ענדיקן ענדיקט זי זיך מיט פיינער שניצלערישער איראָניע:

פונקט ווען בערנהאַרדי גייט אַרויס פון געפענקעניש ווערט דער פּרינץ קראַנק און מען קומט רופן בערנהאַרדין, אַלס דעם גרעסטן דאָקטאָר פון ווין. אָבער בערנהאַרדי קען ניט גיין, ווייל אַ דאָקטאָר וואָס איז געזעסן אין געפענ־קעניש האָט, לויטן אַלטן עסטרייכישן געזעץ, פאַרלוירן זיין רעכט צו פּראַקטיצירן...

דער גרעסטער דאָקטאָר פון ווין האָט פאַרלוירן זיין רעכט צו פּראַקטיצירן נאָר ווייל ער איז אַ איד, און אפילו ווען דער פּרינץ אַליין איז דורך דעם אין לעבנס־געפאַר...

קיין מער ביטערע איראָניע אַפן אַנטיסעמיטיזם קען מען זיך גאָרניט פאָרשטעלן.

* * *

ניט קוקנדיק אַף „פּראָפעסאָר בערנהאַרדי" קען פונ־דעסטוועגן זיין אַז שניצלער האָט דאָך ניט געוואָלט קריגן דעם נאָמען פון אַ „אידישן" שרייבער, יעדנפאַלס דעמאָלט, אין 1908, ווען ער האָט געשריבן זיין „וועג צו פרייהייט". אָבער ווי זאָגט אַ אידיש ווערטל: „לעבן זאָל מען צווישן גויים און שטאַרבן צווישן אידן". אין זיין צוואה האָט שניצלער אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל אים באַערדיקן אַפן אידישן בית־עולם, מיט אַן איינפאַכער לויה, אין אַ פּראָסטער מיטה, אָן בלומען, אָן פאַראַדן, און דאָס איינגעשפּאָרטע געלט פאַר־טיילן צווישן אָרעמעליים. עכט אידישלאַך.

און נאָך האָט ער אָנגעזאָגט: מען זאָל אים, פאַרן באַגראָבן, דורכשטעכן דאָס האַרץ מיט נאָדלען.

וואָס איז געווען שניצלער'ס מיין דערביי? האָט ער דערמיט, ווי אַ דאָקטאָר, געמיינט טאַקע צו מאַכן זיכער אַז ער איז טויט, אָדער ער האָט עס געמיינט אַלס סימבאָל — צו ווייזן די מענטשן, ווי אַזוי אַ אידיש האַרץ גייט אַוועק פון דער וועלט?

# בוך און אידעאל

פון אלע ווינקלען ארום טראגט זיך די קלאג: דאס בוך גייט אונטער! דאס בוך גייט אונטער, פון דעם אויבן־אן פארטריבן און אין די קעלערן הינטער שטויב פארשטעקט.

איז דער ווייטיק גרויס און דאס געשריי פארצווייפלט.

כדאי אבער אומצודרייען די מטבע און א קוק טאן אף דער צווייטער צורה:

דאס בוך גייט אונטער — מה רעש? וואו איז דא דער שאדן? צו וואס דאס ווייגען און קברים רייסן? צי האט דען דאס בוך ניט פארדינט מען זאל עס סוף כל סוף א קאלטן רוקן אויסדרייען?

אמאל האט נאך דאס בוך א זין געהאט; דאס איז אבער געווען אמאל, אמאל, פאר 1914. עס האט דעם דאזיקן זין זינט דעמאלט פארלוירן.

ווי פלעגט עס אמאל הייסן אין אונזערע ליטעראטור טעאריעס? די ליטעראטור „מאלט דאס לעבן", „שפיגלט אפ", „שאפט אום", „דערהויבט", „קלערט אויף", „פאר־טיפט דאס לעבן". עס מאכט ניט אויס וואס פאר א שיטה און וואס פאר א זשאנר אין דער ליטעראטור — אלע האבן זיך פארופן אפן „לעבן". פון דאנען זייער זכות געצויגן. קלאסיציזם, ראמאנטיזם, דאדאיזם — דאס, האט מען אונז געלערנט, זיינען נאר אנדערע סטילן, אבער די סובסטאנץ איז איינע געווען, — דאס לעבן. מיר האבן געלייענט דאסטאיעווסקין, היינען, מעטערלינקן און זיינען געווען זיכער אז מיר זעען דאס לעבן.

און היינט? וואס איז היינט דאס לעבן? שפיגלט די היינטיקע ליטעראטור אויך אפ דאס לעבן? קלערט זי עס אויף? דערהויבט זי, פארטיפט זי עס היינט אויך?

אָדער צי שטייט זי דען ניט אַ שוואַכע, אַ מאַכטלאָזע אין אָנזיכט פון דעם מורא'דיקן פּענאָמען וואָס איז דאָס היינטיקע לעבן? צי איז די היינטיקע ליטעראַטור אפילו אַ שוואַכער עכאָ פון דעם וואָס עס טוט זיך היינט באמת אין דער וועלט, אין די פעלקער, אין די קלאַסן, אין אַן איינציקן הארצן אפילו?

דאָס לעבן איז צו טיף און צו גרויס געוואָרן פאַר ליטעראַטור...

איך ווייס, מען וועט זאָגן: עס איז נאָך פרי, עס פאָדערט זיך צייט, כדי די ליטעראַטור זאָל קענען אָפּשפּיגלען דאָס איצטיקע לעבן; עס פעלט איר נאָך פּערספּעקטיוו.

אָבער איך מיין, אַז ס'איז שוין צייט אָוועקצואוואַרפן דעם דאָזיקן פּזמון. יעדעס מאָל ווען די ליטעראַטור קען זיך ניט ספּראַווען — לייגט זי אָפּ אויף שפּעטער. אָבער זי האָט נאָך קיינמאָל קיין וואָרט ניט געהאַלטן. זי האָט אונז צוגעזאָגט — האָט זי אונז געגעבן דאָס ווערק פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע? איז דער אונטערגאַנג פון רוים שוין אויסגעדיכטעט געוואָרן? און איז „איכה" באמת אַזוי גרויס ווי דער חורבן?

דער וועלט־קריג פון ניינצן־פערצן איז געווען דער מענטשהייט'ס צווייטער עסן פון עץ־הדעת, איר צווייטער זינד־פאַל. און זינד מאַכט קלוג. אַריין איז דער מענטש אין דעם קריג נאַיוו ווי אַ קינד, אַרויס איז ער — אַלט, ווייז, טיף. דער מענטש פון היינט איז איין גרויסער, פאַרקנייטשטער שטערן.

איז דאָס בוך קינדיש און נאַיוו געוואָרן. ביז 1914 האָט דאָס בוך נאָך פאַרגעשטעלט מיט זיך רייפערן, העברערן שכל... ווי דאָס מערכען פאַרן קינד. דאָס מערכען דאַרף זיין קליגער ווי דאָס קינד.

אָבער די גאַנצע היינטיקע ליטעראַטור איז נאָר אַ מערכען־ליטעראַטור פאַר וועלכן דאָס קינד איז צו קלוג געוואָרן.

נעמט כאָטש דאָס לעצטע גרויסע ווערק פון פאַר 1914 — „זשאַן קריסטאָף". מיר געדענקען נאָך אַלע דעם רושם וואָס דער דאַזיקער ראָמאַן האָט דעמאָלט געמאַכט אין דער וועלט. עס איז געווען דער אייראָפּעישער ראָמאַן וואָס האָט אויפגעדעקט אַלע פּראָבלעמען פון דער צייט און גע־טראָגן אַ רעצעפּט פאַר אַלע קראַנקייטן פון אייראָפּע. און וואָס איז געווען דער רעצעפּט? וואָס איז געווען די רפואה?

זי געפינט זיך אין איין שורה פון דעם ראָמאַן. ווען אַן איינוואוינער פון „דעם הויז" קלאָגט פאַר קריסטאָפן אָף די צרות פון לעבן און פרעגט: וואָס טוט מען, וואָס טוט מען? ענטפערט קריסטאָף: קונסט.

דאָס איז דער גאַנצער זין פון דעם באַרימטן אייראָ־פּעישן ראָמאַן.

אָט אַזוי האָט מען נאָך פאַר 1914 געגלויבט אין דער קונסט.

אָבער פּרוּווט אָף אַ מאָמענט אָנווענדן די דאָזיקע רפואה צו דער היינטיקער מכה. זאָל ראָמען ראָלאַן ווייזן אַזאַ טעאַטער־ספּעקטאַקל וואָס זאָל קענען פאַרטרייבן פונם זינען דאָס בילד פון צוועלף מיליאָן ווייסינקע, נייאינקע צלמים אָף די קריגס־פעלדער פון אייראָפּע; זאָל ער מיט דעם לייוונט פון ראַפאַעל'ס „סיקסטינישער מאַדאָנע" אַרומ־וויקלען די בלינדגעמאַכטע אויגן פון הונדערטער טויזנטער יונגע מענער — און זאָלן זיי זעעוודיק ווערן; זאָל ער אָף די געזונטע, אויסגעטאָקטע פיס פון מיכעל אַנדזשעלאָ'ס „דוד"־סטאַטוע אָוועקשטעלן די מיליאָנען קאַליקעס פון אייראָפּע — און זאָלן זיי אָנהויבן גיין.

זאָל ער, און דעמאָלט וועט ער קענען זאָגן: קונסט איז אַ רפואה!

און זאָל ער מיט זיין קונסט היילן אונז, די גאַנץ געבליבענע. מיר זעען זיי נאָך היינט אַלע טאָג, די שיינע, די יונגע, די העלדישע, נאָר אָן הענט און אָן פיס, ווי זיי זיצן אין די ביטערע פרעסט אויף די גאַסן פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך און אַלע אַנדערע לענדער און בעטן נדבות. און געפינען אַ טרייסט פאַר זיי ווער קען? אפשר איז דאָ אַ טרייסט, אַז — גוט איז זיי נאָך אַלעמען, אָט די דאָזיקע שיינע, יונגע, העלדישע, וואָס האָבן ניט קיין הענט און קיין פיס אין די פרעסט: האָבן זיי ניט וואָס עס זאָל זיי אָפּפרירן!

דאָס איז אונזער טראַגעדיע קעגן יענע, וואָס מיר ווייסן ניט פון קיין אַנדער טרייסט פאַר זיי. און וואו איז די קונסט, וואָס זאָל אונז היילן?

זעט די לענדער פון דער וועלט, די לענדער וואָס האָבן פאַרגעסן ווי צו לאַכן, וואו דער אומעט איז אַזוי גרויס, אַז איר פילט די זון איז ניט ערלאַך וואָס זי לאַכט דאָרט אַרונטער — וואו איז דאָס בוך און וואו די קונסט וואָס דריקט אויס דעם דאָזיקן צער? און וואו איז די קונסט וואָס קען דעם דאָזיקן צער לינדערן?

און ווען די קונסט קען עס ניט — צו וואָס נוצט זי? צו וואָס נוצט דאַן דאָס בוך? וואָס טוט דען דאָס בוך? דאָס הארץ פון דער וועלט פאַרגייט אין בלוט און דאָס בוך מאַכט דערפון אַ ליטעראַרישע טעמע. פון לעבן ווערט שווישפּיל.

זאָל דאָס בוך ניט מער קומען מיט דער פאַלשער טרייסט אַז עס היילט. זאָל עס אויך מער ניט קומען מיט זיין אַלטן צוזאָג, אַז עס קולטיווירט, אַז עס דערהויבט, עס פאַרגייסטיקט, עס איידלט דעם מענטשן, אַז עס מאַכט דעם מענטשן פאַר אַ בעסערן מענטשן.

דאָ האָט דאָס בוך גיכער זיך צו פאַרטיידיקן.

איז עס בלויז אַ צופאַל אָדער עס איז מער ווי אַ צופאַל וואָס די גרויזאַמסטע צען יאָר אין דער מענטשלאַכער געשיכטע זיינען זיך צוזאַמענגעפאַלן מיט די געבילדעטסטע צען יאָר אין דער מענטשלאַכער געשיכטע?

יאָ, עס איז מער ווי אַ צופאַל.

עס איז געווען אַ טעות אין פשט. מען האָט אַלע מאָל געלערנט אַז די פעדער איז שטאַרקער פון דער שווערד. פעדער און שווערד זיינען געווען היפּכים: די ערשטע — די נעגאַציע פונם צווייטן.

אָבער איצט פאַרדערט זיך אַ רעוויזיע אין דעם נוסח: ניט די פעדער איז שטאַרקער פון דער שווערד, נאָר די פעדער שטאַרקט די שווערד.

וואָרום דאָס בעסטע שלאַגן איז: דאָס וויסנשאַפט־לאַכע שלאָגן. דאָס וועט יעדער פשוט'ער קולאַק־העלד דער־ציילן. דערפאַר איז די גרויסע וועלט מלחמה געווען אַזוי גרויזאַם, ווייל זי איז געווען אַזוי וויסנשאַפטלאַך...

אומזיסט צו וועלן אַרויפוואַרפן די שולד נאָר אַף דער וויסנשאַפט. ד. ה. אַף דער טעכנישער וויסנשאַפט. עס איז ענגע קורצזיכטיקייט צו מיינען, אַז די וויסנשאַפט איז אַ זאַך פאַר זיך אַליין. די גאַנצע מענטשלאַכע קולטור איז איין גאַנצער אָרגאַניזם.

דער קולטור־מענטש איז אפשר אין אמת'ן גאָר אַן ערגערער סאָרט מענטש און אַ קולטור־פאָלק, קען זיין, איז אַן ערגערער סאָרט פאָלק, ניט נאָר ווייל די וויסנשאַפט גיט אים געפערלאַכע מיטל אין די הענט, נאָר אויך פון אַנאַנדער שטאַנדפּונקט, אַ ריין פסיכאָלאָגישן. קולטור איז ניט אַ זאַך וואָס שוועבט אין דער לופטן און הענגט אַף נישטיקייט. עס ליגט אָנגעזאַמלט ערגעץ אַף נערוון. בא הויכער קולטור זיינען די נערוון שווער באַלאָדן, שטייף

אַנגעצויגן, איבערגעשפּאַנט, געשטייגערט, ד. ה. קרענקלאַך, לייכט אויפרייצבאַר. און פון אויפרייצבאַרקייט ביז גרוי־זאַמקייט איז נאָר איין שריט.

וואָלטעיר זאָגט ערגעץ אין זיין ענציקלאָפּעדיע: עס איז שווער דער איבערגאַנג פון קושן מענטשן ביז עסן מענטשן. 1914 האָט באַוויזן אַז עס איז גרינגער ווי דער גרויסער סקעפּטיקער האָט זיך פאָרגעשטעלט. דער אייראָ־פּעער, וואָס האָט זיך היינט אַזוי העפלאַך פאַרנייגט ווען ער האָט אייך פאַרבייגייענדיק פאַרטשעפּעט דעם אַרבל, האָט אייך מאָרגן מיט אַ גאַנץ רואיקן געוויסן אָפּגעשאָסן די האַנט. ווייל ער איז אייראָפּעער און האָט אַ ביקס.

די צען קולטורעלסטע יאָר און די צען גרויזאַמסטע יאָר — דאָס איז מער ווי אַ צופאַל, מער אפילו ווי אַ פאַר־וואַנדשאַפט: עס איז אורזאַך און רעזולטאַט.

די קולטור האָט געמיינט זי האָדעוועט אַ טויב און אַרויסגעפלויגן איז אַ שפּאַרבער.

אָט דאָס האָט דער היינטיקער מענטש געלערנט זינט 1914. ביז 1914 האָט נאָך יעדע נייע דערפינדונג געבראַכט פרייד; זייט 1914 ברענגט זי שרעק. ווער וועט זיך דען אונטערשטיין צו באַהויפּטן, אַז די סומע פון גוטס וואָס אַלע „נייסן" האָבן געבראַכט, איבערשטייגט די סומע פון שלעכטס וואָס זיי האָבן אונז געגעבן? קיינער ניט. און יעדע נייע נייס און יעדע נייע דערפינדונג קען ניט אַנדערש ווי נאָר אונז פאַרשאַפן מער לייד ווי פרייד. וואָרום די וועלט קען ניט אַזוי גליקלאַך ווי זי קען אומגליקלאַך זיין.

און אַזוי שטייט דער מענטש פון היינט פאַרווירט פון דעם עבר, אין שרעק פאַר דער צוקונפט, אַלע פאָרמען פון זיין לעבן צעמישט.

די שווערסטע זאַך פאַרן מענטשן צו באַגרייפן איז — אומענדלאַכקייט, די גרעניצלאָזיקייט. דאָך האַלטן אימער

די גרעניצן פון זיין וועלט אין פאנאנדערפאלן און צורוקן זיך. געווען א גרעניץ — דער אטאם. אן אומבאגרייפ־לאכער באגריף, אבער פארט א גרעניץ, א ברעג, אן עק, א לעצטעס. היינט איז שוין דער דאזיקער קארגער אנשפאר אויך פון אונטער די פיס גערוקט. אן אטאם איז שוין ניט מער קיין אטאם, עס איז שוין גאר א גאנצע פלאנעטן־סיסטעם...

און אף יעדן אטאמען־פלאנעט, ווער ווייס, אפשר קומט פאר א וועלט־מלחמה...

פאנאנדערגעפאלן זיינען אלע גרעניצן פאר דעם מענטשן, אלע גרעניצן פון זיין פיזישער וועלט, אלע גרע־ניצן פון זיין מאראלישער וועלט, פאנאנדערגעפאלן אין א פארמלאזיקייט, אין א כאאס, וואס לאזט זיך פון דער קונסט גאר ניט אנעמען...

דאס לעבן איז שטענדיק געווען צו גרויס און צו טיף פאר ליטעראטור; היינט איז עס נאך גרעסער און טיפער געווארן.

זעט דעם חילוק: טעאטער אמאל און היינט. אמאל, אף דער שעקספירישער סצענע, איז געווען גענוג א ברעטעלע מיט אן אויפשריפט: „דאס איז א וואלד" און די אילוזיע איז געווען דערגרייכט. היינט, כדי צו מאכן אן איינדרוק, מוז מען אלע קונסטן רופן צו הילף. אמאל, אין גריכישן טעאטער, האט אסכילוס מיט דריי אקטיארן געקענט ברענגען זיין עולם אין רעליגיעזן עקסטאז; היינט, צו מאכן אן איינדרוק, מוז מען, אין ריינהארדט'ס „מיראקל", זיבן הונדערט אקטיארן האבן. אמאל האט יוריפידעס גענוג געהאט א דראמע פון געציילטע שורות; היינט, כדי דורכצוזעצן זיין געדאנק, מוז בערנארד שא גאנצע דריי נעכט פארנעמען.

ניט ווייל די קונסט איז קלענער געוואָרן, נאָר ווייל דאָס לעבן איז גרעסער געוואָרן. איז די קונסט במילא קלענער געוואָרן.

קליין־קונסט — דאָס איז דער ריכטיקער נאָמען פאַר גאָר אונזער שאַפן פון היינט. מעגן עס זיין די גראַנדיעז־סטע ספּעקטאַקלען, די דיקסטע ראָמאַנען, די העכסטע הימל־קראַצער — אין פאַרגלייך מיט די וועלט־פּראָבלעמען פון היינט שאַפט עס אַלץ דעם איינדרוק נאָר פון שטיקלאַך, פון צעברעקלטקייט. פון אַ מאָדערנעם קונסט ווערק הויכט קיינמאָל ניט מיט מאָנומענטאַלישקייט, מעג עס זיין ווי גרויס אין מאָס. בײַ אַן עק נויאָרק שטייט אַ געביי — גרענט'ס קבר. בײַם אַנדערן עק שטייט — די וואולוואָירט בילדינג. דאָס ערשטע איז אַ ליאַלקע געביי אין פאַרגלייך מיטן צווייטן. אָבער דאָס ערשטע איז אַ מאָנומענטאַלע קונסט, די צווייטע איז דאָך — קליין־קונסט. וואָרום? ווייל —

פאַר די מענטשן וואָס האָבן געבויט דעם קבר איז נאָך דער הימל כמעט אויף די קעפּ געלעגן; פאַר די בויער פון דער וואולוואָירט בילדינג איז שוין קיין הימל אינגאַנצן ניטאָ.

דערפאַר שוועבט אַרום דעם ערשטן: רו, עפּעס פון דער רו פון אייביקייט; פון דעם צווייטן — נערוועזיטעט: די נערוועזיטעט פון דעם היינט.

און ווי זאָל אַ היינט־קונסט לייזן אייביקייט־פראַגן?

דאָס לעבן איז צו גרויס געוואָרן פאַר קונסט...

צו גרויס, און אויך צו — הייליק!

די קונסט, האָט מען אַלע מאָל געגלויבט, איז אין איר עצם טבע אַ הייליקע זאַך. וואָרים ווי ווערט קונסט גע־

בוירן? אין באגייסטערונג, אין אינספיראציע. אָן אינ־ספיראציע — קיין קונסט.

און די מענטשלאַכע נשמה — האָבן מיר געגלויבט — קען זיך ניט באגייסטערן אַנדערש ווי נאָר פאַר דאָס גוטע, דאָס שיינע און דאָס אמת'ע — וואָס איינער זאָל ניט פאַר־שטיין מעטאפיזיש אונטער די דאָזיקע דריי באגריפן. דערי־בער איז דאָס רייך פון דער קונסט געווען — א הייליק רייך, א ממלכת כהנים.

אזוי האָט זיך אַלעמאָל געגלויבט; עס גלויבט זיך ניט מער...

צעטרייסלט געוואָרן איז דער גלויבן אין אָנהויב פונם קריג; אינגאנצן צעשמעטערט געוואָרן אין אָנהויב פון די רעוואָלוציעס.

אין אָנהויב פונם קריג — די באַרימטע מאַניפעסטן פון די געלערנטע און קינסטלער פון יעדן לאַנד קעגן די געלערנטע און קינסטלער פון יעדן קעגנערישן לאַנד; אין די רעוואָלוציעס — די שטעלונג פון דער קונסט אין רוסלאַנד און איטאַליע.

אין רוסלאַנד איז געשען א רעוואָלוציע, אין איטאַליע — א קאָנטער־רעוואָלוציע, פאַשיזם. זאָל זיך יעדער אויס־קלייבן וואָס אים געפעלט בעסער. אָבער איינס איז קלאָר: זיי זיינען ניט ביידע די זעלבע זאַך. איינס איז דער היפּוך פונם אַנדערן. איז איינס גאָט, איז דער אַנדערער טייוול.

וואָס האָט געטאָן די ליטעראַטור, די קונסט?

די יונגע קונסט אין רוסלאַנד האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע; די יונגע קונסט אין איטאַליע האָט זיך געוואָרפן אין די אָרעמס פון פאַשיזם.

איז איינס גאָט, איז דער אַנדערער טייוול. דינט די מאָדערנע יונגע קונסט — אי גאָט אי דעם טייוול צוזאַמען.

האָט זי איר קדושה פאַרלוירן... אין וועלכן־זשע זכות רופט זי דעם אַנטוישטן מענטשן צו זיך?

אַלע האָבן פאַרלוירן דעם קריג — דאָס בוך אויך. און דאָס בוך וועט נאָר דעמאָלט זיין פּרעסטיזש צוריק־געווינען ווען עס וועט פאַר זיך אַ נייע באַרעכטיקונג געפינען.

ווען עס וועט געפינען אַ נייעם אידעאַל און אַ נייעם אידעאַליזם, און דער עיקר — אַ נייע זעלבסטשטענדיקייט.

(1923)

# אינהאַלט